פרץ הירשביין

# פעלקער און לענדער

רייזע-איינדרוקן

פון נייזעלאַנד, אַווסטראַליע, דרום-אַפריקע

1922 — 1920

ווילנע — 1929

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

שוין פופצן טעג אויפן וואַסער. די ברעגעס פון סאַנ־פראַנציסקאָ זיינען פאַרשוואונדן פון דמיון. אין דער ענגער וועלט, וואָס אויפן שיף האָבן זיך נייע וועלטן אויפגעבויט, כאָטש אונזער שיף איז איינע פון די קלענסטע אויף די ווייטע ימען. מען איז שוין אויף דער דרומדיקער זייט. לאַנג דעם עקוואַטאָר איבערגעשניטן. אָבער מען זעט נאָך בייטאָג די מחנות פליענדיקע פיש, וואָס אונזער שיף טרייבט פון וואַסער אַלע ווײַלע אַרויס. און ביינאַכט שימערט אַזוי שטאַרק דער שוועבל אין די כוואַליעס.

עס איז פרייטאָג פאַרנאַכט. און די זון, וואָס האָט זיך טאָג נאָך טאָג געוואָרפן אין אָפּגרונט, אַ קאַרגע, ניט לאָזנדיק אפילו אויף אַ ווײַלע זיך באָדן אין איר פאַרבנשפּיל, זי האָט זיך איצטער צעגליט אַהינטער די ברעגעס פון וואָלקן און וואַסער, און ווינטיקע פאַסן צערייסן איר גלאַטקייט, צעפּאַסעווען און צעפּעדעמען איר ליכט.

אַזאַ גרויסע מתנה ים־פויגל האָט אויסגעקליבן צו באַגלייטן אַזאַ קליינע שיף ווי אונזערע! טראָגן זיך די אַלבאַטראָסן אַרום און אַרום, און די צוויי שמאָל־לאַנגע פליגל — איינער צום הימל און דער אַנדער פליגל מעסט מיט זיין שפּיץ דעם ים און זיינע כוואַליעס. גיסט זיך דער פּערלמוטער־קאָליר פון זיינע פליגל צום ים אַראָפּ. אינאיינעם מיט זיי אין קרייז שניידט די לופט אַ שוואַרצער אַלבאַטראָס, ער איז אָבער קלענער, דער קלענסטער אין דער מחנה. ער האַלט זיך כסדר אין קרייז:

— אַ פּאַראַזיט, אַ פאַרשאָלטענער. ער פוילט זיך אַליין צו כאַפּן דעם אָפּפאַל, וואָס די שיף וואַרפט פון זיך אַרויס. וויל זיך ניט שלאָגן איבער דעם, וואָס די קוכערס וואַרפן אין ים אַריין. ער פוילט זיך עס צו טאָן. נאָר אַז אַ ווייסער אַלבאַטראָס האָט געכאַפּט אַ פיינעם ביסן און זיך אָנגעשלונגען, דעמאָלט פליט ער אונטער, דער שוואַרצער, און דערלאַנגט אים אַ שטויס אין וואָליע, און דער ווייסער אַלבאַטראָס ברעכט אים אין ים אַריין אַלץ, וואָס ער האָט

מיט אַ ווילע פריער אַריינגעשלונגען. אַזוי דערנערט ער זיך דער שוואַרצער, דער פאַרשאָלטענער. אַ פּאַראַזיט.

אַזאַ מעשה צווישן די שיפער.

דער פאַרנאַכט צעגליט זיך נאָך שטאַרקער. אין אים וויבּרירן די קאַלטע, דרומדיקע ווינטן. אין זיגזאַגן ברעכן זיך די בּונטע קאָלירן. שטייט לעבּן מיר אַ יונג מיט פאַרקאַשערטע אַרבּל. ערגעץ אַרבּעט ער אין קיך, וואַשט די כּלים, און דער זונפאַרגאַנג האָט אים אויף דרויסן אַרויסגעבּראַכט. וויל מיט מיר פאַרציען אַ שמועס.

— אַ שיינער פאַרנאַכט.

— יאָ, אַ שיינער פאַרנאַכט.

— ווען אַ מאָלער וואָלט געמאָלן אַ פאַרנאַכט מיט אַזעלכע ווילדע, בּונטע קאָלירן, וואָלט מען אים געהאַלטן פאַר משוגע.

— אַזוי גאָר. און וואַשט די כּלים אויף דער שיף.

איך קוק אויף זיינע פאַרקאַשערטע, פאַרהאַרטעוועטע הענט און הער־צו זיינע רייד. שטענדיק זיינען פאַר מיר אַ מיסטעריע די אַלע לייט, וואָס בּאַגלייטן מיך אומבּאַמערקטערהייט אויף אַלע וועגן, איבּער אַלע ימען. פול מיט סודות איז דאָס וואַסער, וואָס ריזלט בּיי דער זייט פון שיף און וואָס קלייבּט צונויף די פורפור־פּאַסן פון דער שקיעה. וייל פון נעכטן אָן וועט אַן אומעט איבּער אונז אַלעמען. דער מאַטראָס וואָס לעבּן מיר שפּירט אויך דעם איינגענעם אומעט:

— זינט דער יאַפּאַנער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין, האָבּן די פּאַסאַזשירן אויפגעהערט צו עסן. מען בּרענגט פון טיש צוריק דאָס גאַנצע עסן. מען שליידערט עס אין ים אַריין. עס לעבּן אָפּ די אַלבּאַטראָסן.

און מיר דעם יידן, איז אַזוי שווער צו פאַרשטיין און שווער צו פילן, פאַרוואָס דער יונגער דאָקטאָר פון יאַפּאַן האָט זיך בּאַ־דאַרפט נעמען דאָס לעבּן, אויבּ איין דאַמע האָט געזאָגט מוסר דער אַנדערער, פאַרוואָס זי שעמט זיך ניט צו זיצן און רעדן מיט אַ געלן יאַפּאַנער. אַ דאָקטאָר איז ער געווען. עלעגאַנט און יונג. האָט ער זיך פאַרשפּאַרט אין זיין קאַבּינע און האָט קיינעם ניט צוגעלאָזן

צו זיך. דריי טעג האָט ער געלעבט אין איינזאַמקייט, ניט אָנגע־רירט די שפּייז, וואָס מען האָט אים אַריינדערלאַנגט, ביז זיין שטאָליץ האָט אים דורכן קליינעם פענסטערל אַריינגעשליידערט אין ים אַריין.

אָבער מען ווייסט שוין, אַז איך בין אַ ייד און אַז מיין באַגלייטערין איז ניט קיין שפּאַניערין. אונזערע פריינט האָבן זיך געביטן. עס לעבן דאָ אויך נאַציאָנען און ראַסן. דער גלח פון מעלבאָרן לאָזט אַראָפּ די אויגן, אַז איך גיי פאַרביי, און זיין פרומע ווייב האָט אויפגעהערט צו זאָגן גוט מאָרגן. זייערע צוויי קינדער האַלט מען ווייט פון אונזער ווינקל. און דאָך ציט זיך דער וועג אַלץ ווייטער צו דרום־זייט.

עס איז פרייטאָג־צונאַכט. מיין באַגלייטערין האָט אָנגעצונדן ליכט אין קאַבינע. אויף דעם ווייסן בויגן פּאַפּיר אויפן טיש שפּאַצירן אַרום גרינע פליגעלעך, גרויס ווי משה־רבינוס קיעלעך. דאָס זיינען זיי אַמאָל אינאיינעם מיט קאָקאָ־ניס־שאָלעכצער גע־פאָרן קיין אַמעריקע, און איצט ציען זיי זיך צוריק אַהיים, און האָבן שוין לאַנג זייער היים אַריבערגעפאָרן.

מען קלאַפּט אין טיר.

דאָס איז די דאַמע, וואָס איר שטול אויפן דעק איז לעבן אונזערע. אַן אידעלע, מיט שפּאַנישע שטריכן אין פּנים. לעבן איר וואַכט שטענדיק איר הויכער, שווערער מאַן, אַן אירלענדער. און אַזוי גאָר אומגעריכט איז זי איצטער געקומען. און בלייבנדיק אין טיר, גיסן זיך אירע אויגן אָן מיט טרערן.

אַזוי אומגעריכט. און איר שטימע ציטערט:

— איך האָב געוואוסט, אַז איר זייט יידן. דערשפּירט, אַז ביי אייך בענטשט מען געווים ליכט. אַזוי האָבן די ליכט געברענט ביי מיין מאַמען יעדן פרייטאָג־צונאַכט. אָ, ווען מיין מאַן זאָל עס וויסן, אַז איך בין איצטער ביי אייך! ער האָט מיך זייער ליב, זייער ליב. נאָך איך ווינטש ניט קיין איין יידישער טאָכטער, זי זאָל חתונה האָבן מיט איינעם, וואָס איז ניט קיין ייד.

אירע טרערן האָבן געפלאָסן איבערן פּנים און די ליפּן האָבן געציטערט:

— ניין, איך ווינטש עס ניט קיין איין יידישער טאָכטער.

און נאָך שווערער איז מיר געוואָרן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער יאַפּאַנער האָט זיך געוואָרפן אין ים אַריין, איבערלאָזנדיק אַזאַ אומעט אין אונזער וועלט צווישן הימל און וואַסער...

און דער וועג ציט זיך, ווייטער, ווייטער צו דרום־זייט.

## טאַהיטי.

### 1.

דורות־לאַנג האָט דער אָפּגרונט געציטערט און מיט פייער און לאַוואַ געשפּיגן און דער שטילער ים האָט די פלאַמען אין זיינע אָרעמס געלאָשן. און די אויסגעלאָשענע לאַוואַ האָט זיך גע־הורבעט און געוואַקסן, ביז עס זיינען די וואולקאַן־אינזלען אויסגע־וואַקסן, אינזלען, וואָס זעען אויס, ווי כוואַליעס פאַרגליווערטע. כוואַליעס, וואָס האָבן ביז צו די וואָלקן דערגרייכט און אויף אייביק שטיל געוואָרן. אויף אייביק דעם אָטעם איינגעהאַלטן.

— טאַהיטי. —

זיבעצן טעג האָט זיך די שיף געריסן צו דרום־זייט.

זיבעצן טעג, זינט דער ברעג פון סאַנפראַנציסקאָ איז פאַר־שוואונדן געוואָרן אין גרויען נעפּל.

טאַהיטי, טאַהיטי. עס פאַרחלשט דאָס געמיט אין דער היץ פון עקוואַטאָר־געגנטן און די ליפּן שעפּטשען: טאַהיטי, טאַהיטי.

עס איז שוין דער אַכצנטער טאָג, וואָס די זון קלייבט זיך אַריבער צו מערב־זייט און ווערט ביים ראַנד פון הימל און ים איינ־געזונקען. אָבער איצטער, דאָרט, וואוהין די זון קלייבט זיך צו פאַרגיין, דאָרטן, פון די בלויע וואַסערן אַרויס, וואַקסט אַרויס דער אינזל טאַהיטי, גרוי־גרין און איינגעוויקלט אין די ברעגעס פון בלויען הימל. אויף זיין העכסטן שפּיץ רוט אַ ווייס פאַרחלומטער וואָלקן און דער פאַרנאַכט צינדט זיינע ברעגעס.

איך דערנענטער זיך, דערנענטער זיך צו אים און אַלץ גרינ־גער ווערט די גרויקייט זיינע. אַלץ צעבראָכענער ווערט די גאַנצ־

קײט זײנע. פולטער װערן די קאָנטורן פון טאַהיטי און טיפער־
עפענען זיך די אָפּגרונטן צװישן כװאַליע־באַרג און פעלזן־באַרג. און
איבער די אָפּגרונטן שװימט אום אַ גרינקײט און בײם זײט פורפור־
און אָראַנזש־שטראָמען. און דער צעבראָכענער אינזל טאַהיטי װערט
װידער אײנס און גאַנץ און די גרינקײט גיסט זיך אַראָפּ ביז צום
ים אַראָפּ.

ניט קײן אינזל באַװײזט זיך פון װײטן.

— אַ געזאַנג הײבט זיך אַרױס פון ים אַרױס. אַ געקײטלטער
בערג־כאָר זינגט דאָרט אַזױ ליכטיק דאָס גרין־גרינע געזאַנג.

עס בלאַנקט אַרום דעם אינזל, אין אַ רינג אױסגעבױגן אַ
װײסער שנור, װאָס װיגט זיך איבער דער בלױקײט פון ים. דאָס
איז אַ קאָראַלנװאַנט, װאָס הײבט זיך אַרױס פון אָפּגרונט, דער
רוקן פון אַ קאָראַלנפעלז, װאָס האָט זיך אױסגעבױגן אַרום דעם
אינזל און איבער אים װערן אָן אױפהער די כװאַליעס צעשלאָגן.
אַמאָל אױך װערן דאָ שיפן צעשלאָגן. די קאָראַלנװאַנט האָט פאַר־
צאַמט דעם װעג צום אינזל, נאָר אײן טירעלע אַ שמאָלס, נאָר אַ
שמאָלס אױפגעעפנט און בלױז אַ קאַפּיטאַן מיט אָדלער־בליקן, בלױז
אים געלינגט דורך דעם קאָראַלן־טױער דורכצונעמען זײן שיף צו
די שטילע װאַסערן, װאָס װאַשן די פיס פון טאַהיטי.

פּאַפּיטי — אַזױ האָבן די קינדער פון טאַהיטי אַ נאָמען
געגעבן יענעם שטילן װאַסער. פּאַפּיטי — דאָס װאַסער־קױשל. װײל
װי אין אַ װאַסער־קאָשיק זעט אױס דאָס שטילע װאַסער בײם
אינזל אַרום טאַהיטי, אַרומגערינגלט מיט דער קאָראַלן־װאַנט, איבער
װעלכער עס װערן טאָג און נאַכט צעשלאָגן די כװאַליעס.

טאַהיטי — און פון דער רעכטער זײט רײסט זיך אַרױס פון
װאַסער אַ שװעסטער־אינזל מוריאַ. אָבער ניט קײן אינזל איז
מוריאַ. עס איז אַ מחנה ספינקסן, װאָס האָבן בײם אָפּגרונט זײערע
פונדאַמענטן און האַלטן זײערע קעפּ אײנגעװיקלט אין די װאָלקן.
אַ מחנה ספינקסן, װאָס האָבן זיך אַהער פאַרקליבן און באָדן דאָ
זײערע מחשבות אין די בלױע װאַסערן.

טאַהיטי און מוריאַ, צװײ שװעסטער־אינזלען, אָבער די שיף
נױגט זיך אָפּ פון דער מחנה ספינקסן און דערנעענטערט זיך צו

טאַהיטי. די קאָקאָס-פּאַלמען הייבן זיך אַרויס מיט זייערע גלייכע געטאָקטע שטאַמען און גרינע לולב-קרוינען. פון צווישן די לולב-בלעטער לויכטן זיך אַרויס די קאָקאָס-ניס. באַווייזן זיך הייזער מיט רויטע דעכער. שטייען בוימער אינגאַנצן אַיינגעטונקט אין צונטער-רויטע בליטן און בלוט-רויטע בלומען.

עס פאַרנייגט זיך די זון און דער וואָלקן איבער דעם העכסטן שפּיץ פון טאַהיטי צינדט זיך אָן מיט אָראַנזש-און וויין-קאָליר און זינגט אינאיינעם מיט די גרינע-גרינע בערג שפּיצן.

עס אָטעמען שוין מיינע לונגען דעם שטויב פון טאַהיטי און דעם ריח פון די בלומען פון טאַהיטי. איך גיי שוין אַרום אין די גאַסן פון טאַהיטי. עס גרויסן זיך די טריט מיט זייער אייגענעם קלאַנג און עס שפּירט דאָס האַרץ דעם אָטעם פון דער ערד. רעכטס, לינקס — בוימער, מידע, געבויגענע אונטער זייער אייגענער בלומען-משא. עס בליען בוימער און הויכן אויס זייער לײדנשאַפט דורך די ברייט-צעעפנטע בלומען. דאָס זיינען בלומען, וואָס בליען אויף אין פרימאָרגן און ווערן אין אָוונט פאַרוועלקט. ברייט און גרויס און רויט און געל און בלוטיק עפענען זיי אויף זייערע הערצער און ווערן אין זייער אייגענער לײדנשאַפט פאַרוועלקט, ווי נאָר די זון פאַרגייט אין מערב-זייט.

אָ, ווי ברויט ס'זיינען אויפגעעפנט די בלומען פון טאַהיטי, און ווי רויט איז זייער רויטקייט, און ווי בלאַס איז זייער בלאַסקייט פון דער טיערע-טאַהיטי: די בלום פון טאַהיטי, וואָס סיי בחור און סיי מיידל גייען אין פרימאָרגן אַרויס מיט קראַנצן אויף זייערע קעפּ, קראַנצן געפלאָכטן פון בלאַס-ווייסע און גרין-בלאַסע טיערע-טאַהיטי — די בלום פון טאַהיטי.

אָבער פאַרוואָס איז מיר אַזוי טרויערדיק, ווען איך גיי איצטער פאַמעלעך דורך געסלעך פון טאַהיטי אין אָוונט-ליכט, ווען איך שפּרייז צווישן די שטילע בלומען-ווענט, וואָס טיילן אָפּ הויז פון גאַס? צי דערפאַר, וואָס דאָ האָט אַמאָל געהערשט געזאַנג און טאַנץ, די הולאַ האָט געוועלטיקט און איז שטיל געוואָרן? און די טעכטער און די זין פון לאַנד, וואָס האָבן זייערע לייבער געכאָוועט שלאַנק צו זיין, פלינק צו זיין, צו זיין בויגיק און פול

מיט געזאַנג און טאַנץ, און אַט די לייבער זיינען איצטער אין שמאַטעס איינגעוויקלט. —

פאַרוואָס איז מיין געמיט אַזוי טרויערדיק?

טאַהיטי — אַהער האָט דאָך גאָגען, דער גרויסער פראַנצויזישער מאָלער, דער סוד פון אונזער צייט, די פאַרבן־פרייד פון אונזער צייט, אַהער האָט ער דאָך זיין איינזאַמקייט אַריבערגעבראַכט און פאַרפלאַנצט.

האָבן דאָך אין זיין אָנקומען אויך די ביימער אַזוי געבליט. האָבן דאָך שוין דעמאָלט אויך מיט ליידנשאַפט געבליט די בלומען אין טאַהיטי. און אפשר טרעט איך אין זיינע טריט, וואָס זיינען דאָ ברייט און לייכט פאַרצייכנט געוואָרן.

גאָגען — דער רויט־בערדיקער ביינערדיקער און מיט ווילד בלוט אין זיינע אָדערן — די בלוטיקייט פון די טאַהיטער וואַסערן און גרינקייט פון די טאַהיטער בלעטער, און די רויטקייט פון די טאַהיטער בלומען האָט ער געטרונקען, זיין ווילד בלוט ווילדער מאַכן, זיין איינזאַם בלוט איינזאַמער צו מאַכן, ביז עס האָט די בייזע צרעת זיך איינגעגעסן אין זיין לייב.

עס ווייס די אַלטע וועלט, אַז ער איז געשטאָרבן און מען האַנדלט מיט זיינע פריידיקע פאַרבן אויף גאַר דער וועלט, אין אַלטע און נייע וועלט־טיילן. —

אפשר לעבט ערגעץ־וואו אין די שפאַלטן פון די טאַהיטער בערג אָט דער רויט־בערדיקער פאול גאָגען. עס זיינען זיינע פינגער לאַנג פון דער בייזער צרעת אויפגעפרעסן געוואָרן און זיינע אויגן זיינען פון די נעסטן אויסגערונען, אָבער דאָס ווילדע בלוט זינגט נאָך די רויטקייט פון די טאַהיטער בלומען און דאָס האַרץ ציטערט דעם לעצטן ציטער ערגעץ צווישן די בלאַס־ווייסע און גרין־ווייסע טיערע־טאַהיטי. און דעריבער כאַפּט אַרום אַזאַ טרויער. דעריבער וויל דער אָוונט גאַר ניט טונקל ווערן.

טאַהיטי — דאָ האָבן געטער געוואוינט, פאַר דער צייט אויסגעשטאָרבן און אויף יעדן טריט און שריט וויינט דאָס האַרץ אויף זייער גורל.

.2

די פרוי פון טאַהיטי טראָגט אַ שטענדיקן דרעמל אַרום אירע אויגן און אין דרעמל-נעסט צערטלט זיך אַ חלום.

די פרוי פון טאַהיטי טראָגט אַ פאַרבאָרגענע תאווה אַרום אירע אויגן, וואָס ליגט זיך שווער אָן אויף די ברעמען און וואַרפט אַ ווייכן שאָטן אויף די שוואַרץ-שוואַרצע אויגן. די ליפּן עטוואָס אויף דרויסן אַרויספאַרוויקלט און מיט אַ שאַרפן זוים אַרומגעזוימט, די זיסקייט און ליכטיקייט פון דער האָניק-זיסער און ליכטיקער טאַנגאָ ליגט אַרום די ליפּן. עס איז איר פּנים נישט ברוין, נאָר בלייך פאַרברענט פון אַ ווייסן פייער, וואָס צינדט די לייבער ביי די קינדער פון טאַהיטי.

און דער מאַן — זיינע אויגן זיינען וואַך און אָפן. זיינע שוואַרצע אויגן גלאַנצן און באַטראַכטן דעם ברוינעם קערפּער, צערטלט זיך מיט די נאַקעטע אָרעם-מוסקלען און וואַרעמט אין דער זון די פול-אויסגעברייטע ברוסט.

אָבער נאָר אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל, אין די שפּאַלטן פון די בערג קאָנט איר זיי נאָך טרעפן אין זייער אייגענער געשטאַלט. עס קען דער מאַן זיך נישט שיידן מיט זיין אייגן לייב און ביז צו די לענדן איז זיין לייב אָפּגעדעקט. אָבער נישט אין גאַס, אויפן מאַרק. —

די מיסיאָנערן האָבן צו דער פרוי געקראָגן די גאַנצע שליטה, אויך האָבן איר לייב צוגעדעקט. די פרוי טראָגט אין גאַס אַ לאַנגע קלייד ביז צו די שפּיץ פינגער פון די באָרוועסע פיס, און מיט אַ קאָלנער, וואָס פאַרדעקט דעם גאַנצן האַלז. קאַטויליש. עס זעען זיך בלויז אַרוים באָרוועסע פאַרשטויבטע טריט און אַ פּנים, וואָס זאָגט עדות אויף אַ קערפּער, וואָס ווערט פאַרברענט אין אייגענעם פייער. דער מאַן טראָגט אין גאַס די אייגענע שמאַטעס, וואָס דעקן צו אונזער בלייכן קערפּער און זאָפּן איין זיין בלאָטיקן שווייס. איך ווייס נישט, צי די וואָס האָבן צו זיי געבראַכט די אמונה פון די ווייסע האָבן אויך געבראַכט צו זיי די קראַנקהייטן פון דער ליבע. איינס איז אָבער קלאָר און זיכער, אַז אינאיינעם מיט דער אמונה, דער נייער, הייבט זיך אָן דער אונטערגאַנג פון די

פאָלאָנעזיער שבטים. די קינדער פון טאַהיטי ווייסן נישט די היסטאָריע פון זייער זיין. ווייסן נישט די געשיכטע פון זייער אָנקומען. עס האָט אָבער דער ווייסער מענטש אָנגעצייכנט די היסטאָריע פון זייער אונטערגאַנג. און די היסטאָריע פון זייער אונטערגאַנג הייבט זיך אָן פון דעם טאָג, וואָס דער ווייסער מענטש האָט דאָ זיין פוס אַוועקגעשטעלט. צו דער פרוי האָט זיך מער ווי צום מאַן דער נייער גלויבן צוגעקלעפּט און דורך דער פרוי האָט מען צום מאַן די קראַנקהייטן פון דער ליבע איבערגעשיקט.

ווי קלאָר עס זיינען די סימנים פון זייער אונטערגאַנג דעמאָלט, ווען מען זעט זיי אין די גאַסן פון טאַהיטי אויסגעמישט מיט די אייראָפּעער — אויסגעווייקטע, פאַרחלשטע פראַנצויזן, אָדער דעמאָלט, ווען זיי קומען אַרויס אויפן מאַרק צו פאַרקויפן זייערע גרינסן און פירות, אָדער דעמאָלט, ווען זיי ציען זיך מיט פרומע באַוועגונגען אין קלויסטער אַריין. וואָרעם וואָס פאַר א פנים האָט די פרוי פון טאַהיטי אין איר לאַנגן שוואַרצן קאַטוילישן בגד, וואָס ציט זיך פון אונטער דער גאָמבע ביז צו די פאַרשטויבטע פינגער פון די פיס? אונטער יענע קליידער קילט דאָס בלוט און שטאַרבט דאָס האַרץ. אונטער יענע קליידער וועלקט דאָס לייב און פאַלט איין די ברוסט. אונטער יענע קליידער וועלן אונטערגיין און אויסגעלאָשן ווערן די קינדער פון טאַהיטי מיט זייער קערפּערלעכער שיינקייט, וואָס צו די געטער פון אַלטן גריכנלאַנד איז זייער שיינקייט געגליכנט געווען.

מיט הונדערט זעקס און פערציק יאָר צוריק האָט קאַפּיטאַן קוק אויפגעזוכט טאַהיטי און פאַר שפּילצייג געקויפט די ליבע פון די קינדער פון טאַהיטי. מיט דער הילף פון זיינע מאַטראָסן האָט ער איבערגעלאָזט אין די בלוטן פון די פרויען קראַנקהייטן. און בלויז מיט אַכט און זיבעציק יאָר צוריק האָט אַ פראַנצויזישער אַדמיראַל פאַרנומען דעם אינזל פאַר פראַנקרייך. איז עס געוואָרן פראַנצויזיש. זיצן דאָ פאָרשטייער פון פראַנקרייך און זויגן דאָס הייסע בלוט פון טאַהיטי און ווערן אַליין אַלץ בלייכער און בלייכער. האָבן ביים ברעג ים אויסגעלייגט גאַסן שמוציקע. אויפגעעפנט זייט ביי זייט קראָמען, וואו כינעזער, אַזעלכע כיטרע, שלעפּן ביי

דער האַנט דעם קונה, ער זאָל קויפן בײַ זײַ די ביליקע געפּאַרבטע, פּלומרשטדיק ווײַדענע קלײדער און בלעכענע צירונג. איך שטעל מיר פֿאָר דעם ברעג ים, וואו איצט ציען זיך די שמוציקע גאַסן מיט די קראָמען, איך שטעל מיר פֿאָר, ווי ער האָט דעמאָלט אויסגעזען, ווען קאַפּיטאַן קוק האָט זיך מיט זײַן שיף דורכגעשלײַכט דורך דעם שמאָלן קאָראַלן-טויער און איז אַרײַן אין דעם וואַסער-קוישל, וואָס וואַשט די פּיס פֿון טאַהיטי. אפשר האָט דעמאָלט דער פּאָלינעזיִשער שבט, די קינדער פֿון טאַהיטי — אפשר האָבן זײַ דעמאָלט געטאַנצט די הולאַ, און די קערפּערס פֿון די יונגע מײדן און פֿון די יונגע בחורים האָבן זיך אין וויכער געדרײט, טאַנצנדיק דעם שטורעם-טאַנץ, געוואָרפֿן פֿאַראויס גראַציעז דעם קערפּער אין דעם שווים-טאַנץ, אָדער פֿרײַ געלאָזט אין ווינט די שוואַרצע לאַנגע האָר, געלײַטערט אין דער זון די פֿולע ברוסטן, טאַנצנדיק דעם קאָקאָ-נוס-טאַנץ.

עס האָט נאָך דעמאָלט מאַנטשעסטער נישט געוועבט און נישט געדרוקט פֿאַר זײַ די ביליק-רויטע און ווײַס-געקווײטלטע ציצענע פּאַריאָ, דאָס לײַב אַײַנצוּוויקלען. אַלײן, אַלײן האָבן זײ נאָך פֿאַר זיך געוועבט די פּאַריאָ, פּונקט ווי זײ פֿלעכטן אַלײן פֿאַר זיך יעדן טאָג אַ קראַנץ פֿון די גרין-בלאַסע טיערע-טאַהיטי.

אָט די לופֿטיקע ביידלעך פֿון באַמבוק-שטעקלעך און דער דאַך געדעקט מיט לולבים, וואָס מען טרעפֿט נאָך דאָ און דאָרטן פֿאַררוקט אין אַ ווינקל פֿון באַרג און וואו בגנבה דעקט אָפּ מאַן און פֿרוי אַ טײל פֿון לײַב צו לאָזן, אַז דער ווינט פֿון ים זאָל עס גלעטן — אָט די ביידלעך האָבן זיך געווים דעמאָלט געצויגן איבער דער גאַנצער לענג פֿון ברעג. אַלט און יונג האָט געקילט דאָס לײַב אין בלויען וואַסער פֿון טאַהיטי.

איצטער שפּאַצירט בײַם ברעג אַרום אַ גלח אין זײַן שוואַרצן לאַנגן בגד, אין אַ ווײַסן איבערגעדרײטן קראַגן און הײליקט דעם ברעג מיט זײַנע טריט. איצט גײט אַרום אַן אַלטע פֿרוי אײַנגעוויקלט אין שנאַטעס, אַ קינד פֿון פּאָלינעזער שבט, און רויכערט אַ פּאַפּיראָס אָדער אַ ליולקע. זײער געזאַנג האָט מען פֿאַרשלעפּט אין קלויסטער אַרײַן, געוואָרן פֿאַרוואַנדלט אין דעם פֿרומען הימן. איצ-

טער טאַנצט מען שוין מער נישט אויפֿן ברעג. אַרום ברעג דרייען זיך אַרום בעטלער און קוקן אַרויס צו די שיפֿן, וואָס קומען פֿון ווייטע, ווייטע לענדער, גאַסן־מיידלעך, וואָס קוקן אויס די ליבע פֿון מאַטראָסן.

אַרום צוועלף אַ זייגער ביינאַכט קומען אָן פֿון די בערג די טאַהיטיער מענער, פֿרויען, און ציען זיך אין שטאָט אַריין. אַזוי שטיל קומען זיי אָן, שלייכן זיך, ווי שאָטנס דורך די שטילע, הייסע געסלעך. דאָס ציען זיי זיך צום מאַרק, וואָס הייבט זיך אָן פֿאַר זונענאויפֿגאַנג. זיי קומען פֿון די בערג און ברענגען די פּירות פֿון די בערג. בינטלעך באַנאַנעס און בינטלעך אַפּעלסינען, מאַנגאָס און אַוועקאַדאָ־באַרנעס און יעדערער מיט זיין ביסל פֿרוכט שפּאַרט זיך ערגעץ־צו הינטער אַ וואַנט און דרעמלט ביז עס הייבט אָן צו טאָגן; ביז עס הייבט זיך אָן דער מאַרק, ווען די ווייסע און די מיט האַלב פֿאָלינעזן־בלוט געמישטע קומען אַרויס מיט געדרוקטע פֿראַנצויזישע פֿאַפּיר־געלט און אין איין שעה ווערט אַלץ אויספֿאַרקויפֿט. נישטאָ קיין באַנאַנעס, מאַנגאָס און אַוועקאַדאָ־באַרנעס. בלייבן בלויז די באָרוועסע מיידלעך אָדער טאַטעס. בלייבן מענער מידע, פֿאַרוועלקטע. שפּעטער זעסטו זיי אין די קראָמען פֿון די כינעזער, טאַפּן און באַטראַכטן די ציצענע קליידלעך. שפּיגלען זיך און שפּילן זיך מיט בלעכענע צירונג. זייער אונטערגאַנג דערנענטערט זיך פֿון שעה צו שעה.

איך בין געזעסן לעבן זייערס אַ באַמבוק־הייזל צופֿוסנס פֿון באַרג, אַ מייל פֿון שטעטל. טאַטע־מאַמע האַלב־נאַקעט און קינדער אינגאַנצן נאַקעט. מיט די אויגן דריקן זיי מיר אויס ליבע, צוטרוי, פֿריינטלעכקייט. אין טייכל ביי דער זייט צוואָגט אַ מאַמע איר קינד. פֿון ווייטן טראָגט זיך דער גערויש פֿון די כוואַליעס, וואָס ווערן צעשלאָגן איבער דער קאָראַלן־וואַנט. און דער גערויש איז אַזוי ענלעך צו דעם גערויש פֿון דעם ניאַגאַראַ־וואַסערפֿאַל. נישט ווילנדיק טראָגט זיך אַוועק דער געמיט מיטן גערויש ווייט, ווייט, אַזש צו די ברעגעס פֿון אַמעריקע־לאַנד, וואו די אינדיאַנער שבטים גייען אַזוי אונטער, זינט די ווייסע האָבן זיך צו זיי דערנענטערט. איך קוק צו די קליינע, נאַקעטע קינדערלעך, וואָ

שמייכלען צו מיר אַזוי לוסטיק. איך קוק צו די געטאָקטע גלידער פון דעם מאַן און צו דער מיידל, דאָרט אין ווינקל פון אירביידל, און עפּעס קלעמט אין דער שטיל:

עס וועלן אַמאָל די פונדאַמענטן פון טאַהיטי ווידער אויפ־ציטערן און די פייערן, וואָס רוען אין דער טיפעניש, וועלן ווידער מאַכן זייער וועג דורך די קאַלטע פאַרשאָטענע קראַטערס — אפשר וועט דעמאָלט ווידער זיך אויפכאַפּן דאָס פאַרלאָשענע בלוט אין די אָדערן ביי די קינדער פון דעם פּאָלינעזישן שבט. —

די קינדער פון טאַהיטי.

## אַ מענטש שטאַרבט.

דער גרייז־גרויער דאָקטאָר פון שיף, אַן אירלענדער, איז צו מיר צוגעגאַנגען און שטיל פאַרטרויט אַ סוד:

— ער איז אויסגעגאַנגען. איך בעט אייך דערציילט עס ניט קיינעם. בעסער פאַר די פּאַסאַזשירן ניט צו וויסן.

— און זיין לוויה?

— היינט נאָך האַלבער נאַכט, ווען דער עולם וועט שוין שלאָפן. אָבער איך בעט אייך נאָך אַמאָל דערציילט עס קיינעם ניט. און איר ווייסט, מאָדנע, זינט אונזער קאַפּיטאַן האָט איבער־גענומען די דאָזיקע שיף, טרעפט כמעט אויף יעדער רייזע, אַז אַ מענטש זאָל שטאַרבן. און כאָטש איך בין אַן אַלטער דאָקטאָר, נאָר אויפן שיף האָב איך עס ניט ליב.

אַדאַנק מיין פריינטשאַפט מיטן אַלטן דאָקטאָר, האָב איך זיך דערוואוסט פון אַ סך שיף־סודות, אָבער די נייס, אַז דער ריז, וואָס האָט זיך דעם גאַנצן וועג אַזוי געעקשנט, ניט געוואָלט זיין קיין הייצער, אַז ער איז אויף אַזאַ טרויערדיקן אופן אויסגעגאַנ־גען — אָט די נייס האָט מיר אויף אַ ווײַלע פאַרשאָטנט די ליבטיקע רייזע. וואָרעם יעדעס מאָל, ווען ער איז אַרויסגעקומען מיט זיינע קאָלענן פון שיפס טיפעניש, אַ פאַרמורזעטער נאָך זיי־נע פיר שעה ברענען זיך ביי די אויוונס, האָט זיך זיין גרויסע

ביינערדיקע און מוסקוליעזע פיגור אַרויסגעטיילט, און מער פון אַלץ האָט געשטאָכן די פאַרבאָרגענע שרעק פון זיינע אויגן.

נאָך ביים פאַרלאָזן סאַנפראַנציסקאָ איז אונזער שיף מיט אַמאָל געבליבן שטיין ניט ווייט פון האַפן. געוואַרט אויף עפּעס. און שפּעטער האָט מען דערציילט, אַז איינער פון די הייצער האָט זיך באַהאַלטן אויפן ברעג און מען האָט געשיקט נאָך אים. ערשט אַז מען האָט אים געבראַכט מיט גוואַלט, האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

דאָס אייגענע איז געווען, אַז מען האָט געדאַרפט פאַרלאָזן דעם אינזל טאַהיטי. שוין ביי אַ האַלבן מייל פון ברעג האָט מען זיך געכאַפּט, אַז ער איז ווידער פאַרפאַלן געוואָרן. די שיף האָט זיך פאַראַנקערט און שטום געוואַרט. און אַ מחנה היי-פיש האָט זיך צונויפגעקליבן אַרום שיף. האָבן אויך אויף עפּעס געוואַרט. אים האָט מען אויפן אינזל געפאַקט. אָרטיקע פּאָליציי, פּאָלינעזער געזונטע יונגען, האָבן אים געבראַכט אַ געבונדענעם אין אַ קליין שיפל און מיט גוואַלט אים אַרויפגעשלעפּט צו אונז. ער איז געזעסן צווישן די אויסלאָדונגס-מאַשינען שטיל. זיך מער ניט געוועהרט. מיט אַ ביטערן שמייכל און מיט עקל האָט ער באַטראַכט דעם עולם נייגעריק אַרום. פון אונטער דער צעריסענער העמד, וואָס אויף זיין ברייטער, האָריקער ברוסט, האָט אַרויסגעקוקט אַ בלוי-טאַטויִרטער אַנקער. אַ יאָר דרייסיק איז ער אַלט געווען. אַנקערס זיינען געווען אויסגעטאַטויִרט אויף זיינע שווערע אָרעמס.

אָבער ווי נאָר די שיף האָט זיך אָפּגעריסן פון אַנקער און גענומען זיך לאָזן אין אָפענעם ים אַריין, איז ער אויפגעשפּרונגען פון אָרט, ווי אַ פאַרוואונדעטער טיגער, אַריינגעשפּרונגען אין ים אַריין און זיך געלאָזט שווימען צום ברעג. אַ פחד-אויסגעשריי האָט זיך ביי אַלעמען אַרויסגעריסן. מען האָט געציטערט, אַז די היי-פיש זאָלן אים ניט צערייסן אויף שטיקער ביז ער וועט זיך דערקלייבן צום ווייטן ברעג. און ער איז אַלץ געשוואומען און געשוואומען, געלייגט קלאַפּטער מיט גבורה און זיך אַלץ דערנענטערט צום ברעג. מען איז ווידער געבליבן וואַרטן. און ווידער האָבן אים די אייגענע פּאָלינעזער געזונטע יונגען געבראַכט צו אונז אַ גע=

בונדענעם. עס האָט ניט געהאָלפן. ער האָט געמוזט טאָן די אַרבעט, צו וועלכער ער האָט אַליין פאַרקויפט זיין לעבן מיט יאָרן צוריק און וואָס איצטער האָט זי אויף אים אַזאַ פחד אַרויפגעוואָרפן.

און ביי מיר איז מיט אַמאָל שטאַרק געוואָרן דער חשק, איך זאָל זיך אַראָפּלאָזן אין דער מאַשינען-אָפּטיילונג פון שיף, וואו די קעסלען זידן, וואו עס הייצן זיך די אויוונס און פון וואַנען אַזעלכע זיילן רויך קייקלען זיך אַרויס און וויקלען זיך אַרום אונזער שיף.

די מאָדערנע שיפן מיט די טורבינען, וואָס ווערן באַהייצט מיט אייל. זיי האָבן פאַרקלענערט דעם מעטאַלענעם גערויש פון די מאַשינען און כמעט אינגאַנצן אָפּגעשאַפט די פייערלייט. אָבער אונזער שיף לעבט נאָך אינגאַנצן מיט דער אַלטער מאָדע. צוואַנציק אויוונס ווערן געהייצט אין דער טיף, וואָס וואַרעמען די קעסלען. נאַקעט, ביז צו די לענדן, שטייען די הייצער אין דער אָנגעגליטער גרוב פון שיף. יעדע עטלעכע מינוט עפנט מען אויף אַ טיר אין אויוון, פון וואַנען עס רוישן ווילד-צעשויבערטע פלאַמען און מיט אַ שווערן אַייזערנעם דראָנג רודערט מען פונאַנדער די צעגליטע שטיין-קוילן. קוילן פרישע שאָפּלעוועט מען אין פייער אַריין. מענטשן טוען די אַרבעט.

דער גערויש פון די מאַשינען האָט מיט זיין מעטאַל מיר געשטאָכן די נערוון. און די היץ אין דער הייץ-אָפּטיילונג איז געווען אַ קראַנקע, געמישט מיט אַ שיטערער קילער לופט, וואָס איז פון ערגעץ אַהער פאַרטריבן געוואָרן. קוקנדיק אויף די צוועלף האַלב-נאַקעטע הייצער, וואָס האָבן אויטאָמאַטיש גערירט דעם פייער און געוועקט די פלאַמען, האָט זיך מיר ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז די מענטשן האָבן מיט אונז וואָס פאַר אַ שייכות, כאָטש אַ סך מאָל זע איך זיי אַרויסקריכנדיק פון דער טיפעניש פאַרמורזעטע. איך זע זיי שפּעטער אַרומגעוואַשענע מיט אַ געלבלעכער הויט און שיטערע מוסקלען, געטאַטוירט ברוסט און אָרעם. אָבער דאָ אין דער טיף, אין דער צעגליטער, קראַנקער לופט —

וועו ניט דער איינער מיט דעם פרעמדן פחד אין די אויגן, אַ ריז, העכער פון אַלעמען — איך דערקען אין אים, אַז ער לייענט אַראָפּ פון מיין פּנים מיינע געדאַנקען. ער שמייכלט איראָניש מיט דעם אייזערנעם דראָנג ביים זייט. דאַכט מיר ער וויל מיר זאָגן:

— מיינסטו טאַקע, איך האָב געוואָלט פון שיף אַנטלויפן? איך ווייס אַליין מיין גורל. איך האָב נאָר געוואָלט ווייזן, ווי אַזוי איך קאָן שווימען צווישן היי-פיש און האָב ניט קיין מורא.

אַ געבונדענעם האָט מען אים צו אונז געבראַכט. די היי-פיש האָבן אים ניט געטאָן קיין בייז. און אַזוי האָט מען אים געצוואונגען צו שאָפלען די קוילן אין אויוון אַריין, מיט דעם אייזער-נעם דראָנג פונאַנדערצורירן און וועקן די פלאַמען, ביז אַ שטראָם בלוט האָט אַרויסגעזעצט פון זיינע צעבראָכענע לונגען. —

און אַזוי איז ער נאָך דריי טעג רו אין שיף-האָספּיטאַל אויפן פערטן טאָג אויסגעגאַנגען.

די פּאַסאַזשירן האָבן פון דעם ניט געוואוסט. דעם טויט פון זיי באַהאַלטן. ווי דער שטייגער, האָט דער קליינער אָרקעסטער גע-שפּילט צו מיטאָג און שפּעטער צו טיי פאַרנאַכט. אָבער אויף די פּנימער פון די מאַטראָסן האָט גערוט אַ סוד און אַ טיפער טרויער. חשבון-הנפש. אַ שעה נאָך האַלבער נאַכט האָט דער גרייזגרויער דאָקטאָר שטיל אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר, מיט אַ וואונק מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך זאָל אַרויסקומען.

עס איז געווען אַ שווער אויסגעשטערנטע נאַכט. דער דרום-דיקער שטערן-צלם האָט דאָס מאָל לויטערער ווי שטענדיק געלויכטן. די שיף האָט זיך געצויגן מיט איר געווינטלעכן וועג, נאָר אונטן, אויפן דעק פון דריטן קלאַס איז אין פאַרענטש גע-ווען אָפן דאָס טויערל, דורך וואַנען מען לאָזט פּאַסאַזשירן אַרויף אויפן שיף דעמאָלט ווען מען איז אין פּאָרט. איצטער איז עס געווען גרייט אַראָפּצולאָזן עמעצן. קיין פּאַסאַזשירן איז ניט געווען צו זען דרויסן, בלויז די מאַנשאַפט, נאָך טונקעלער פון שאָטנס, האָט זיך געצויגן פון פאַרשיידענע ווינקלען, איינציקווייז און שטום און זיך געקליבן אַרום אָרט, וואו די פּאָרטקע איז געווען אָפן אין ים אַריין.

פיר מאַטראַסן האָבן פון דער טונקלקייט אַרויסגעבראַכט אויף די אַקסלען אַ טראָג־ברעט און אויף איר אַ לאַנגע, שווערע זאַך איבערגעדעקט. צוויי מאַטראַסן מיט ליכט גייען נאָך און גאָר פון הינטן דער קאַפּיטאַן מיט אַ סידור אין האַנט. שטיל האָט מען די ברעט אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד מיט דער לענג צום אָפענעם טויערל. דער קאַפּיטאַן האָט ביים שיין פון אַ ליכט אָנגעהויבן טרויעריק אַ תּפילה. עס האָט זיך דערהערט פון עולם אַ שלוכצן. עמעצנס אַ צעבראָכענער, איינגעהאַלטענער און אָפּגעריסענער געוויין, שטיל. דער קאַפּיטאַן האָט געמאַכט אַ צייכן און דאָס האָט זיך שנעל איבערגעטראָגן אין דער מאַשינען־אָפּטיילונג און די מאַשינען האָבן זיך אָפּגעשטעלט. בלויז מיט איר אימפּעט האָט זיך די שיף געריסן פאָראויס.

דער קאַפּיטאַן האָט מיט אַ וואונק באַפוילן און מען האָט די ברעט גענומען הויבן פון איין זייט, כּדי די משא וואָס אויף איר זאָל זיך אַראָפּגליטשן אין ים אַריין. אָבער די איבערגעדעקטע זאַך האָט זיך געעקשנט. צוגעקלעפּט געוואָרן צום ברעט.

— ניט גענוג אייל אָנגעשמירט, — האָט עמעצער געמורמלט. — גליטשט זיך ניט.

— אפשר אַ צו־שווערע וואָג האָט מען צו אים צוגעבונדן, — האָט אַ צווייטער צוגעגעבן.

די ברעט איז צוריק אויפן דעק געפאַלן מיט דער משא אינאיינעם.

דער קאַפּיטאַן האָט ווידער צו עמעצן אַנדערש אין עולם זיך געווענדט און באַפוילן. מען האָט די ברעט נאָך ווייטער אַרויסגערוקט דורכן טויערל און טיפער, טיפער אַרויסגעבויגן צום ים אַראָפּ און מיט אַמאָל האָט זיך די משא אַ גליטש געטאָן און ווי אַ טונקעלער בונט שמאַטעס האָט זיך עס אַראָפּגעגליטשט אין ים אַריין.

אַ ווילע איז דער עולם נאָך געשטאַנען פאַרגליווערט, געקוקט צו דער אָפענער פאָרטקע און צום ים, ביז עס האָט זיך ווידער דערהערט דער גערויש פון מאַשינען. עמעצער האָט נאָך

אַרויסגעגעבן אַ פֿאַרשטיקטן שלוכצן, אָבער די שיף איז שוין גע־גאַנגען איר פֿולן גאַנג.

## דער לאַנגער חזיר.

די קאַניבאַלן פֿון די מאַרקיזן־אינזלען האָבן גוט געוואוסט דעם טעם פֿון מענטשן־פֿלייש און האָבן אויך געוואוסט דעם טעם פֿון חזיר. ער, דער קאַניבאַל, האָט דעם צוויי־פֿיסיקן, דעם מענטשן, געקרוינט מיטן נאָמען — לאַנגער חזיר. אויך ער, דער קאַ־ניבאַל, האָט געהאַט אַ שווערן וועג דורכצומאַכן, ביז ער האָט פֿון די מזרח־ברעגעס דערגרייכט צו די דרום־וואַסערן. לאָמיר פֿאַראייביקן אַזאַ נאָמען, אויב דער קאַניבאַל אַליין איז נישט אייביק.

— דער לאַנגער חזיר.

אָט ווי די שפּינען, וואָס שפּינען זיך אויס אַ לאַנגן פֿאָדים יונגערהייט און לאָזן זיך אַוועק מיטן ווינט אין דער ווייטער וועלט אַריין. האָט איר דאָך געזען סוף זומער, ווי שפּינוועבסן טראָגן זיך אין לופֿטן. שפּינען טראָגן זיך אין לופֿטן מיט די שפּינוועבסן. אויף אַזאַ אופֿן האָבן זיך געלאָזט וואַנדערן איבער ימען די יונג־אַלטע שבטים פֿון מזרח אין זייערע קינדערשע שיפֿלעך און מיט זעגלען פֿון ראָגאָזשע אָנגעצויגן אַנטקעגן ווינט. עס וויל דער ים פֿאַרשווענקען די שפּורן פֿון שיף און שיפֿער. ער וויל פֿאַרשווענ־קען די שפּורן פֿון וואַנדערער מיט ווינטיקע מוחות, ווינטיקע פֿאַר־לאַנגען. עס זיינען אָבער די שפּורן נישט געגאַנגען פֿאַרלאָרן, ווי עס וואַנדערן נאָך דאָ איבער די ימען די ווינטן, וואָס האָבן אין די זעגלען געפּאַטשט.

עס איז געלעגן אין די אַלטע צייטן אויסגעשפּרייט אַ כּישוף איבער דעם דרום פֿון פּאַסיפֿישן אָקעאַן. אַ בייזער כּישוף, וואָס האָט זיך פֿאַרשטעלט אין געשטאַלט פֿון אינזלען צעזייטע און פֿאַר־וואָרפֿענע איבער דעם דרום פֿון שטילן אָקעאַן. האָבן דען די יונג־אַלטע שבטים פֿון אָריענט געוואוסט דעם וועג פֿון ווינט און וואוהין ער וועט זייערע שיפֿלעך פֿאַרטראָגן? האָבן געוואוסט זייער ציל און האָבן נישט געוואוסט זיין אָרט. איצטער, אין אַ צייט פֿון

חשבון און קאָמפּאַס, זיינען די אינזלען פאַרשאָלטן געוואָרן צו האָבן אַ באַשטימטן אָרט אין ים. אין די אַלטע ציטן זיינען דאָך די אינזלען אומגעשוואומען אין דעם קינדערשן מוח פון מזרח־מענטשן. די אינזלען זיינען געטריבן געוואָרן פון ווינט, ווי עס זיינען געטריבן געוואָרן די שיפלעך אָנגעלאָדענע מיט פאַרלאַנג און ווינט.

אָט די רויטע, ברוינע, געלע און שוואַרצע מזרח־מענטשן זיינען דאָך געווען די ערשטע, וואָס האָבן אין חלום די אינזלען דערזען און אינאיינעם מיט זייער חלום זיך אַוועקגעלאָזן איבער אַלע ימען. ערשט שפּעטער איז אָנגעקומען דער ווייסער מענטש און געפונען דעם חלום אַ באַשיידטן. געפונען אינזלען און אויף די אינזלען געלע, רויטע, ברוינע און שוואַרצע מענטשן.

אַז עס קומט אָן די נאַכט אין דרום־זייט פון שטילן אָקעאַן, דאַכט זיך אויס: פון אונטערן וואַסער קומען אַרויס שורות שיפלעך מיט געשטאַלטן פון געטער אויפן שאַרף פון שיפל. עס בלאָזט דער ווינט אין די זעגלען פון אַלע פיר זייטן. די שיפלעך טראָגן זיך צו צפון און צו דרום, צו מזרח און צו מערב. עס גייט אָן דאָס שפּיל פון בלאָנדושען — אַ שפּיל פון לעבן און טויט. זעסט אַפילו, ווי עס טראָגט זיך אויף די כוואַליעס אַן איינזאַם שיפל אַרויסגעשיקט פון כינע, פון די מאָנגאָלישע ברעגעס. אין שיפל אַ מצורע, אַ פאַרשאָלטענער און אַרויסגעטריבענער פון דער מחנה, אַ ביסל שפּייז און אַ ביסל וואַסער האָט מען אים מיטגעגעבן, אָבער נישט מיטגעבן קיין רודער צום רודערן. אַוועקלאָזן אים אינמיטן ווינט אין ווייטן ים אַריין. אויך אים, דעם פאַרשאָלטענעם, האָט דער ווינט אויפגענומען אויף זיין פליגל, ווי אַן אייגן קינד, אויך צו אים, דעם קרעציקן, איז אָנגעקומען אַ גרינער אינזל אַנטקעגן.

אַזוי ציען זיך אין שורות די שיפלעך פון די מזרח־ברעגעס. אין די שיפלעך — געטער. אין די שיפעלך — טראַדיציעס. אין די שיפלעך — ווייבער, נייע דורות אויפצושטעלן. אין די שיפלעך ווייבער און מיט זיי די חכמה פון געוועב. אין די שיפלעך העלדן און מיט זיי דער חשק צו מלחמה. געוויס האָט מען אויך דעם קורצן חזיר, דעם פיר־פיסיקן מיטגענומען און אים געצערטלט אין

שווערן וועג, ווי ער ווערט אויך איצטער געצערטלט אויף אַלע אינזלען דאָ. עס האָבן זיין פלייש געגעסן די קאַניבאַלן און געמישט מיט פלייש פון מענטשן, מיט פלייש פון דעם צוויי-פיסיקן, לאַנגן חזיר — אין אַ גרויסן יום-טוב נאָך אַ זיג.

דער קורצער חזיר, דער פיר-פיסיקער, שמוציקער און עקשנותדיקער.

דער לאַנגער חזיר, דער צוויי-פיסיקער, גאָטס אַ קינד, אַן אויסדערוויילטער, ווען ער איז זיגער אין מלחמה.

און אַזוי האָט די אַלטע אייראָפּע געהאַט אין די פריערדיקע צייטן קינדער, וואָס האָבן געחלומט פון ווינט און ווייטע ימען, פון אינזלען און גאָלד. עס האָבן יענע ווייסע מענטשן באַגריפן זייער באַגער און נישט געוואוסט דעם ציל. ווייל זייער חלום איז צעפלויגן געוואָרן, ווי נאָר זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט די ברוינע, רויטע און שוואַרצע קינדער פון אָריענט, וואָס האָבן געטאַנצט זייער ווילדן טאַנץ ביים ברעג ים און געפּראַוועט אַ סעודה איבער פלייש פון לאַנגן חזיר. דאָס קינד פון דער ווייסער ראַסע האָט געצילט לענדער צו אַנטדעקן, גאָלד צו געפינען, אָבער נישט קיין מענטשן צו געפינען. ווען מענטש האָט מענטש געפונען, האָט דער ווינט געקלאָגט אויף זייער ביידנס גורל. האָט זיך דער קאַניבאַל פאַר פרייד די האָר פון קאָפּ געריסן.

האָט זיך אָנגעהויבן דער אויסבייט פון שטיקלעך גלאָז אויף זנות. אַ מעסער און טשוועקל פאַר דאָס רעכט אויפן ווינט. איצטער טראָגן ביידע דעם קאָמפּאַס אויפן האַרצן. אָבער ווייסן ווייסט דער ווייסער מענטש, וואוהין זיין קאָמפּאַס צילט. און עס געדענקט נאָך אַלץ דער רויטער, ברוינער און שוואַרצער אין די פאַרבאָרגענע ווינקעלעך פון די אינזלען, ער געדענקט דעם טעם פון מענטשן-פלייש, כאָטש צום מעסער און פולווער האָט אים דער ווייסער מענטש אַ נייע אמונה צוגעגעבן.

אַזוי האָבן זיך געלאָזן אין זייערע קינדערשע שיפלעך פון די מזרח-ברעגן ברוינע, רויטע און שוואַרצע מענטשן און זיי אַנטקעגן זיינע אינזלען אָנגעקומען.

האָבּן זיך אַוועקגעלאָזן אין זייערע קליגערע שיפן קינדער פון אייראָפּע — אויך צו זיי זיינען געקומען אַנטקעגן די אינזלען פון די דרום־וואַסערן.

און אַזוי שניידן איצטער זייער וועג דורך ים און שטורעם־ווינט די שווערע שטאָלענע שיפן, און זייער וועג איז אַ זיכערער. עס וואַרטן די אינזלען יעדערער אויף זיין אָרט. עס צילט דער קאָמפּאַס צום ריכטיקן אָרט. צו דער ריכטיקער שעה וועט זיך באַווייזן ביים ברעג הימל אַ טונקעלער שנור, גלייך אָדער געבויגן, און אַלע אויף די שיפן וועלן זיכער און קלאָר אַהין ווייזן מיטן מיטלסטן פינגער:

— לאַנד!

און ערגעץ אויף אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל גוססט דער לעצטער קאַניבאַל און זעט אין זיין גסיסה דעם אַלטן כישוף, וואָס האָט געהערשט איבער די דרום־אינזלען אין שטילן אָקעאַן. ער זעט, ווי עס טאַנצט זיין שבט און זיינע העלדן אַרום דעם געבּראָטענעם פלייש פון לאַנגן־חזיר, פון דעם לאַנגן־ווייסן־חזיר.

## ראַראָטאָנגאַ.

מיט הונדערט זעקס און פערציק יאָר צוריק האָט קאַפּיטאַן קוק אויפגעזוכט די גרופּע קליינע אינזלען אויפן שטילן אָקעאַן אין דרום־זייט פון עקוואַטאָר. די קוק־אינזלען, אַזוי הייסן זיי איצט די עלף קליינע אינזלען. ראַראָטאָנגאַ איז דער גרעסטער פון זיי.

ראַראָטאָנגאַ — צו דרום־זייט — אַזוי באַטייט עס אין דער שפּראַך פון די מאַאָרים, די קינדער פון די אינזלען.

ראַראָטאָנגאַ. אַז מען דערווייטערט זיך אַ פיר מעת־לעת מיטן שיף פון טאַהיטי, נעענטער צו דרום־זייט, באַווייזט זיך ראַראָטאָנגאַ פון ווייטן, ווי אַ גרינע קעמפּע, וואָס ווערט געטראָגן פון די כוואַליעס.

דער דרום־ווינט אויף דער דרומדיקער זייט פון עקוואַטאָר איז אַזוי נישט באַליבּט, פּונקט ווי אין דער אַלטער וועלט דער

צפון=ווינט. דער דרום=ווינט בלאָזט כמעט אָן אויפהער און כמעט
אַ גאַנץ יאָר איז דער ים ברוגז און אָנגעבלאָזן. נישטאָ קיין
האַפן דאָ, וואוהין שיפן זאָלן קאָנען אַריינקומען און זיך אויס=
רוען פון שווערן וועג. קאָראַלן=פעלזן שטאַרצן אַרויס פון וואַסער
אַרום אינזל און אַ שיף, אַז עס קומט אָן, בלייבט די שיף שטיין
פון וויטן — זוכט פאָרזיכטיק אַן אָרט וואו אַראָפצולאָזן דעם אַנ=
קער. גענוג פאַרע מוז מען האַלטן אין די קעסלען. ווייל זייער
אָפט צעברוגזט זיך דער ים און דער שטראָם שלעפט די שיף מיט
דעם אַנקער אינאיינעם. איין וועג איז דעמאָלט פאַראַנען, ווי זיך
צו ראַטעווען פון די קאָראַלן=פעלזן, און דאָס איז דער וועג צוריק
אין ברייטן ים אַריין. נישטאָ דאָ דער שטילער וואַסער=קוישל אַרומ=
געשטעלט מיט אַ קאָראַלן=וואַנט, ווי אין טאַהיטי. אָפן און פריי
טראָגן זיך די כוואַליעס צום אינזל און גרוי און בייז און ווילד
זעט אויס דער צופוסנס פון ראַראַטאָנגאַ.

נישט ווייט פון ברעג שטאַרצן אַרויס פון וואַסער די איבער=
בלייבעכצן פון אַ צעבראָכענער שיף. אַ טראַגעדיע האָט זיך דאָ
אָפגעשפילט מיט אַ צייט צוריק. אַ פּאַסאַזשיר=שיף איז אָנגעקומען
אַהער אין אַ שטילער רגע, זיך פאַרטרויט דעם ים, געלאָזן, אַז
די קעסלען זאָלן זיך אויסקילן. איז אָנגעקומען פלוצלונג אַ שטורעם=
ווינט און די שיף איז פאַרטראָגן געוואָרן אויף דעם ווייסן קאָ=
ראַלן=פעלז, וואָס שטעקט אַרויס אַזוי אומשולדיק זיין קאָפּ פון
אונטערן וואַסער, און איז אויף שטיקער צעשמעטערט געוואָרן. שוין
פיר יאָר, אַז דאָס איז פאַרלאָפן, אָבער די קעסלען די קאַלטע
שטאַרצן העלפט צעבראָכן אַרויס אין איבער זיי ווערן כוואַליעס צע=
שלאָגן. צו דעם טראָגן זיך די בליקן פון פּאַסאַזשירן און שפּיציקע
מחשבות קריכן אין קאָפּ אַריין.

ראַראַטאָנגאַ טראָגט אויך די סימנים פון אויסגעלאָשענע וואול=
קאַנען: הויך, שאַרף, אַרויסגעשאָסן צו די וואָלקנס, פאַרלויפן די
קאָנטורן פון אינזל. ס'איז אַרום האַלבן טאָג און פאַסן ליכט
וואָס רייסן זיך אַרויס פון צווישן וואָלקן=שטיקער, און דער לייכטער
דורכזיכטיקער נעפל, וואָס וויקלט זיך אין די פאַלדן פון אינזל
גיבן אים צו די טראָפּישע ווייכקייט, די טראָפּישע מידקייט.

עס קומט אָן פון ברעג אַ באַרקע מיט אַרבעטער, אויסצולאָדן די משאות פון שיף. משאות, וואָס געהערן צום אינזל. ווי אין טאַהיטי, אַזוי אויך דאָ טוען אַלע שווערע אַרבעטן פאַר דעם ווייסן מענטשן די קינדער פון אינזל. אָבער אין טאַהיטי זיינען זיי אָנגעקומען צו דער אַרבעט מיט ברוגזע פּנימער און דאָ האָבן זיי געבראַכט צו אונזער שיף געלעכטער און געזאַנג. אַ גאַנץ אַנדערער טיפּ איז דער מאַאָרי פון ראַראַטאָנגאַ. כאָטש ער איז פון דער אייגענער פּאָלינעזישער אָפּשטאַמונג, ווי דער טאַהיטער. דער ראַראַטאָנגער האָט אַ ברייט, שווער און אָפן פּנים און איז גוטמוטיק, ווי אַ קינד. לאַכט, לאַכט און נאָר ער אַליין ווייסט פאַרוואָס. איז ער צופרידן מיט דעם, וואָס אַ שיף איז אָנגעקומען און ער וועט זיך קענען אָנהאָרעווען?

עס קומען אָן שיפלעך אַראָפּצופירן די פּאַסאַזשירן, וואָס ווילן באַזוכן דעם אינזל. דער ים שלײַדערט זיי און עס ווערט אומהיימלעך זיך אַראָפּצולאָזן פון אַזאַ זיכערער הייך, ווי אונזער שיף. אָבער דער חשק צו שפּירן ערד אונטער די פיס איז גובר די שרעק. און נישט מיט קיין לייטער לאָזט מען זיך אַראָפּ פון שיף. דער ים שלײַדערט און אונזערע גאַסט-שיפלעך קענען זיך צו אונזער הייך נישט דערנענטערן. אין אַ קײַלעכיקן, געפלאָכטענעם גרויסן קויש שטעלן זיך אַרײַן אַ צענדליק פּאַסאַזשירן און די אויסלאָדונגס-מאַשין פאַרנעמט דעם גאַנצן פּעקל, אַ פּאָר אַרום מיט אים איבערן ים און שפּעטער לאָזט אים די מאַשין פאָרזיכטיק אַראָפּ צו דער באַרקע, וואָס וויגט זיך אין ים. אַ סענסאַציע. עס געפעלט דעם עולם. פריידיקע אויסגעשרייען, ווען דער קויש שלאָגט זיך אָפּ אין דער באַרקע.

עס טוט אַ שלאָג אַ היץ פון ברעג, ווי נאָר מען דערנענטערט זיך צום אינזל. ווי דער שטייגער, באַווייזן זיך אויפן ברעג צווישן די נייגעריקע, וואָס קוקן אַרויס צום שיף, גלחים, פאָרשטייער פון אַלערליי סאָרטן קריסטלעכע אמונות — זיי טוען דאָ זייער הייליקע אַרבעט צווישן די אײַנגעבוירענע און מאַכן אויך, אַז פון אינזל זאָל זיך טראָגן דער זויערער ריח פון שווייס אינאיינעם מיט דעם ריח פון טראָפּישע בלומען. דער אינזל איז ענגליש. אָבער ביי

ענגלאַנד איז די האַנט שוין אַ ביסל קירצלעך צו דערלאַנגען אומע־טום. און די השגחה איבער די קוק־אינזלען איז איבערגעגעבן גע־וואָרן צו ניי־זעלאַנד. ענגלאַנד קען זיך גוט פאַרלאָזן אויף אירע גרעסערע ווייסע, טרייע קינדער פון ניי זעלאַנד און אַוסטראַליע. זייער השגחה איז אַ ריין־בריטישע און אַזוי ווי ניי־זעלאַנד פאַרבאָט גע־לע און שוואַרצע קאָלירטע ראַסן אַריינצוקומען אין די אייגענע גרענעצן, דעריבער פעלן דאָ ביים אַרויפקומען אויפן אינזל די אַלע כינעזישע קרעמלעך און דער ספּעציעלער ריח און בלאָטע אַרום די קרעמלעך, ווי אין טאַהיטי.

דערפאַר אָבער שיינט אַראָפּ אַ שילד איבער אַ געשעפט, באַלד ווי מען טרעט אַרויף אויפן ברעג, און אויפן שילד: ל. קאָהן, סוחר און אימפּאָרטער.

פון דער הויפּט־גאַס, וואָס ציט זיך מיט דער לענג פון ברעג, וואו די ווייסע פּאָרשטייער וואוינען, צעלויפן זיך שמאָלע געסלעך און ווערן פאַרפאַלן טיפער אין אינזל — צווישן וועלדלעך פון קאָקאָנוס־ביימער. צווישן די ביימער — הייזלעך פון מאַאָריס, קינדער פון לאַנד. הייזלעך פון באַמבוק־שטעקלעך און דער דאַך מיט לולבים גע־דעקט. די הייזלעך איינס אין אַנדערן גערעאָטן. מעבל אינעווייניק נישטאָ. אויף דער ערד איז דיק אָנגעשאָטן ווייסער זאַמד. אויפן זאַמד דראָבנע שטיינדעלעך פון ים און אויף דעם אַלעמען אַ ראָ־גאָזשע געפלאָכטן פון דינער קאָרע־הויט. אַנדערע פאַרמאָגן צו צוויי סוכות אַזעלכע. איינע פאַר ביטאָג צום פאַרברענגען און די אַנדערע צום שלאָפן. אַ ביסל ריינער דער זאַמד אויף דער ערד. אַ ביסל ריינער די ראָגאָזשע. די גאַנצע משפחה און שכנישע ווייבער זיצן אויף דער ערד און מען רעדט וועגן נעכטיקע טעג.

באַווייזטו זיך אין טיר, נעמט מען דיך אויף גוטמוטיק און מיט אַ צופרידענעם געלעכטער. אַליך רופט אַרויס אַ געלעכטער. מאַכסטו אַ צייכן אויף גוט מאָרגן — לאַכט מען. טוסטו אַ גלעט אַ קינד — געלעכטער. גיסטו אַ מטבע אַ קינד — ווידער געלעכטער. ס'איז, חלילה, נישט קיין חוזק. מען דערקענט שוין אַ חוזק־געלעכ־טער. פשוט, מען איז צופרידן מיט דיר, מיט אַזאַ צופרידנקייט

האָבּן דאָך די אַמאָליקע מאַאָרים-פרויען אויפגענומען די ערשטע ווייסע מענער און — אפשר ווייסן אַנדערע פון זיי מיט וואָס זיי האָבּן בּאַצאָלט פאַר דער גאַסטפריינטלעכקייט.

מישטיינס געזאָגט, זייער גאַנצע קונסט בּאַשטייט אין מאַכן האַלז-בּענדער פון קאָלירטע ים-קעפּלעך און ים-שיסעלעך. פון דעם אייגענעם מאַטעריאַל פלעכטן זיי אויס רייפלעך צום טראָגן אַרום קאָפּ. די ים-קעפּלעך ווערן אין רייפל אַזוי צונויפגעשטעלט און די קאָלירן זייערע אַזוי געבּונדן, אַז אַנדערע פון זיי זעען אויס, ווי געפלעקטע שלאַנגען.

דאָס איז די איינציקע סחורה, וואָס זיי לייגן פאַר דעם פרעמדן און ווייסן שוין וויפל דערפאַר צו בּעטן. שווער צו זאָגן, צי די לייט זיינען געוואָרן גוטע קריסטן. עס איז אָבּער קלאָר, אַז די קריסטלעכע מיסיאָנערן האָבּן בּיי זיי צוגענומען דעם איינגעבּוירענעם גלאַנץ. צוגענומען בּיי זיי די איינגעבּוירענע פוילקייט, וואָס איז געווען פאַרבּונדן מיט פרייקייט און פאַרפלאַנצט אויף דעם אָרט די קנעכט-שאַפט, וואָס פירט בּיי דער האַנט זייער אונטערגאַנג.

אַמאָל געווען בּיי אַכט טויזנט מאַאָרים אויף דער גרופּע אינזלען, און איצט אפשר צוויי טויזנט.

— פאַרוואָס שטאַרבּן זיי אויס? פרעג איך בּיי אַ מיסיאָנער.

— שטאַרבּן אויס, ווי נאָר זיי קומען אין בּאַרירונג מיט דער ווייסער ראַסע, סע מיינט דער ציוויליזאַציע.

— און וואָס וועלן דאָ טאָן די מיסיאָנערן, אַז אַלע מאַאָרים וועלן אויסשטאַרבּן?

— וועט טאַקע זיין שלעכט, — ענטפערט ער נאָך אַ לאַנגן שווייגן. — יאָ, וועט טאַקע זיין שלעכט. מען האָט זיי צוגעוויינט אָנצוטאָן זיך אין וואַרעמע קליידער, פאַרקילן זיי זיך און שטאַרבּן, גיט ער צו פילאָסאָפיש.

אָט אַזוי האָט מען אין נאָמען פון גאָט בּיי זיי אַרויסגערופן חרפּה און בּושה פאַר דעם אייגענעם לייבּ, פאַר די אייגענע שיינע גלידער.

גייענדיק דורך אַ וועלדל, האָבּ איך זיך אָנגעשלאָגן אויף אַן עולם יינגלעך פון אַ יאָר צען-צוועלף, אָדם-נאַקעט און מיט די הויזן

אויף דער פלייצע. ווי נאָר זיי האָבן דערזען אַ ווייסן מענטשן, האָבן זיי גלייך געכאַפּט זיך אָנטאָן.

אַ גאַנצן טאָג האָב איך מיר אַזוי אַרומגעדרייט אויפן אינזל, צווישן זייערע הייזלעך, אַוועקגעגאַנגען און ווידער זיך אומגעקערט. אָט שטייט אַן אַלט געמויערט מיסיאָן־הויז. אַרום הויז אַ בית־עולם. מצבות אויף די קברים פון אַלטע מיסיאָנערן, מצבות אויף די קברים פון די עלטסטע, וואָס האָבן זוכה געווען צו שטאַרבן גוטע קריסטן. און אַלץ איז אַזוי טיפּיש ענגליש. און אַלץ איז אַזוי אומעטיק, קאַלט און שטרענג. ווי לאַנג וועט עס דען דויערן ביז דאָס לעצטע ביסל מאַאָרים וועט פאַרשווינדן? נאָך דעם וועלן דאָך איינציקווייז די ווייסע פאָרשטייער אין דער שטיל דעם אינזל פאַרלאָזן. בלייבן וועט דאָס אַלטע מיסיאָן־הויז, און אַרום דעם אַ קריסטלעכער בית־עולם.

עס פאַלט צו די נאַכט. זי קומט אָן שנעל פון אַלע זייטן. אַ פייכטע קילקייט ציט פון אומעטום און נעמט דורך דאָס לייב. מען דאַרף זיך אומקערן צוריק צום שיף, צו דער ציטווילִיקער היים. אַרום שיף גייט נאָך אָן געשמאַק די אַרבעט. אַ מחנה שיפלעך מיט גרינע באַנאַנעס וואַרטן, מען זאָל פון זיי די משא אויסלאָדן צו אונז אין שיף אַריין. די מאַאָרים ביי דער אַרבעט, זעט אויס, זיינען נאָך גאָרנישט מיד געוואָרן. לאַכן און פאַרציען אַלע מאָל אַ מאָנאָטאָנעם אומעטיקן ניגון און רייסן איבער דעם ניגון מיט געלעכטער.

איך קלייב זיך אַרויף איבן. דער אינזל שניידט זיך טיף אַריין אין דער נאַכט אַריין. איבער אים אַ שווערער אויסגעשטערנטער הימל. עס ציט דער דרום־ווינט און זאָגט אָן אויף ווייטע שטורעמדיקע ימען.

ראַראַטאָנגאַ — צו דרום־זייט.

צו דרום־זייט ציט זיך מיין וועג, אָבער מיינע מחשבות זיינען נאָך אַלץ מיטן אינזל ראַראַטאָנגאַ פאַרנומען: ווייל דאָ האָב איך אויך דעם יידן קאָהן באַגעגנט, וואָס שוין מער ווי דרייסיק יאָר שטייט ער אין זיין קרעמל און קוקט אויס די שיפן, וואָס ציען פאַרביי זיין אינזל

אַ קליין יינגל איז ער אַוועק פון פויזן, און איצטער שוין אַן אַלטער גרויער ייד. געהאָלפן ענגלאַנד אין אירע אַמביציעס. גע-געבן צו פאַרשטיין דער אַמאָליקער קיניגין פון די אינזלען, אַז שע-נער וועט זיין פאַר איר, ווען די ענגלישע פאָן וועט פלאַטערן איבער אירע אינזלען. ער איז געווען איר עצה-געבער און זי האָט אים געפאָלגט. אַזוי דערציילט ער און איז שטאָלץ. און פאַרוואָס זאָל איך נישט גלויבן? די אינזלען פון ענגלאַנד; די קיניגין — נישטאָ מער, און קאָהן אַליין, דער גרייז-גרויער, האָט געוויינט, ווען איך האָב אים דערציילט, אַז אַזוי פיל יידן זיינען פאַראַנען איבער גאָר דער וועלט, און אַז דאָס יידישע פאָלק —

ער אַליין האָט זיך פאַר מיר באַוויזן אויפן אינזל, ווי אַ סימבאָל פון דעם יידישן פאָלק. —

ראַראַטאָנגאַ — צו דרום-זייט.

צו דרום-זייט ציט זיך מיין וועג. מיינע מחשבות זיינען אָבער מיט דעם אינזל ראַראַטאָנגאַ פאַרנומען. ווי אַ טונקעלע שטיק נאַכט שנייט ער זיך אַרויס פון דער נאַכט און צופונקען בלאַנקען פייערלעך און ציטערן, ציטערן איבער די כוואַליעס. אונטן אַרום שיף קלינגט נאָך געזאַנג און געלעכטער. די הייב-מאַשינען שלעפן מיט זיך אַרויף מיט אַ געררויש די פירות פון אינזל. איין שטערן האָט זיך צעגליט אין מערב-זייט און וואַרפט אַ ליכטיקן וועג איבער די כוואַליעס.

און אין דרום-זייט האָט זיך אַ שטערן אַרויסגעריסן פון הימל און געפאַלן אין ים אַריין.

ראַראַטאָנגאַ — צו דרום-זייט.

---

אַ גרויער פרימאָרגן שפּראָצט אַרויס פון צווישן הימל און וואַסער. דער ים יאָגט און טרייבט זיינע כוואַליעס צום באַבוימערטבערגיקן פּאַס לאַנד, וואָס ציט זיך פון דער רעכטער זייט האַלב איינגעוויקלט אין נעפּל. אַ ברוגזקייט קוקט אַרויס פון צווישן די ביימער און אַ קאַלטקייט פון די נאַקעטע פעלזן, וואָס הענגען אַרויס צום וואַסער. מען באַמערקט נאָך נישט קיין ישוב. אַזוי האָט עס אויסגעזען מיט הונדערט פופציק יאָר צוריק, ווען קאַפּיטאַן קוק איז דאָ געטראָגן געוואָרן מיט זיינע כוואַליעס אין זיין שיף „ענדעוואָר“. אַזוי האָט דאָס לאַנד געווים אויסגעזען דעמאָלט, ווען די מאַאָרי-פּאָלינעזיער האָבן זיך אויף הפקר געלאָזן אין זייערע קאַנוס, ווער ווייסט ווען און פון וואַנען, אַהער האָט זיי דער ווינט פאַרטראָגן.

מען קומט אַריין אין דעם קוק-ים-פּאַס, וואָס צעטיילט ניי-זעלאַנד אויף צווייען און וואָס כמעט קיינמאָל זיינען דאָ די וואַסערן נישט רויק. פון רעכטס און לינקס קומען אַרויס גרויסע פעלזן אַנטקעגן. אַ גאַנצער לאַבירינט מיט שפּיציקע שטיינער, וואָס באָדן זיך אין גרויען, בייזן ים. אַ קאַלטקייט טראָגט פון דעם געגנט און קלייבט זיך אין געמיט אַריין. נאָך דעם קומט אַ שטילע בענקשאַפט.

פיר און צוואַנציק טעג האָט געדויערט די רייזע פון סאַנפראַנציסקאָ. אין פאַרלויף פון די פיר און צוואַנציק טעג האָט מען יעדן פרימאָרגן איבערגערוקט די ווייזערס פון זייגער. דער סך-הכל: אַ גאַנצן טאָג פאַרלוירן. געלייגט זיך שלאָפן זונטאָג ביינאַכט און אויפגעשטאַנען דינסטאָג אינדערפרי. אויף אייביק אָנגעוואוירן דעם מאָנטאָג. אָבער ווער קלאָגט אויף פאַרלוירענע טעג און בפרט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט?

עס איז מיר אַ שאָד, וואָס איך האָב נישט געמאַכט די רייזע קיין ניי-זעלאַנד מיט אַ יאָר פופצן צוריק, ווען פּאַלאָרום דזשעק

איז נאָך, ווי דער שטייגער, אַרויסגעקומען פון דער טיפעניש אין אָט די ערטער און באַגלייט די שיפן ביי זייער אַריינקומען אין ניי-זעלאַנד דורך דעם פעלזיקן וועג, וואָס פירט צום אָרט, וואו איצט איז די שטאָט וועלינגטאָן.

נישט קיין לעגענדע. געווען אַזאַ פיש פון דער דעלפין-משפחה. אַ גרויסער פיש, אפשר פופצן פוס לאַנג, וואָס האָט יאָרן, יאָרן-לאַנג אָפגעוואַרט די שיפן און ווען אַ שיף האָט זיך דערנענטערט צום אָרט, וואו מיר זיינען איצט, איז ער פון דער טיפעניש אַרויס און פריילעך, טאַנצנדיק פון וואַסער אַרויס, האָט ער זיך געלאָזט אַפּרייער און אָנגעוויזן דעם וועג פאַר דער שיף. ניי-זעלאַנד האָט אַ געזעץ, וואָס פאַרבאָט שטרענג דעם פיש שלעכטס צו טאָן. ניי-זעלאַנדס אַ ליבלינג און ביי די מאַאָרים פאַררעכנט פאַר אַ וואַסער-גאָט, וואָס האָט אָנגעוויזן דעם וועג זייערע עלטער-עלטער-זיידעס, ווען זיי האָבן זיך אין זייערע קאָנוס דורכגעקליבן צווישן פעלזן צו די ברעגעס פון ניי-זעלאַנד.

פאַראַנען דער געזעץ. אָבער פּאַלאָרוס דזשעק איז מער ניטאָ. עס דאַגהן נאָך אים פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן אים נאָך זוכה געווען צו זען און געוואָרן פון אים אָנגעפירט. מען דערציילט, אַז פרעמדע פישער זיינען אָנגעקומען פון נאָרוועגיע צו כאַפּן וואַלפיש און דורך אַ טעות האָבן זיי פּאַלאָרוס דזשעקן געהרגעט. און אַז די פישער האָבן זיך דערוואוסט, וואָס זיי האָבן געטאָן, איז אויף זיי אָנגעפאַלן אַ שרעק. נישט געווען מער קיין פּלאַץ פאַר זיי אין ניי-זעלאַנד, און אין דער שטיל האָבן זיי זיך אומגעקערט צוריק צו זייער היים קיין נאָרוועגיע. אומזיסט נישטערן איצטער די בליקן צווישן די כוואַליעס. דער וואַסער-גאָט קומט אונז נישט אַנטקעגן פון צווישן די כוואַליעס.

אונזער שיף קלייבט זיך אַרויס צו אַ שטילערן וואַסער, אַרומגעשטעלט מיט הויכע פעלזן און קליינע אינזלען. באַווייזט זיך אַ ברייטער ברעג, אַ באַרגיקער, און אויף אים אַ שטאָט אויסגעשאָטן. אַ נייע שטאָט. די רויטע דעכער מאַכן די שטאָט אויסזען נאָך נייער, ווי ניי. באַרג-אַרויף, באַרג-אַראָפּ זיינען צעוואָרפן נישט קיין הויכע הייזער און צווישן זיי בלייכן זיך גאַסן און געסלעך.

— װעלינגטאָן. די הױפּט־שטאָט פֿון ניי־זעלאַנד.

און עס װאונדערט, פֿאַרװאָס האָט מען באַדאַרפֿט פֿאַרװאָגלט װערן גאַנצע פֿיר און צװאַנציק טעג, איין טאָג אָנװערן, כּדי צו דערזען אױפֿן פֿינף־און־צװאַנציקסטן טאָג די ראָזיקע הײזער מיט די רױטע דעכער.

די מאַראַמאַ, אונזער שיף, האָט שױן אַראָפּגעלאָזן איר אַנקער אינמיטן האַפֿן, און זי פּײפֿט, און איז מודיע, אַז מיר זײנען אָנגעקומען. פֿון ברעג קומט אונז אַרױס אַנטקעגן אַ קלײן מאָטאָר־שיפֿל. באַאַמטע, באַלעבאַטים פֿון לאַנד, זוכה געװען פֿריער פֿאַר אונז אָנצוקומען אַהער. פֿנימער ערנסטע, טרוקענע און קאַלטע. ענג־ליש, אָבער נאָך אַ ביסל טריקענער װי ענגליש. מאַכן אַ מינע, װי מען איז זײ געקומען שטערן זײער רו.

מען הײסט זיך אױסשטעלן אין אַ שורה און גײן אײנציקװײז דורך דעם רױכער־צימער. אינמיטן צימער שטײט אַ יונגערמאַן, אַ דאָקטאָר, מיט בליקן בלאָנדזשענדיקע און װאַסערדיקע. ער באַ־טראַכט יעדנס רעכטע האַנט און די נעגל. אַ קוק אין די אױגן און אױערן. אַ קוק אונטערן היטל אָדער קאַפּעליוש... יעדער אײ־נער, װאָס װערט פֿון אים באַטראַכט, גײט אַװעק רױטלעך פֿאַר־שעמט, אָדער בלאַס פֿאַרברוגזט.

עס קומט אַ באַפֿױל מען זאָל זיך אױסשטעלן אין אַ שורה און גײן אײנציקװײז צום עס־צימער פֿון ערשטן קלאַס. דאָרטן װאַרטן שױן אױף אונז בײַ טישן פֿרעמדע לײט מיט ערנסטע פּנימער. האַלב זױער און האַלב אומצופֿרידן, זיצן זײ בײַ טישן מיט פּאַ־פּירן און ביכער און טינטערס — באַטראַכטן מיט חשד דעם עולם, װאָס ציט זיך אין אַ לאַנגער שורה פֿון דרױסן.

אַ פּאַספּאָרט איז װײניק. פֿראַגן, פֿראַגן. טאַטע־מאַמע, זײדע־באָבע, װאו געבױרן? װאָס פֿאַר אַ פֿאָלק? װאָס פֿאַר אַ גלױבן? מען פֿאַרהערט, צי דו קענסט שרײַבן. אָנגעקומען נײן אינדערפֿרי, און עס איז שױן האַלבער טאָג און אַזױ פּלאָנטערט מען זיך אַרום צװישן פֿרעמדע־אײגענע געזעצן. עס שלאָגט די גרינע גאַל צום האַרצן, נאָך מער, װי פֿון אַ שטורעם אױפֿן ים, קוקנדיק, װי אַ פֿרעמדע האַנט גריבלט זיך אין דײנע פּעקלעך, קערט און

מישט און זוכט און פרעגט און נישטערט און ווייסט אַליין נישט, וואָס ער וויל.

דער גוטער דעלפין, וואָס האָט געלעבט אין די וואַסערן אַרום ניי־זעלאַנד, געווען דער וועג־ווייזער פאַר פרעמדע שיפן און וואָס איז טאַנצנדיק געשפּרונגען פאָראויס דער שיף, ווי אַ הינט אַ געטרייער — אפשר האָבן אים גאָר די נאָרוועגישע פישער נישט דערהרגעט. אפשר איז ער טאַקע געווען אַ וואַסער־גאָט, וואָס האָט זיך פאַרשיטעלט פאַר אַ פריינטלעכן פיש. אַזוי גלויבן דאָך די מאַאָרים. אפשר איז ער גאָרנישט אומגעקומען דורך די הענט פון בייזע פישער:

— האָט זיך דערוואוסט פון דעם געזעץ, וואָס איז וועגן אים אַרויסגעגעבן געוואָרן אין טויזנט ניין הונדערט עלף, אַז ווער עס וועט אים בייז טאָן — וועט באַשטראָפט ווערן מיט הונדערט פונט. און האָט זיך פאַרשעמט. פאַרשעמט פאַר די מענטשן און זייער פירונג. פאַר די מענטשן און די וועגן פון זייער ליבע און פריינטשאַפט און אויף שטענדיק זיך אָוועקגעלאָזן אין טיפן ים אַריין צו שפּילן מיט דעלפינען זיין גלייכן....

* * *

אין שטאָט איז געווען ווינטיק. און וועלינגטאָן האָט אַ שם פאַר אַ ווינטיקער שטאָט. די שטאָט איז ניי. מאָדערן. פאַרמאָגט ביי אַ זיבעציק טויזנט איינוואוינער. אָבער נאָך איידער איך האָב באַטראַכט די פיר ווענט פון מיין צימער, האָט זיך אין מיר אויפגעוועקט אַ פאַרלאַנג צו זען יידן.

איך האָב גענומען דעם טעלעפאָן־בוך און אָנגעהויבן נאָכן אלף־בית זוכן יידישע נעמען. זיי האָבן זיך אויף יעדער זייט באַוויזן. דאָס יידישע פאָלק. און אָט איז אַ האָלענדישער נאָמען, אָבער מיט אַ צונאָב ר ע וו ו ר ע נ ט.

— אפשר איז דאָס אַ יידישער רב? — און איך האָב אָנגעקלונגען.

אַ ענערגישע יונגטלעכע שטימע האָט זיך אָפּגערופן און געפרעגט — ווער רופט?

— אַנטשולדיקט, זייט איר דער יידישער רב?

— יאָ, איך בין דער וועלינגטאָנער יידישער רב. און ווער זייט איר?

— אַ יידישער שרייבער פון אַמעריקע. ערשט איצטער אָנגעקומען און איך גאָר צו זען אַ יידן.

— גוט. אָט באַלד וועל איך אַריבערקומען.

ביי מיר איז געווען קלאָר, אַז דאָס רעדט צו מיר אַ יונגערמאַן, ווייל ענערגיש האָט געקלונגען זיין שטימע און דערצו די גרייטקייט זיינע באַלד אַריבערצוקומען. איך בין אָבער נתפעל געוואָרן אין אַ האַלבע שעה אַרום, ווען צו מיר איז אַריינגעקומען אַ גרייז־גרויער מאַן, אַריבער זעכציק יאָר אַלט. זוּיבער, אין אַ סורדוט און צילינדער. ער האָט גיכער אויסגעזען, ווי אַן אַלטער גר איידער אַ יידישער רב.

דער שמועס האָט זיך אָנגעהויבן, גאַנץ וואַרעם פון זיין צד. מיט ברוך־הבא, און נאָך אַ פּאָר העברעישע פראַזן.

אָבער ווען איך האָב אָנגעהויבן צו פרעגן וועגן יידן אין ניי־זעלאַנד: זייער צאָל, זייער לעבן, זייער אָרט אין דער געזעלשאַפט — איז ער מיט אַמאָל שטיל געוואָרן, שאַרף מיך אָנגעקוקט און אַ ביסל שטרענג געפרעגט:

— פאַרוואָס פרעגט איר זיך אַזוי פיל נאָך אויף די אַחינו בני ישראל?

— פשוט, מיר אינטערעסירט די לאַגע פון יידן אין ווייטע לענדער. בין דאָך אַליין אַ ייד. איך וויל וויסן, וויפיל יידן געפינען זיך אין ניי־זעלאַנד.

— מען טאָר פון זייער צאָל אַזוי הויך נישט רעדן.

— עס קאָן חלילה זיי טרעפן אַן עין־הרע?

— אונזערע שכנים באַדאַרפן אונזער צאָל נישט וויסן. ביי אונז אין וועלינגטאָן פאַרמאָגן מיר שוין אפשר זיבן הונדערט נפשות און די שכנים אונזערע ווייסן מער נישט פון אַ צוויי, דריי הונדערט.

— ? ? ?

— יאָ, זיי ווייסן נישט די צאָל, וואָרעם נישט, וואָלט געווען שלעכט.

— די ניי־זעלאַנדער זיינען דאָך אַ ליבעראַל פאָלק, וואָס הייסט מען טאָר נישט רעדן הויך, וויפל יידן זיינען דאָ פאַרהאַן?

— יונגערמאַן, — מאַכט ער צו מיר, — אַז איך זאָג, ווייס איך וואָס איך זאָג. און דער עיקר טאָרן זיי נישט וויסן דעם צאָל פון די רוסישע יידן. זייער צאָל איז גרעסער פון אונזערן און זינט זיי זיינען אַהער אַריבערגעקומען — איז נישט. איך בין שוין דאָ אַריבער פינף און דרייסיק יאָר. איך האָב די ערשטע צען יידן צונויפגענומען. אַלץ איז געגאַנגען כשורה, ביז די רוסישע יידן זיינען אָנגעקומען און אַריינגעבראַכט מחלוקת, קריטיק — זיי טויגן נישט.

— איך וואָלט וועלן, רבי, איר זאָלט מיר באַקענען מיט די רוסישע יידן.

ער האָט מיך אָנגעקוקט, אין זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַזאַ פאַרבאָרגענער כעס און אומצופרידנקייט. איך האָב דערשפּירט, אַז ער האָט חרטה, וואָס ער האָט זיך אַזוי דערנידעריקט און געקומען צו מיר. ער האָט מיר אויף דער ביטע נישט געענטפערט. האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט ענערגיש, געקוקט צום טיר, ווי ער וואָלט וועלן אַרויסגיין און מיט אַמאָל זיך געווענדט צו מיר:

— מיר האָבן דאָ אַ שיינעם מוזעאום, אויב איר ווילט, קאָן איך איַך פירן אַהין.

מיר איז געוואָרן אומבאַקוועם. פונדעסטוועגן האָב איך מסכים געווען. און עס איז דאָך געווען זייער נאַריש, אַז אָנשטאָט זיך צו באַגעגענען מיט לעבעדיקע יידן, האָט ער מיך פאַרפירט אין דעם אָרטיקן מוזעאום. מישטיינס געזאָגט. עטלעכע קליינע צימערן, וואו פאַרשטויבטע און צעפּלאַצטע זיינען געשטאַנען אויסגעשטאָפּטע חיות אַלערליי, פויגל אויסגעשטאָפּטע, פאַרגליווערטע אין אַלערליי פאָזעס, אויף געקינצלטע צווייגעלעך און נאָך אַזוינע זאַכן, וואָס זיינען מיר אין דער רגע גאָר אין קאָפּ אַריין נישט געקראָכן. אַרויסקומענדיק פון דאָרטן אין פאַרק אַריין, האָב איך מיר דערקוויקט, דערזעענדיק עטלעכע מימאָזן־ביימער, באַשאָטן מיט גינ־

גאלדענע פוך-קעפעלעך. איך האב געשוויגן. ער האט געשוויגן. נישט געווען מער פון וואס צו ריידן. שטיל זיינען מיר ביידע געגאנגען דורך די גאסן. א שווערע אנגעצויגענע שטימונג האט זיך אריינגעקליבן צווישן אונז ביידן, ביז מיר זיינען צוגעקומען צו א קליידער-געשעפט.

— דא וועל איך אייך באקאנט מאכן מיט אייערע יידן, און איר איר פארט מארגן אוועק, זייט מיר פארט געזונטערהייט.

ער האט מיך אריינגעפירט אין געשעפט. פארגעשטעלט צום רוסישן יידן, און איז אוועק מיט א שטאלצער מינע.

אבער דער רוסישער ייד אין די מיטלע יארן מיט א גאנץ איידעלן פנים, האט אויף יידיש אנגעהויבן אויסצופרעגן ווער איך בין, און געפינענדיק, אז איך בין מיט אים פון איין גובערניע, האט ער זיך צעוויינט, ווי א קליין קינד, און זיין גרויסער זון, שוין א יונגערמאן אין ניי-זעלאנד א געבוירענער, דערזעענדיק, ווי זיין טאטע וויינט, האט ער אויך אנגעהויבן ווישן די טרערן, קוקנדיק אויף מיר.

דער ייד האט אפגעכאפט דעם אטעם און זיך א ביסל פארשעמט פאר זיינע אייגענע טרערן, א שמייכל געטאן און האט זיך צערודערט:

— אוי וויי, אוי וויי, איך באדארף דאך באלד מודיע זיין, אז איר זייט געקומען. אוי וויי, א יידישער שרייבער. זיינען עס טאקע פאראן יידישע שרייבער? שוין אריבער דרייסיק יאר דא. יינגלווייז אוועק פון דער היים קיין לאנדאן. אהער געקומען. מיין זון איז שוין דא געבוירן געווארן. זעקסט און צוואנציק יאר אלט. איר פארט דאך אוועק אזוי גיך. אפשר וועט איר ביי אונז עפעס „זאגן". מיר האבן דאך קיין עין-הרע אן עדה יידן. אט באלד וועל איך אפרופן.

און ער האט דורכן טעלעפאן אנגעהויבן אפרופן איין יידן נאכן אנדערן. איינציקווייז האבן זיי זיך באוויזן אין זיין געשעפט און פארוואונדערט געקוקט אויף מיר. קונים, וואס זיינען אין געשעפט אריינגעקומען, אפילו קריסטן, איז אנשטאט פארקויפן זיי סחורה, האט מען מיך גאר פאר זיי פארגעשטעלט. אנשטאט בסודי-

סודות, האָבן זיי אין דער הויך גענומען ריידן פון זייערע יידן.
מען האָט געקאָנט מיינען, אַז נישט זיבן הונדערט נפשות פאַר-
מאָגט וועלינגטאָן, נאָר אַ סך, אַ סך טויזנטער.

דאָך געווען אַ גרויסער חידוש, וואָס אויף מיין פאָרטראָג אין וועלינגטאָן, אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָבן זיך צונויפגענומען אַריבער דריי הונדערט נפשות: טאַטעס, מאַמעס, זין, טעכטער, זיידעס, באָבעס און אייניקלעך. מיט אַזאַ נייגעריקייט זיינען זיי געזעסן און געוואַרט אויף דעם רעדנער.

און אַז דער פאָרזיצער, פאָרשטעלנדיק מיך, האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס דער רעדנער וועט מוזן ריידן צו זיי אין יידיש, — האָט אים איבערגעשלאָגן אַ גרויסע פרייד, וואָס האָט זיך ביי אַלעמען פון האַרצן אַרויסגעריסן.

— אוי יידיש! אוי יידיש!

איך האָב לאַנג גערעדט. דערציילט פון יידן אויף דער וועלט. פון אונזער לעבן, אין אַמעריקע, אין אַנדערע לענדער, אויף וויפיל מיר איז געווען באַקאַנט. דערציילט פון אונזער ליטעראַטור און שריפטשטעלער. מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם איז דער עולם געזעסן און זיך צוגעהערט. מיין באַלוינונג איז געווען, אַז נאָך מיין פאָרטראָג זיינען צו מיר צוגעקומען יונגע קינדער און אַ מיידל פון אַ יאָר צוועלף האָט זיך צו מיר געווענדט מיט אַ שטאַמלדיקן יידיש:

— מיר דאַנקען דיר, וואָס דו האָסט גערעדט צו אונז אויף יידיש, און אונז דערציילט, אַז די שפּראַך פון מיין טאַטע-מאַמע, איז אויף דער גאַנצער וועלט פאַראַן.

איך האָב צווישן די וועלינגטאָנער יידן פאַרבראַכט נאָך עטלעכע טעג. דער רב האָט מיך שפּעטער נאָך אַמאָל אויפגעזוכט און פאַרנומען צו זיך אין שטוב אַריין אויף אַן אָוונט. אין זיין אייגענעם קרייז, צווישן זיינע דערוואַקסענע קינדער, זין און טעכטער, האָט ווידער דער ר ו ס י ש ע ר ייד אין מיר געליטן. ער האָט זיך באַקלאָגט: נישטאָ ביי זיי קיין דרך-ארץ.

— ער איז שוין ביי אונז אַריבער פינף און דרייסיק יאָר. ער

האָט מער חן אין די אויגן פון גויים, ווי בײַ ייִדן. און אפשר האָט ער די גויים ליבער פון די רוסישע ייִדן.

אַזוי האָט מען פֿאַר מיר זיך באַקלאָגט צווישן די רוסישע ייִדן.

און פונדעסטוועגן האָט זיך די גרייז־גרויע געשטאַלט פון וועלינגטאָנער רב שטאַרק אײַנגעקריצט אין מיין זיכרון. שפּעט בײַ נאַכט בין איך דעמאָלט אַרויס פון זיין שטוב. געווען אַ קאַלטע נאַכט. אַ שווערע אויסגעשטערנטע נאַכט. ער האָט מיך אַרויסבאַגלייט פון שטוב. האָט אויסגעשטרעקט זיין בלאַסע האַנט צום הימל און באַמערקט:

— זעט, סאַר אַ גרויסע שטערן דער ניי־זעלאַנדער הימל פאַרמאָגט.

און יעדעס מאָל, ווען איך בין שפּעטער אַליין אומגעגאַנגען אין די קילע, אויסגעשטערנטע נעכט פון ניי־זעלאַנד, איז אויף מיין געדאַנק אויפגעקומען די בלאַסע האַנט, וואָס האָט מיר איינמאָל צו די שטערן אָנגעוויזן.

## שעפּסן.

גרוילעך־גרין זעט איצטער אויס ניי־זעלאַנד. עס איז אָנהייב זומער און די מאַנוקאָ־קוסטעס, וואָס וואַקסן אומעטום געדיכט, זיינען באַשאָטן מיט ווייסע בלימעלעך, און מאַכן ניי־זעלאַנד אויסזען גרוי־גרין. וואו־נישט־וואו איז אַ בוים באַשאָטן מיט רויטע בלומען און שפּילט מיט דער רויטקייט אַנטקעגן דעם טיף־בלויען הימל. אין ניי־זעלאַנד האָבן די הימלען זיך נידעריק אַריבערגעבויגן איבער דער ערד, און הימל מיט ערד קומען זיך זייער נאָענט צוזאַמען, ממש מיטן האַנט צו דערלאַנגען. בײַנאַכט איז דער אויסגעשטערנטער הימל נידעריק און אַזוי שטאַרק אויסגעשטערנט, כאָטש שטרעק אויס די האַנט און רייס די שטערן פון הימל. און שטערן פאַרמאָגט דער ניי־זעלאַנד־הימל גאָר אַ סך, און גרויסע זיינען זיי און שטראַלנדיקע. אַז דער אָוונט־שטערן וואַרפט זיינע

שטראַלן איבערן ים אַרוים, ווערט אַ לויטערער ווע אויסגעשפּרייט איבערן וואַסער, קענסט מיינען אַ יונגע לבנה האָט זיך באַוויזן צווישן די שטערן.

די געגנט איז אַ בערגיק־צעבראָכענע; שווער זיך צו דער־קלייבן צו אַ געגנט אַ פרייער, וואו דער בליק זאָל זיך טראָגן ווייט און ברייט אוּן נישט געשטערט, ווי אין די סטעפּעס פון קאַנאַדע אָדער זיד־אַמעריקע, וואו די הימלען אַנטלויפן ווייט, ווייט צו באַגעגענען זיך מיט דער ערד.

וואולקאַנען האָבן אָנגעהורבעט דאָס לאַנד ניי־זעלאַנד. אויף יעדן טריט און שריט איז צו דערקענען די שפּורן פון אויסגעלאָ־שענע קראַטערס. פאַראַן אין ניי־זעלאַנד ערטער, וואו די ערד־חיל נישט אַנטשוויגן ווערן, רויכערט און שיסט מיט פייער אין הייסע, קאָכעדיקע שטראָמען. אָבער דאָרט, וואו די וואולקאַנען זיי־נען אויף אייביק אַנטשוויגן געוואָרן, האָבן זיי געלאָזן אַ געגנט אַ בערגיקע, און וואו עס זיינען אַמאָל געהען קראַטערס, זיינען איצט אָזערעס טיף־בלויע און בלוי־גרינע.

דאָס גאַנצע לאַנד איז אַריבער הונדערט טויזנט קוואַדראַט־מייל גרויס. ס'איז כמעט אינמיטן איבערגעשניטן מיט אַ רוישיקן ים־פּאַס, וואָס איז פון זעכציק ביז ניינציק מייל ברייט. דאָס איז דער באַרימטער קוק־פּאַס. און אַזוי איז דאָס לאַנד צעטיילט אויף צפון און דרום. דרום — די קאַלטע זייט און צפון —, די וואַ־רעמע זייט. די העכסטע בערג, וואו אַ גאַנץ יאָר רוט דער שניי, זיי פאַרמאָגט דער דרום־טייל. דאָרט געפינט זיך דער באַרג „קוק", וואָס איז הויך אַריבער צוועלף טויזנט פוס. דער דרום־טייל פאַר־מאָגט אויך פלאַך־לאַנד און הייסע קוואַלן. אָבער דער צפון־טייל בליט שענער און די בערג, כאָטש נישט אַזעלכע הויכע, נאָר עס ברומען נאָך פון שלאָף פון צווישן זיי די האַלב־איינגעשלאָפענע וואולקאַנען. אין צפון־טייל געפינט זיך ראָטאָרואַ, וואו די ערד וויל נאָך אויף אַ רגע נישט אַנטשלאָפן ווערן, וואו די ערד ברענט, וויל זיך נישט אָנקליידן אין גרין.

געוועזן אַמאָל ניי־זעלאַנד באַדעקט מיט געדיכטע וועלדער — נישט דורכצוקוקן. עס האָבן די מאַאָרים געוואוסט זייערע סודות.

די מאָארים האָבן געפלאָכטן זייערע לעגענדעס און אַוועקגעשיקט אין דער טיפעניש פון די וועלדער, וואו די לעגענדעס זיינען אויסגעוואַקסן און זיך באַוויזן צו דער ברוינער ראַסע אין געשטאַלט פון געטער און גבורים. אָבער זינט קינדער פון דער ווייסער ראַסע האָבן זיך אַהער אַריבערגעקליבן, איז געקומען אַן אָנשיקעניש אויף די וועלדער. די ווייסע ראַסע האָט די וועלדער אָן אויפהער געצונדן און געברענט. איצטער רייסן זיך די ווינטן פראַנק און פריי אין טראָגן זיך פון איין עק לאַנד צום אַנדערן. פריער האָבן די וועלדער דעם ווינט זיין וועג פאַרשטעלט. עס איז דאָך דער צפון-אינזל אינגאַנצן צוויי הונדערט מייל ברייט אויף זיין ברייטסטן פלאַץ, און ערטערווייז איז דער אינזל בלויז זעקס מייל ברייט, בלאָזן די ווינטן פון אַלע זייטן, און ווינט מיט ווינט גיט זיך די האַנט איבער באַרג און טאָל. ערטערווייז בענקט מען שוין איצטער נאָך די פאַרברענטע וועלדער און מען פלאַנצט נייע וועלדלעך, פון ווינט זיך צו באַשיצן.

ניי-זעלאַנד האָדעוועט שעפסן. פאַר די שעפסן באַדאַרף מען פאַשע. האַקט מען ביימער, ברענט מען וועלדער און מען פאַרזייט גראָז אויף זייער אָרט, און כאָטש מען פלאַנצט נייע וועלדער, אָבער צוליב דעם מענטשנס זכות עלטערן זיך נישט קיין וועלדער. שעפסן, שעפסן, שעפסן. ווייסע אומשולדיקע שעפסן און אויף דער ווייסער פעל אַ תתימה אַן אויסגעברענטע. אַ סימן צו וועמען זיי געהערן.

אַז מען שניידט דורך דאָס לאַנד מיטן באַן, און מען קוקט אַרויס צו דער באַשעפסנטער געגנט, קאָן מען מיינען, אַז אין ניי-זעלאַנד איז דער מענטש אַ טפל, און דער עיקר פון אַלע עיקרים זיינען שעפסן. שעהנווייז בלאָנדזשען די בליקן צווישן די קיילעכדיקע גרינע בערגלעך, ווי גרינע קעפ אַרומגעשווירענע, און פון דער גרינקייט ווייסן זיך אַרויס ווייסע, ווייסע פלעקן. די פלעקן בייטן אַלעווייל זייערע ערטער, אַמאָל צעשאָטן, און אַמאָל דערנענטערט, און אַמאָל קומען זיך צונויף אַלע באַזונדערע ווייסע פלעקן אינאיינעם, אין איין ווייסן שטראָם, און דער שטראָם טוט זיך מיט אַמאָל אַ גאָס אַראָפּ פון באַרג אַראָפּ: אַ סטאַדע שאָף, וואָס האָט זיך דער-

שראָקן פאַר אַ יאַסטרעב אָדער אַן אַנדער פויגל און האָט זיך גע־בומען לאָזן באַרג אַראָפּ.

שעהנוויז פאָרסטו מיטן באַן, און זעלטן ווען צו באַגעגענען אַ תבואה־פעלד. עס לוינט נישט. גרינגער אַ וואַלד צו פאַרברענען און מאַכן, אַז גראָז זאָל וואַקסן, און אויפן גרינעם גראָז סטאַדעס שאָף אַרויסלאָזן. אָבער אַ טרויער איז צו קוקן אויף אַן אָפּגעברענטן וואַלד. ווייל אַ גרינער וואַלד לאָזט זיך נישט פאַרברענען אינגאַנצן ביז צו די וואָרצלען, ווי עס וויל דער אונטערצינדער. עס כאַפּן זיך אָן און עס פלאַקערן די נאָדל־צווייגן, עס פלאַקערט די קרוין פון בוים און קנאַקט און שיסט מיט רויך און פייער אויף אַלע זייטן, אָבער דער שטאַם בלייבט שטיין אַ פאַררויכערטער, פאַרברענט ביז צו דער העלפט, וואו־נישט־וואו האָט זיך אַ בוים אַ גאַנצער אָפּגע־ראַטעוועט און גרינט צווישן דעם עולם אָפּגעברענטע ביימער. ער לעבט און זעט צו, ווי עס טריקנט און גייט אונטער אַ וואַלד אַרום אים. שעפּסן בלאָנקען זיך אַרום תמעוואַטע און צופּן די גראָזן אַרום די פאַרברענטע שטאַמען. אַ טרויער צו קוקן אויף אַזאַ וואַלד.

ווייטער, ווייטער טראָגט זיך דער צוג, און מען באַגעגנט זיך מיט דעם טייך וואַנגאַנוּאי. שטאַרק און ברייט איז דאָ דער שטראָם ווען זיין צייט קומט אָן. די בעט פון טייך איז אויסגעבעט טיף; און ברייט זיך אַריינגעשניטן אין די ריפּן פון די בערגלעך. הויך הענגען אַריבער איבערן שטראָם די זאַמד־און־ליימיקע ברעגעס. איצ־טער איז דאָס וואַסער נישט זייער טיף און עס וואונדערט זיך, צוליב וואָס אַזוי ברייט זיך אויסגעבעט די בעט. מיט אַמאָל קומט די וואַנגאַנוּאי צו אַ שטיינערדיקער און קאַרגער געגנט, ווערן ענג די ווענט פון בעט, ווערט טיף דאָס וואַסער פון דער וואַנגאַנוּאי. טיף און פאַמעלעך און פאַרטראַכט, און נעמט אַריין אין וואַסער־שפּיגל די הימלען פון אויבן און די בערגלעך ביי דער זייט. אָבער קומט די וואַנגאַנוּאי אַרויס פון קלעם, כאַפּט זי אָפּ דעם אָטעם און צעשפּרייט דעם וועג. ברייט און צעשפּליטערט ווערט דער טיפער שטראָם. ציט דער שטראָם אויס הענט אויף אַלע זייטן און יעדע האַנט וואַשט פאַר זיך אַ באַזונדערן וועג.

אַזוי זעלטן צו באַגעגענען אַ הויז. אַזוי זעלטן כאַפּט אויף

דער בליק אַ מענטשן שפּרייזנדיק מיט וועג אָדער שטעג צווישן די גרינע בערגלעך און ווייסע, ווייסע שעפּסן. די ערד איז צעטיילט פון דער ברייטער האַנט. צו עמעצן געהערט שוין די ערד. און אפשר צו עטלעכע עמעצנס. און יעדערער האָט זיין גרויסן חלק ערד אַרומגעצאַמט מיט שורות שטעכעדיקע דראָטן. און וויל אַ שעפּס דורכן צאַם דורכקריכן, לאָזט ער אויף די דראָטן אַ בינטל ווייסע וואָל און מוז זיין קאָפּ צוריק אַרויסנעמען. און טאָמער איז ער דאָך אַדורכגעקראָכן צו אַ שכנס סטאַדע, איז אויך קיין בייז נישט. אויף זיין ווייסער פעל איז אויסגעברענט דער סימן פון באַלעבאָס, און פונקט ווי דער סימן וועט פון אים נישט אַנטלויפן, אַזוי וועט ער שוין פון זיין באַלעבאָס נישט אַנטלויפן. פאַראַן אַ שומר מיט אַ געטרייען הונט. דער באַלעבאָס דאַרף נישט וויסטן דאָ אין וויסטן פעלד. אָן אים וועט דאָס גראָז וואַקסן. אָן זיין ברכה וועט דער שעפּס באַוואַקסן ווערן מיט וואָל. ווען עס באַווייזט זיך יאָ אַ הויז דאָ אָדער דאָרטן, בלאָזט נישט קיין עלנט פון דעם. זעט מען, אַז אינעווייניק איז פאַראַנען שפע און רחבות.

טרעפט אָבער מען באַגעגנט אַ דערפל, עטלעכע הייזער אינאיינעם, אַ שטעטעלע אַ קליינס מיט אַ קלויסטער און אַ טרויעריקן בית־עולמל מיט פלאַכע, בלאַסע שטיינער צוקאָפּנס ביי די קברים, טרעפט שוין ווייב און קינד, אַלט און יונג. זעסט אַן אַלטן געבויגענעם מאַרי, איינעם אָדער צוויי, וואָס פאַרמאָגן נישט קיין ערד מיט דראָטענע צאַמען אַרומגעצאַמט — קוקסטו שוין צו דעם אַלעמען און טראַכסט:

— אַלע טייכן גיסן זיך אין ים אַריין, און עס האָט דער מענטש דאָ אויך אַרויסגעצייכנט זיין לעבן מיט אַ שנור פון עלנד און גרוי, פון שטויב און דערשלאָגנקייט.

ציט זיך דער וועג דורך באַרג און טאָל. דער הימל נידעריק איבערן קאָפּ. דאַכט זיך, באַלד וועט דער צוג זיך אַריינשניידן אין די ברעגעס פון בלויען הימל און זיך אַרויסרייסן פון דער בערגיקער געגנט אין דער פרייער וועלט אַרויס. אָבער די

בערגלעך מערן זיך און מערן און צו די ברעגעס פון הימל איז נאָך אַלץ אַזוי ווייט...

## אַלטע וועגן.

ניי-זעלאַנד האָט זיך איר אייגנעם חן, אַ מיניאַטור-לאַנד מיט חן-גריבעלעך. אָבער מענטשן גיבן אַ נאָמען אַ לאַנד, און די מענטשן מיט זייער אָרדענונג באַשאַפן דעם פּנים פון לאַנד. נישט די ימען, וואָס רינגלען אַרום ניי-זעלאַנד, נישט די פעלזן און די האַפנס, נישט די הייסע אָדער קאַלטע אָזערעס, וואָס וויגן זיך אין די בערג און אין די אויסגעלאָשענע קראַטערס, נישט זיי גיבן דיר אָפּ דעם ערשטן ברוך-הבא.

— עס קוקט צו דיר דאָס לאַנד אַרויס מיט די אויגן פון די איינוואוינער.

דער ניי-זעלאַנדער האָט ליב זיין לאַנד. די ליבע קוקט אַרויס פון דער יונגער בלאַסלעכער פּאָעזיע. און ס'איז באמת פאַרדאַנ וואָס צו באַזינגען די נאַטור. אָבער ניי-זעלאַנד קוקט שוין מיט אויגן פון אַ שטאָלץ פאָלק. אַ פאָלק פון אַ מיליאָן מענטשן — איז דאָך אַ פאָלק, און די פאָר גרעסערע שטעט, וואָס די גרעסטע פון זיי, אָקלאַנד, האָט בלויז אַריבער הונדערט טויזנט איינוואוינער, איז דאָ אַ גרויסע, גרויסע שטאָט. די גרעסטע אין דער וועלט, די שענ-סטע אין דער וועלט. וואָס טוט מען נישט אויס ליבע? וואָס זאָגט מען נישט אויס ליבע? מען פלאַפּלט אויס ליבע. בלויז אַ מיל-יאָן מענטשן, און דאָך איז ניי-זעלאַנד אַ לאַנד מיט אַ פאָלק. אַן אַנגלאָ-זאַקסיש פאָלק מיט ספּאָרט, מיט אַ סך פלייש, מיט שטאַרקן ליולקע-טאַבאַק און מיט וואָלענע זאָקן אין זומער.

אינגאַנצן מיט אַ זיבעציק יאָר צוריק, האָט ניי-זעלאַנד גע-קראָגן איר זעלבשטענדיקע רעגירונג — פּאַרלאַמענט. עמעצער האָט געוואָלט אַוועקשטעלן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אויף בעסערע יסודות. ווער איז דער עמעצער? דער גייסט פון פאָלק? ניין, נישטאָ קיין סימנים פון אַ לעבן, וואָס זאָל האָבן אמתע ליב-טיקע זייטן.

טון=כּל=סוף האָט דער ענגלענדער זיך קיינמאָל נישט אַוועק=געלאָזן ווייט, ווייט, כּדי צו באַשאַפן דאָרטן אין ווייטן לאַנד נייע פאַרמעגן פון לעבן. דער ענגלענדער — באַוואוסטזיניק, צי גאָר אָן אַ באַזונדער כּוונה — האָט שטענדיק געזוכט נייע לענדער, כּדי אַהינצוצו אַריבערפירן אַלטע פאַרשימלטע פאַרמעגן. און סוף=כּל=סוף זיינען דאָך די קריסטלעכע מיסיאָנערן געווען די ערשטע, וואָס האָבן דעם פונדאַמענט אַנידערגעלייגט פאַרן לעבן אין די נייע לענדער. און האָט דען עמעצער מער געקאָנט באַווייזן אַזוי פיל באַנאַליטעט צו באַשאַפן אין אַ ניי לאַנד, ווי די פאָרשטייער פון קריסטנטום? מיט אַ גרויסן שאַבלאָן אין איין האַנט, און מיט אַ עמער גרויע פאַרב אין דער אַנדערער גייען פאָראויס די שלוחים פון דער קריסטלעכער אמונה און שמירן אומעטום דאָס אייגענע גרויע בילד. מאַכן גרוי דאָס לעבן פון פונדאַמענט צום דאַך. די וואָס קומען שפּעטער, געפינען שוין די טיר אָפן צו דער אַלט=נייער קירך. דער שטעג אַן אויסגעטראָטענער. און ביי היינ=טיקע צייטן, אין צייטן פון דראָטלאָזן טעלעגראַף, צייטונגען און וועלט=מלחמות — עס שלייפט זיך די קריסטלעכע וועלט אויף דעם אייגענעם שלייפראָד. זי שלייפט איין פנים פאַר גאָר דער וועלט.

איך האָב פיל מאָל געהערט, אַז די אָרדענונג אין ניי=זעלאַנד איז אַ סאָציאַליסטישע. ניי=זעלאַנד פאַרמאָגט שוין דאָס, פון וואָס די אַלטע וועלט חלומט נאָך. אין אמתן איז ניי=זעלאַנד קאָנסער=וואַטיוו, ווי נאָר עס קען זיין קאָנסערוואַטיוו אַ לאַנד, וואו די ערד איז צעטיילט אין גרויסע חלקים צו איינצעלנע מענטשן, וואו ברויט און פוטער און פלייש איז דאָ גענוג. די אַרבעטער=פראַגע איז נישט ברענענדיק, ווייל דאָס לאַנד פאַרמאָגט נישט קיין זייער וויכ=טיקן אַרבעטער=קלאַס. צווישן אַ זיבעציק דעפּוטאַטן אין פאַרלאַ=מענט זיינען אין מיין צייט געווען אַכט סאָציאַליסטן.

פאַראַנען גוטע אַרבעטער=געזעצן. אפשר מיט אַ פּאָר מער געזעצן, ווי אין אַנדערע לענדער. אָבער אַרבעטער=געזעצן אין אַ נישט=אַרבעטער=לאַנד און פירונג, זיינען ווי נישט קיין געשמירטע רעדער אויף אַ זאַמדיקן וועג. די לאַגע פון דעם אַרבעטער דאָ

איז נישט בעסער, ווי אין ענגלאַנד. טרוקענע שכירות. אָרעמע דירות. אַ פּנים אַן אָפּגעצערטער. ווי אין ענגלאַנד, אַזוי דאָ קוקט דער באַלעבאָס צום אַרבעטער פון אויבן אַראָפּ, און דער אַרבעטער צום באַלעבאָס פון אונטן אַרויף.

די ערד פון ניי־זעלאַנד, וואָס איז צעטיילט געוואָרן אויף צווייען דורך דעם ברייטן פאַס־וואַסער, וואָס הייסט דער קוק־פּאַס, ווען אַמאָל, אין די אוראַלטע צייטן האָט אַ ערד־ציטערניש ניי־זעלאַנד אויף צווייען צעריסן — אָט די ערד איז שוין גוט צעטיילט צווישן באַלעבאַטים. צו טויזנט, צען טויזנט און אפשר צו הונדערט טויזנט אַקער לאַנד פאַרמאָגט איינער. ווער עס האָט עס אויסגענאַרט בײַ די מאַאָריס און ווער עס האָט זיין שטיק ערד באַקומען אויף אַן אַנ־דער אופן. נישט קיין גרויסער אונטערשייד. אין פּאַרלאַמענט זיצן פאָרשטייער פון די לאַנד־מאַגנאַטן. די פאָרשטייער שטאַרקן די הענט פון די פּאָליטיקער און פירער. די רעגירונג פאַרמאָגט געוויסע שטיקער לאַנד, וואָס זי פאַרקויפט נישט צו קיינעם — נאָר זי פאַרדינגט אויף אַ געוויסער שורה יאָרן. דאָס קען אפשר מיינען, אַז די ערד געהערט צום פאָלק. אָבער נישט דאָס בעסטע פאַרמאָגט די רעגירונג און נישט גרויס איז די הילף, וואָס די רעגירונג גיט צו אַזעלכע, וואָס קומען צו איר נאָך ערד. עס פאַרמאָגט דאָך די נאָרד־אַמעריקאַנער רעגירונג אויך גענוג מדבריות און שטיינערנע געגנטן. עס פאַרמאָגט דאָך די קאַנאַדער רעגירונג אויך גענוג לאַנד — כמעט ביז צום נאָרד־פּאָל. און אַזוי איז מיט אַרגענטינע און בראַזיליע. פונדעסטוועגן וועט קיינער נישט זאָגן, אַז אין יענע לענדער געהערט דאָס לאַנד צום פאָלק. דאָס לאַנד געהערט צו עמעצן. דער עמעצער רעגירט אין לאַנד און האָט פאַר דעם אַנ־דערן שטיינער אין בוזים. ווייל נישט גרויס איז די הילף, וואָס די רעגירונג גיט צו אַזעלכע, וואָס קומען זיך באַזעצן אויף דער ערד. ווי אין ענגלאַנד, אַזוי אויך דאָ זעט מען בולט אַרויס דעם רייכן און ביים זייט דעם אָרעמאַן. עס פעלט נישט אין די גאַסן פון די קליינע־גרויסע שטעט אַזעלכע, וואָס שטרעקן אויס די הענט און בעטן נדבות.

די שרעק, וואָס מען האָט אָנגעוואָרפן אויף די ווייטע, יונגע

מדינות, אַז דער דייטש גייט זיי אײַנשלינגען, כּדי די ווײַטע, יונגע לענדער אַרײַנצושלעפּן אין דער וועלט־מלחמה אַרײַן, די שרעק אַנטוויקלט זיך נאָך ערשט איצטער. די מורא פאַר יאַפּאַן איז נאָך טאָפּלט גרעסער, דעריבער האָט מען דאָ געצוואונגענע מיליטער־דינסט. פון ייִנגלווייז אָן באַדאַרף דער מאַן זיך לערנען, ווי צו האַלטן אַ ביקס אין האַנט.

אויך דאָ איז עפּעס פאַרהאַן גוטס אין לאַנד, וואָס עס מעגן זיך אַ מוסר אַראָפּנעמען די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמע־ריקע. דאָ ווערט נישט אָנגענומען קיין דירעקטע מיטלען צו פאַר־טיליקן די עטלעכע און פופציק טויזנט מאַאָרים, וואָס לעבן דאָ אין לאַנד. און כאָטש מען האָט בײַ זיי די בעסטע ערד אַרויס־גענאַרט, אָדער מיט גוואַלד צוגענומען, און כאָטש מען האָט זיי פאַרטריבן נענטער צו די ווולקאַנען און הייסע קוועלן, דאָך מעג זיך אַמעריקע אַראָפּנעמען אַ בײַשפּיל בנוגע דעם אופן, ווי זי באַהאַנדלט די אינדיאַנער. די מאַאָרים זײַנען ניט פאַרשפּאַרט אין באַזונדערע, אָפּגעצאַמטע רעזערוואַציעס. האָבן פּריווילעגיעס און פרייהייטן. אין פּאַרלאַמענט האָבן זיי פיר, אייגענע פאַרטרעטער. איך האָב באַמערקט, אַז אין ניי־זעלאַנד האָט מען כמעט אַ טראַ־דיציאָנעלע אַכטונג צו די ברוינע מאַאָרים.

בכלל איז דאָס פאָלק פון ניי־זעלאַנד אַ געטרײַ קינד פון ענגלאַנד. בלוט פון דער מאַמע ענגלאַנד. איך ווייס נישט, אויב די מאַמע ציטערט אַזוי איבער אירע קינדער, ווי די ווײַטע קינדער בעטן גאָט פאַר דער מאַמען. און סײַ דאָס גוטע, און סײַ דאָס שלעכטע איז געקומען בירושה. כאָטש דער וועג איז אַ ווײַטער, דאָך פאָרט מען צו דער מאַמען צו גאַסט און מען קוקט זיך צו ווי עס פירט זיך בײַ די עלטערע ברידער און שוועסטער. מען קוקט זיך צו, ווי אַזוי עס פירט זיך אין דער גרויסער שטאָט לאָנדאָן.

דעריבער האָט ניי־זעלאַנד, אין פאַרגלײַך, גאַנץ שיינע מו־זעאומס, וואו מיט גרויס ליבע זײַנען צונויפגענומען אַלע זאַכן, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער היסטאָריע פון לאַנד — עס מיינט גיכער מיט דעם לעבן פון די מאַאָרים. ביבליאָטעקן. אַלטע מאַנו־סקריפּטן, ווי אין לאָנדאָן. עס פאַרמאָגט אָקלאַנד — די גרעסטע

שטאָט פון ניי=זעלאַנד — אַ בילדער=גאַלעריי. כאָטש די בילדער זיינען כמעט נאָר פון ענגלישע מאָלער, און נישט פון די בעסטע, דאָך איז עס פאַר ניי=זעלאַנד נאָך מער, ווי אַ סך.

און אַז אַ פרעמדער גייט פון איין אינסטיטוציע צו דער אַנדערער, פילט ער, אַז אין ניי=זעלאַנד לעבט אַ יונג=קליין=אַלט פאָלק, וואָס האָט זיך זיינע איינגעפונדעוועטע באַגריפן און וועגן אין לעבן: די אייגענע וועגן, פון וועלכע די אַלטע וועלט איז שוין אַזוי מיד געוואָרן.

# בלומען.

אין אַ זוניקן און הייסן פאַרנאַכט בין איך אָנגעקומען קיין אָקלאַנד, די גרעסטע שטאָט אין ניי=זעלאַנד, וואָס פאַרמאָגט אַריבער הונדערט טויזנט איינוואוינער און צווישן זיי ביי אַ פינף הונדערט יידישע נפשות. עס איז מיר שווער געווען איינצוזיצן אין צימער פון האָטעל, ווי נאָר איך האָב דעם אַבק=הדרך פון זיך אַראָפּגעשטויבט. דער פאַרנאַכט איז געווען צו שיין, און די וואַסערן אַרום שטאָט האָבן געצויגן צו זיך. און ווען נאָך אַ שפּאַציר דורך די זויבערע, שיינע, באַמויערטע גאַסן האָב איך מיר אומגעקערט צוריק אין האָטעל אַריין, האָט מען מיר איבערגעגעבן אַ וויזיטקאַרטע און אַ בונט פרישע בלומען. לויט דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון די בלומען און זייער פרישקייט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די בלומען קומען נישט פון קיין געשעפט, נאָר פשוט, איצטער נאָר=וואָס אין גאָרטן אָנגעשניטן. אָבער נאָך מער חידוש איז געווען צו לייענען אויף דער קאַרטע דעם נאָמען פון אָקלאַנדער רב. כאָטש אין וועג פאַרלירט מען אַ סך סענטימענטאַלע שטריכן, פונדעסטוועגן בלייבט נאָך איבער אַ פּלאַץ אין דיין וועזן פאַר אומגעריכטע בלומען, ווען עס ברענגט דיר אַ פרעזאָן, פון וועמען נישט קיין בלומען האָסטו געוואַרט אין דיין לעבן.

ווידער האָב איך מיר פאָרגעשטעלט, אַז דער רב, וואָס שיקט בלומען, איז אַ יונגערמאַן. וואָרעם ווי קאַן עס גאָר זיין אַנדעריש?

אָבער אין אַ ווײַלע אַרום, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר. איך האָב געבעטן אַרײַנקומען, און דאָס איז געווען דער רב.

אַ גרייז־גרויער ייד, אַ בן־שבעים. מיט אַ קלוגן און מילדן פּנים, מיט אַלע סימנים פון אַ תלמיד־חכם אין זיין בליק.

— יאָ, דאָס האָט ער עס פריער געבראַכט די בלומען.

אין זיין שלום־עליכם איז געלעגן די וואַרעמקייט פון אַ ליבן פעטער, אָבער נישט דער אָנגעצויגענער שטאָלץ פון אַ יידן אָדער אַלטן רב. איך האָב מיר נישט געקאָנט איינהאַלטן און באַמערקט:

— איך דערקען, אַז די בלומען קומען פון אַן אייגענעם גאָרטן.

— יאָ, פון מיין גאָרטן.

— אַ חידוש.

— יאָ, פון מיין אייגענעם גאָרטן, — האָט ער געענטפערט מיט שטאָלץ. — אַלץ, וואָס מיר איז געווען ליב יינגלווייז, האָב איך נאָך אַפילו איצטער אויך נישט אַוועקגעוואָרפן. נאָר מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז ביי אונז געווען אַ גרויסער שטורעם־ווינט, האָט ער געמאַכט אַ גרויסן חורבן פון מיין גאָרטן.

— ווי לאַנג זייט איר שוין דאָ רב?

— געווען נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, ווען איך בין אַהער אָנגעקומען פון ענגלאַנד. אָבער געבוירן בין איך ערגעץ אין דער ליטע. געדענק נישט דעם אָרט. געדענק נישט די שטאָט.

מיר זיינען אַרויס דרויסן, און ער האָט מיך פאַרפירט אין דער אַריסטאָקראַטישער גאַס, וואו די יידישע שול געפינט זיך. אַ ווייסער, זויבערער בנין קוקט אַריבער צום ים־אויסגוס. אין אונטערשטן שטאָק איז די זונטאָג־שול פאַר יידישע קינדער. אַהין האָט מען מיך פאַרפירט. און נאָך דעם, ווי ער האָט דערציילט פון זיין לעבן, אַרבעט און אַלערליי יינגלשע שוואַכקייטן, איז ער אַוועק אין אַ זייטיקן, פינסטערן צימער און האָט פון דאָרטן אַרויסגעבראַכט אַ פאַרשטויבטע שייד און פון אינעווייניק אַרויסגענומען אַן אַלטן וויאָלאָנטשעל.

— איך האָב אין די יונגע יאָרן געשפּילט. איצטער אַ ביסל זיך אָפּגעלאָזן. האָט איר ליב צו הערן כל־נדרי שפּילן?

איך בין געזעסן אין ווינקל און באַטראַכט דעם אַלטן ייִדן, וואָס איז פאַרליבט אין זיינע ייִנגלשע יאָרן און איצטער איז ער רב ערגעץ אין עק־וועלט. אים איז איינגעפאַלן צו שפּילן דווקא כל־נדרי דעם פרעמדן, וואָס איז פון אַ ווייט לאַנד געקומען. מען האָט געקאָנט דערקענען נאָכן שטויב, וואָס אויפן שייד, אַז לאַנג, גאָר לאַנג, האָט ער שוין נישט געשפּילט. און אַז דער אַלטער וויאָלאָנטשעל ברוגזט זיך פאַר דער אומזיסטיקער שטערונג. ערשט איצטער, אַז ער האָט זיך איבערן וויאָלאָנטשעל אַריבערגעבויגן און זיך פאַרמאָסטן מיטן בויגן איבער די סטרונעס, האָב איך דערזען, אַז אַלץ איז פאַרשפּילט. די הענט ציטערן, און נישט נאָר די הענט זיינע האָבן געציטערט...

— איצטער האָט זיין האַרץ, זיין גאַנצער וועזן געציטערט און געטריבן זיינע פינגער צו בלאָנדזשען איבער די מיד אָנגעצויגענע סטרונעס, ווי דורך אַ גרויסן לאַבירינט.

קוקנדיק אויפן פרעמדן פון יענער זייט זיבן ימען, האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין יוגנט און זיין אייגענעם וועג אַהער. פון זיין אויפסניי־אָנגעצונדענעם בליק האָט דער וואַנדערער אַרויסגעקוקט. אַן אַלטן ייִדישן וואַנדערער האָב איך פאַר זיך געזען, אָבער נישט קיין רב.

זיינע פינגער האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן איבער די סטרונעס. דער ציטער פון זיין גאַנצער האַנט האָט איבער זיינע פינגער געוועלטיקט. דער כל־נדרי איז אַרויסגעקומען אַ צעבראָכענער, אַ חרובער, אַ טראַגישער און גוססער. ווען ער האָט געענדיקט, איז ער אַ ווײַלע געבליבן זיצן אַזוי, דער קאָפּ געבויגן, פאַרטראַכט איבערן וויאָלאָנטשעל. אויפהייבנדיק זיך, האָט ער באַמערקט:

— יאָ, די הענט ציטערן, מען ווייס עס אַליין נישט ביז מען פּרוּווט נישט אויס די פינגער אויף די סטרונעס.

דעם אייגענעם פאַרנאַכט האָט ער מיר נאָך באַוויזן זיין גרויסע ביבליאָטעק און די ספרים אין אַלערליי שפּראַכן בנגע ייִדנטום. שפּאַצירט צווישן זיינע בלומענבייטן, וואָס הינטער זיין שטוב.

איך האָב נאָך שפּעטער אויסגעפונען, ווי באַליבט ער איז אין זיין קהילה. און וואָס פאַר אַ גוטער מורה־דרך ער איז צו זיין

קהילה און צו זיינע יידן, וואָס באַשטייט, דער עיקר, פון רוסי־
שע יידן.

אָבער ווען איך האָב געהאַלטן מיין פּאָרטראָג מיט אַ פּאָר
טעג שפּעטער אין דער אייגענער זונטאָג־שול, וואָס אונטער דער
שול, זיינען מער ווי צוואַנציק יידן נישט געקומען, כאָטש דער
רב אַליין האָט זיך באַמיט דעם עולם מודיע זיין וועגן דעם, און
כאָטש ער אַליין איז געווען דער פּאָרזיצער, אָבער דער עולם איז
נישט געקומען. אַ גוטער מורה־דרך איז ער געווים, און אונזערע רו־
סישע יידן האָבן זיך געלאָזט פון אים אַוועקפירן אָן אַ זייט פון
דעם באַרג, פון וואַנען מען קען באַטראַכטן אונזערע צעוואָרפענע
מחנות.

עס איז מיר פיל ליבער געוואָרן וועלינגטאָן, וואו דער רב
איז נישט קיין תלמיד־חכם און וואָס אונזערע רוסישע יידן לאָזן
זיך פון אים נישט פירן. מיט אַ טרויעריקן געפיל בין איך אומגע־
גאַנגען אין אָקלאַנד דורך די שיינע, באַמויערטע און ליכטיקע גאַסן,
און אַזוי איינמאָל האָב איך באַמערקט אין אַ שניידער־קרעמל אַן
אַלטן פּאַטריאַרכאַלישן יידן פאַרטיפט אין זיין געניי. איך בין אַריין
אינעווייניק און אים איבערגעשלאָגן. ער האָט געמיינט, אַז דאָס
איז עמעצער געקומען באַשטעלן ביי אים אַרבעט. ער האָט מיך
פון אַהינטער די ברילן באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס. איך האָב
אָבער אָן הקדמות, אָנגעהויבן אין יידיש:

— ווי גייט עפּעס אַ יידן אין ניי־זעלאַנד?

— וואָס מיינט איר?

— גאָרנישט מיין איך. פּשוט. איך זע אַ שיינעם יידן מיט
אַזאַ יידישן אויסזען, פרעג איך, ווי עס גייט אים אין אין אַזאַ
ווייט לאַנד.

— יונגערמאַן, איך בין נישט קיין ייד.

— איר רעדט דאָך יידיש און איר זעט דאָך אויס אַזוי
יידיש.

— איך בין אַ קאַטאָליק.

— סטייטש!

— יאָ, יונגערמאַן, — האָט ער שוין מיט כּעס צוגעגעבן, — וואָס וואונדערט עס אײַך? אַזוי? מײַן זון איז אַ קאַטוילישער גלח, בין איך געוואָרן אַ קאַטאָליק. נו, איז וואָס, אַז איך רייד יידיש?

האָט מער גאָרנישט געזאָגט און זיך פאַרנומען צוריק מיט זיין אַרבעט. האָט אַ שוואַרצן בגד געסטריגעוועט מיט ווייסן פאָדים.

אַזוי קריגט מען אַמאָל בלומען אין ווייטע לענדער.

## ראָטאָרואַ.

די ערד פון ניי-זעלאַנד וואַרפט זיך נאָך גאַניץ אָפּט פון שלאָף. וויל זיך נישט באַרויקן און ווערן איינגאַנצן אונטערטעניק. וואו נישט-וואו רויכערן נאָך וואולקאַנען. זודיקע שטראָמען פליסן דורך די אָדערן פון דער ערד און זוכן אַ וועג צו דער פרייער וועלט אַרויס. אין ראָטאָרואַ קאָן מען נאָך אַריינקוקן אין די בלוטן פון דער ערד, און שמעקן דעם הייסן שוועבל-ריח, וואָס קומט אַרויס פון איר טיפעניש.

ראָטאָרואַ — צוויי אָזערעס. די מאַאָרים האָבן דעם אָרט הייליק געהאַלטן און מיט לעגענדעס אַרומגעוועבט. צוויי אָזערעס, אָבער אין זייער שפּראַך, וואָס האָט כמעט אַ העלפט פון אונזער אלף-בית, קלינגט עס שענער: ראָטאָרואַ.

ראָטאָרואַ. איין אָזערע איז אַ בלויע און די אַנדערע אַ גרינע. ביידע טיפע. קאַלטע. געפינען זיך אין מויל פון אויסגעלאָשענע קראַטערס.

אָבער נישט די צוויי אָזערעס באַשאַפן די גרויסקייט פון דעם געגנט, מיט וועלכער ניי-זעלאַנד באַרימט זיך און גרויסט זיך. געוויס דער שענסטער ווינקל אין לאַנד. אָבער די שיינקייט איז אַ גרויליקע, אַ אוראַלטע און ברענענדיקע, אַ יונג-יונגע און צאָרנדיקע. אויף מײַלן און מײַלן ליגט די ווילדע בייזע שיינקייט אויסגעגאָסן. אויף מײַלן און מײַלן ליגן צעוואָרפן לאַוואַ-בערג און פעלזן-בערג. נאַקעטע. אָן אַ שמייכל. האַלטן אין זייער שויס אָזערעס קאַלטע און הייסע. גרינע און בלויע. עס שמייכלט נישט

צו דיר קיין איין ווינקל פון ראָטאָרוואַ. אַפילו דער רעגנבויגן־באַרג, וואָס קוקט אַרויס כמעט העכער פון אַלע בערג און שיינט אַרויס מיט זיין נאַקעטער נאַקעטקייט, וואָס איז אין רעגנבויגן־פאַסן צעשניטן — עס שיינט די זון אויף אים — און מיט זיין גאַנצן פאַרבן־שפּיל דריקט ער אויס צאָרן און ווינקט:

— דערווייטער זיך פון דאַנען!

און וואָס ווייטער דו קומסט אַריין אין דער געגנט, אַלץ מער שפּירסטו, ווי די געגנט וואַרפט אויף דיר איר מאַנטל, און באַלד ווערסטו ווערן פאַרמישפּט צו ווערן פאַרשטיינט אָדער פאַרשטיינערט. אַפילו אין קאָלאָראַדאָ און אַריזאָנאַ ווערט מען נישט אַזוי צע־דריקט פון דער בייזער שטיין־ממשלה. אַדרבה, צייטנווייז ווערסטו פאַרברידערט מיט די פעלזן. אָבער דאָ — עס העלפט נישט צו פאַרגרינגערן דיין געמיט אַפילו דער געניטער וועגווייזער, אַ יונ־גער, שלאַנקער מאַאָרי מיט שפּאָרן אויף די שטיוול. ער גייט און דערציילט:

— אָט דאָרטן, אין טאָל, וואו עס גייט איצטער אַ פּאַרע פון דער ערד, דאָרטן איז געווען אַ דאָרף פון עטלעכע הונ־דערט מאַאָרים, האָט די ערד אַ ציטער געטאָן און זיי אינגאַנצן פאַרשאָטן מיט הייסער לאַווע.

— וואָס פאַר אַ גוטער יאָר האָט געצוואונגען דיינע לייט דאָרטן זיך צו באַזעצן?

— האָבן ליב צו וואַשן זיך אין די הייסע וואַסערן. און זעסטו דאָרטן, וואו עס קאָכט און בלאָזט אויף דעם זאַמד? דאָרט זיינען געווען די באַרימטע ראָזע און ווייסע טעראַסן, וואָס פון דער גאַנצער וועלט איז מען געקומען זיי זען.

— וואו זיינען איצטער די טעראַסן?

— ס'האָבן די פייערן פון דער ערד זיי אויפגעריסן. יאָ, סער, די פייערן פון דער ערד האָבן זיי אויפגעריסן. אויף הונדער־טער מיילן האָט מען געהערט דעם אויפרייס. אונזער גרויסער מלך האָט געזען מיט אַ טאָג פריער, ווי פון דער טיפעניש פון דער הייסער אָזערע איז אַרויסגעקומען אַ קאַנו, אין איר אַ גרוי־סער פירער, וואָס האָט אָנגעוויזן צו די ראָזע און ווייסע טעראַסן.

אַלע האָבן פאַרשטאַנען דעם סימן. אויף מאָרגן איז עס געשען. לאַנג, לאַנג וועט דויערן ביז נייע טעראַסן וועלן ווידער געבוירן ווערן. די שטראָמען וועלן קאָכן און שיטן פון דער טיפעניש און וועלן אַנדערע טעראַסן באַשאַפן, נאָך שענערע, ביז וואַנען עס וועט זיך ווידער באַווייזן דער גרויסער פירער אין זיין קאַנו איבער דער הייסער אָזערע.

די פעלזיקע בערג און די וואולקאַנען, וואָס רויכערן אַרום, דער טיפער געמורמל, וואָס טראָגט פון אַרום און אַרום, און דער ריח פון שוועבל, אַייזן און קופער — זיי נעמען צו דעם גע־דאַנק פון ווענגווייזער און זיינע רייד. פון הינטער אַ פעלז שלאָגט אַ גדיכטע הייסע פּאַרע. עס קאָכט אינעווייניק. דער געוויש — ווי אַן אָזערע וואָלט דאָרט זידן אין דער טיף, אַריבערגעדעקט מיט אַ פעלז. פון צייט צו צייט שיסט אַרויס אינאיינעם מיט דער פּאַרע אַ קאָכעדיקער שטראָם. דאָס וואַסער קאָכט נאָך אַ צייט דרויסן, לויפנדיק באַרג־אַראָפּ. פון ערגעץ קומט אָן אַ רויט טיי־כעלע. פון דעם שלאָגט אַ ריח פון פאַרזשאַווערטע אַייזן. פון אַן אַנדער געגנט קומט אָן אַ גרינער שטראָם, טיף גרין, און ביי די ברעגעס דער זשאַווער פון קופער.

אָט איז די ראָטאָ־מאָהאַנאַ! די הייסע אָזערע. הייס־קאָכע־דיק. מען ווייסט נישט איר טיף. דאָס מויל פון אַ קראַטער, אפשר אַ מייל לאַנג און ברייט. גרין איז דאָס וואַסער. שוועבלדיק גרין. און אפשר ווי די צאַרטע גרינקייטן פון די בעריאָזע־בלעטלעך בשעת זיי וויקלען זיך אַרויס פון די קנאָספּן. פליט דורך איבער אַ ווייסער וואַסער־פויגל, פליט אין ערגעץ צו אַ קאַלטן וואַסער, קומט ער איבער דער ראָטאָ־מאָהאַנאַ און גרינקייט שפיגלט זיך אין זיינע ווייסע פעדערן, בויך און פליגל.

צום פנים פון וואַסער קומען פון דער טיף בלעזעלעך און פענ־כערלעך און דימענטלעך און ווערן צעפּלאַצט מיט אַ שטיל קלינ־גענדיקן וואַסער־קלאַנג. אין דער טיפעניש ערגעץ פלאַקערן פייערן, און דער אָפּגרונט זידט און קאָכט.

אַ מאָטאָר־שיפל נעמט אונז איבער דער ראָטאָ־מאָהאַנאַ. נעמט אונז דורך דעם מויל פון קראַטער. איך שפיר די פייערן, וואָס

שלאָגן אין דער טיפעניש. די פייערן, וואָס לעשן זיך אין ד־ אָרעמס פון דער ראָטאָ־מאָהאַנאַ, דער גערויש פון קאָכעדיקע וואַסערן ווערט שטאַרקער, ווען מען דערנענטערט זיך צו דער אַנדערער זייט, צו אַ שורה צעפּלאַצטע פעלזן, וואָס פון די שפּאַלטן אַרויס פּיפּט און פּאַפּט און פּייפט און שיסט מיט פּאַרע און וואַסער. זיילן הייסע פּאַרע. שטראָמען קאָכעדיקער וואַסער.

נישט נאָר אַ וואַסער־גערויש דערטראָגט זיך פון דער טיף, נאָר אַן אָפּקלאַנג פון ווייטע דונערן. פון שווערע, טעמפּע צוזאַמענשטויסן. שפּירסט, ווי די גאַנצע געגנט אַרום ציטערט. דער אָפּגרונט ציטערט. פאַרגעסט, אַז ערגעץ־וואו האָט זיך די ערד שוין מילד געמאַכט און אונטערטעניק: מען אַקערט און זייט. די ערד איז מיט גרין באַדעקט, און ביימער וואַקסן צוגעדעקטע מיט ווייסע בליטן אָדער באַהאָנגענע מיט זאַפטיקע פּירות. דאַכט זיך, דו ביסט אַנטשלאָפן געוואָרן, און זיך אויפגעכאַפּט און געפונען, אַז די גוטע ערד איז חרוב געוואָרן. פייערן האָבן זיך פון דער טיפעניש אויפגעכאַפּט און חרוב געמאַכט אַלץ, וואָס האָט צוגעדעקט די מילדע ערד. אונטער לאַווע־בערג ליגט אַלצדינג באַגראָבן, נאָר איך אַליין בין אַנטרונען געוואָרן און פאַרשאָלטן געוואָרן אומצוגיין איצטער אין דער סדום־געגנט, אָטעמען דעם הייסן שוועבל־ריח און זיך צוהערן צו די געשרייען און גסיסה־קרעכצן, וואָס קומט אַרויס פון אונטער דער אויפגעהורבעטער לאַווע.

אָט קומט אַ קאַלטער שטראָם. אַ קאַלטער קוואַל שלאָגט פון דער ערד אַרויס. שוין נישט מיט אַזוי פיל גערויש. דאָס וואַסער איז קלאָר און דורכזיכטיק. אַ קאַלטע דורכזיכטיקייט.

ווי אַזוי האָבן זיך די שטראָמען אויסגעמיטן אונטער דער ערד? פונקט ווי פון אַייזבערג וואָלט דער שטראָם דער קאַלטער געקומען דעמאָלט, ווען די זון הייבט אָן דעם אײַז צו שמעלצן, און נישט פון אַ גלוטיקער ערד אַרויס.

— ווי אַזוי גייען זיי דאָרט זייט בײַ זייט די קאַלטע און הייסע שטראָמען, די הייסע שוועבל־שטראָמען מיט די לויטערע קאַלטע, קוואַליקע וואַסערן?

נישט אומזיסט האָבן די מאַאָרים דאָ געטער באַשאַפן. גוטע געטער און בייזע, צאָרנדיקע געטער.

און די נעמען פון אַלע געטער: ראָטאָרואַ. ראָטאָ־מאָהאַנאַ. וואַקאַ־רעוואַ־רעוואַ. טיקאַ־טערי...

איר הערט אַ גערויש פון קאָכעדיקע וואַסערן אין דעם קלאַנג. אַ גערויש פון זודיקע שטראָמען אין דער טיפעניש. אַ גערויש פון פייער און וואַסער־שטראָמען, וואָס באַגעגענען זיך און מיידן זיך אויס....

# די מאַאָרים.

אין ניי־זעלאַנד באַגעגנט מען זיי אומעטום. אין שטאָט צי אין דאָרף, אין פעלד אָדער ביים באַן, אַרום די אָזערעס אָדער הייסע קוואַלן באַגעגנט מען זיך מיט זייערע מיסטעריעזע בליקן. דאָס לאַנד האָט מען ביי זיי צוגענומען, אָבער פריי אומגיין אין לאַנד קאָנען זיי. נישטאָ פאַר זיי קיין פאַרצאַמטע וועגן.

ביי אַ פופציק טויזנט מאַאָרים פאַרמאָגט ניי־זעלאַנד. פופציק טויזנט צווישן אַ פאָלק פון אַ מיליאָן איז צו דערקענען. בפרט, ווען דאָס מיליאָנען־פאָלק איז ציטעריק־ווייס און דער מאַאָרי — פון זיינע אויגן קוקט אַרויס די וואולקאַנישע ניי־זעלאַנד.

— ווען זיינען די מאַאָרים אָנגעקומען קיין ניי־זעלאַנד?

נישטאָ ביי זיי קיין געשריבענע היסטאָריע. פאַרמאָגן טראַדיציעס רייכע, וואָס הייבן זיך אָן מיט איין מלחמה און ענדיקן זיך מיט דער אַנדערער. באָבע־מעשיות, וואָס זיינען נאָך פאַרבונדן מיט די קאַניבאַלישע אינסטינקטן. אָבער דאָס איז קלאָר, אַז אין פערצנטן יאָרהונדערט זיינען זיי שוין געווען אין ניי־זעלאַנד. יעדער ווינקל פון לאַנד טראָגט אויף זיך דעם מאַאָרים אַ נאָמען. אַלטע נעמען, וואָס אַפילו די פריסטער און זקנים האָבן שוין זייער באַטייט פאַרגעסן.

אַחוץ די נעמען פון די עטלעכע גרעסערע שטעט, ווי אָקלאַנד, וועלינגטאָן, קרייסטשורטש און אפשר נאָך אַ פּאָר, זיינען די נעמען פון טייכן, אָזערעס, וואַסער־פאַלן, קוואַלן, בערג און טאָלן —

זייערע נעמען. און מיט די נעמען באַנוצט זיך די ווייסע ראַסע: אַראַטיאַנאָ=וואַסער=פאַלן. די קאַראַפיטי=ווינט=הייל. האַמאַראַנאַ=קוואַל. טאַראַווערא=אָזערע. וואַנגאַנואי=טייך. און אַזוי וועבן זיך די האַלב=פאַרגעסענע טראַדיציעס פון עק לאַנד צו עק לאַנד. זייער מיטאָלאָגיע איז אפשר אַזוי אינטערעסאַנט, ווי די סקאַנדינאַווישע, און זייערע געטער זיינען געווען פול אין אַלע וועלדער, אין אַלע וואַסערן, וואָס אַרום ניי=זעלאַנד און אין ניי=זעלאַנד. אַנדערע געטער זיינען פאַרשאָלטן געוואָרן צו ווערן פאַרוואַנדלט אין אינזלען און אַנדערע זיינען געוואָרן פאַרוואַנדלט אין פעלזן, וואָס קוקן אַרויס פון רוישיקן ים. עס איז אַ פאָלק, וואָס ציילט נישט די טעג, נאָר די נעכט. מען פרעגט נישט: וויפל טעג ביסטו שוין דאָ? נאָר: וויפל נעכט ביסטו שוין דאָ.

זיי האָבן פאַרקויפט זייער נשמה צו טויזנטער געטער און צו אַלעמען געבראַכט קרבנות. איין גאָט האָט פאַרלאַנגט דאָס בלוט פון קלענסטן פויגעלע און דער אַנדערער — דאָס פלייש פון מענטשן=קינד.

ביי אַ פופציק טויזנט זיינען זיי דאָ. דער גרעסטער צווייג פון די פאָלינעזער שבטים דאָ אויף די דרום=אינזלען. נישט אַזוי שיין, ווי דער טאַהיטער, אָבער מיט מער כוחות צום ווידערשטאַנד, ווי יענע. מיט מער קאָפּ און מוח. כאָטש מיט אַ הונדערט יאָר צוריק זיינען די מאַאָרים געווען די ברוטאַלסטע קאַניבאַלן. כאָטש מיט אַ קנאַפּע הונדערט יאָר צוריק האָט מען נאָך געגעסן דאָס פלייש פון שונא און מקריב געווען מענטשן=הערצער צו די געטער. זייערע קאַנוס זיינען די פיינסטע און זייערע שניצערייען איז צו באַוואונדערן. די־זער געשניצטע פון אויסנווייניק און פון אינעווייניק מיט די פיינסטע סימעטרישע ליניען און פיין=געצייכנטע פיגורן. ביז די ווייסע זיינען אָנגעקומען האָבן זיי נישט געוואוסט פון קיין אייזן און שטאָל. פון שטיין און ביין האָט מען געמאַכט האַק און מעסער, דלאָטע און נאָדל — פון מענטשן=ביין, דאָס פיינע אינסטרומענטל צו טאַטויִרן דאָס לייב. און פון מענטשן=ביין האָט מען געמאַכט דעם פיינעם האַטשיק פיש צו כאַפּן. און ווי אַזוי האָט

מען געקאָנט מיט אַ שטיינערנעם מעסער אָזעלכע וואונדערלעכע שני־צערייען באַשאַפֿן? פֿון די שניצערייען קוקט אַרויס געדאַנק, פֿאַנ־טאַזיע — רעליגיאָנס־פֿילאָסאָפֿיע. פֿון די שניצערייען קוקט אַרויס אַ בולבלוטיק פֿאָלק.

דאָס פּנים ברוין־בלאַסלעך און אויגן שוואַרצע. מענער ברייט־פּלייציקע. אַנדערע מיט אָדלער־נעזן, שוואַרצע בערד און געדיכטע שוואַרצע, גלאַטע האָר באַדעקט דעם קאָפּ. די פֿרויען קרעפֿטיק, גראַציעז און מיט אַ דורכזיכטיקייט אין דער ברוינקייט פֿון פּנים. די ליפּן עטוואָס פֿאַרקאַשערט, וואָס גיט צו חן צום פּנים. עפּעס סעמיטישעס פֿאַרמאָגט דער פּנים. פֿילסט צו זיי אַ נאָענטקייט. אָבער וואָס פֿאַר אַ תּהום עס ליגט צווישן דעם אַלטן און נייעם דור:

די ליפּן פֿון דער אַלטער מוטער זיינען נאָך טאַטויִרט מיט בלויער פֿאַרב און מיט בלויע קרייזעלעך איז באַזעצט איר מאָ־דע ביז צו האַלז. ווייל מיט נאָך אַ דור צוריק האָט זיך נישט גע־טאָרט באַווייזן אין גאַס אַ חתונה־געהאַטע פֿרוי, ווען אירע ליפּן זיינען נישט געווען בלוי טאַטויִרט. די נאַטירלעכע ראָזע ליפּן זיינען געווען אַ חרפּה און אַ שאַנד נאָך דער התונה. און דער פֿאָטער פֿון אַלטן דור — אַזאַ שטרענגע מיסטישע שאַרפֿקייט קוקט אַרויס פֿון די אויגן ביים אַלטן מאַן, וועמעס פּנים איז באַ־דעקט מיט אָן אַ צאָל קרייזעלעך, געטאַטויִרט ברייט און לאַנג, און וועמעס נשמה עס באָדט זיך נאָך אין נעפּל פֿון אַלטע קאַניבאַלישע טראַדיציעס, און ביים זייט דער יונגער דור, מאַן אָדער פֿרוי, בחור אָדער מיידל — אַזוי פֿיל איינגעבוירענע גוטסקייט און צערט־לעכקייט, נאַטירלעכער שמייכל און נאַטירלעכע פֿרייד קוקט אַרויס פֿון פּנים און די אויגן! וואונדערסט זיך, ווי אַזוי איז דאָס מעג־לעך, אַז אָט די אַלע חנעוודיקע ברוינלעכע מיידלעך און בחורים זיינען קינדער פֿון די קריגערישסטע שבטים. קינדער פֿון די בלוטיקס־טע שבטים, וואָס האָבן דורך אַלע דורות געפֿאָרשט, ווי אַזוי בעסער צו פֿאַרניכטן דעם שכן און ווי אַזוי צו מאַכן שאַרפֿער די תּאווה פֿון פֿאַרניכטונג.

וואָרעם אַזוי איז געווען דער מאַאָרי אין די פֿריערדיקע צייטן. צווישן שבטים פֿון איין בלוט, כּמעט איין לשון, נאָר איינ־

געפּלאַנצט אַהינטער פאַרשיידענע וועלדער, בערג און אָזערעס, האָט
זיך געוועבט און געצויגן דאָס ליד פון מלחמה צווישן זיי. צווישן
שבט און שבט האָט אַרומגעשפּאַצירט טו, דער גאָט פון מלחמה.
זעלטן ווען טאָהו — דער גאָט פון שלום האָט זיך
באַוויזן. מלחמה צוליב מלחמה. מלחמה צוליב גאָרנישט. אַזוי
האָט געוואָלט דער שטרענגער מלך, וועמען עס האָט זיך גע=
חלומט, אַז אַ פרעמדער שבט האָט אים באַליידיקט. אַזוי האָט
פאַרלאַנגט דער שטרענגער הערשער מיטן שטרענגן טאַטויִרטן פּנים.
און אויב איין שבט האָט מיט דעם אַנדערן יאָ געלעבט בשלום,
איז עס געווען נאָר דערפאַר, כּדי מיט פאַראייניקטע כּוחות צו באַ=
פאַלן אַ שכנישן שבט. נישט ווינציקער מלחמה=קונסט האָבן זיי
אַרויסגעוויזן אַנטקעגן ענגלאַנד. איינע פון זייערע לעצטע מלחמות
מיט ענגלאַנד, וואָס האָט אָנגעהאַלטן צען יאָר — פון טויזנט אַכט
הונדערט איין און זעכציק ביז איין און זיבעציק — האָט עס גוט
באַוויזן. ענגלאַנד האָט זיי נישט באַזיגט. נישט דורך מלחמה זיי=
נען זיי געוואָרן אונטערטעניק, נאָר דורך פּאָליטיק. דורך קלוגע
פּשרות. געגעבן זיי „רעכט“. האָבן פאָרשטייער אין פּאַרלאַמענט.
ביי זיי האָט יאָ די קריסטלעכע אמונה צוגענומען דעם כּוח פון
מלחמה און די קאַקאַטי אָדער פּאַטו איז אַרויסגעפאַלן פון
האַנט. פון דעם שטיינערנעם כּלי=זיין איז געוואָרן אַ צירונג. אפשר
וואו אין די פאַרוואָרפענע ווינקלען פון צפון=אינזל זיצט נאָך אַן
אַלטער פירער מיט אַ טאַטויִרטן פּנים; שטערן, באַקן, נאָז און
מאָרדע בלויז טאַטויִרט, אָנגעטאָן אין זיין פעדערדיקער מאַטע=
פעלערינע, אַרום אים אַלטע חסידים און לערנט נאָך מיט זיי סדר
מלחמה. דאָס איז אָבער בלויז קבלה. טראַדיציע. שטימונג און
דביקות. נישטאָ מער קיין מלחמות. דער יונגער דור איז שוין נישט
מער העלדיש. אינאיינעם מיט דעם מלחמה=עקסטאַז איז ביי דעם
יונגן דור געוואָרן פאַרשוואונדן געצנדינסט און מענטשנפרעסערייִ.
זייער גאָט האָט געפאָדערט מענטשן=קרבנות. מענטש=בלוט. דאָס
האַריץ פון שונא האָט געגעסן דער פּריסטער. פון דעם האָט גע=
געסן דער מלך און זיינע פירער. דאָס פלייש פון שונא האָט
מען געשיקט מתנות צו גוטע פריינט. די קעפּ האָט מען גע=

טריקנט און באַהאַלטן עס טייער. ליגן נאָך אַזוינע געטריקנטע קעפ אין מוזעאום און זאָגן אויף עפּעס עדות. ליגן ביים זייט זייער געוועהר אין מוזעאום. לעבן נאָך אַלטע פירער. געוועזענע מלכים מיט טאַטויִרטע פּנימער. און דער יונגער דור שעמט זיך מיט די מעשים פון די זיידעס. שעמט זיך שוין מיט זיין אייגענער שפּראַך. ער מישט זי אַזוי גערן מיט דער ענגלישער שפּראַך. און אַז מען פרעגט אים דעם באַטייט פון אַ נאָמען, פון אַ פּלאַץ, ענטפערט ער צופרידן:

— מיר ווייסן שוין נישט דעם באַטייט. אונזערע טאַטעס ווייסן שוין אויך נישט.

איך פרעג אַ יונגע פרוי:

— פאַרוואָס זיינען דיינע ליפּן נישט טאַטויִרט? ביסט דאָך שוין אַ מאַמע פון קינדער?

— דאָס איז ניט שיין — ענטפערט זי שטיל.

און מיט פופציק יאָר צוריק איז דאָס געווען אַזוי שיין. אַז אַ מיידל האָט באַדאַרפט חתונה האָבן, האָט מען מיט גרויס צע־רעמאָניע טאַטויִרט אירע ליפּן און מאָרדע. מיט אַ דינעם שאַרפן ביין־אינסטרומענטל, געמאַכט פון מענטשן־ביין, האָט מען אויפגעריסן די הויט פון די פאַרקאַשערטע, ראָזע ליפּן און אין דער וואונד אַריינגעלאָזן בלויע פאַרב. וואונדיקע קרייזעלעך אַריינגעשניטן אין דער מאָרדע און בלוילעכע און רויטלעכע פאַרב אַריינגעלאָזן אין דער רויער וואונד אַריין. זיינען שוין אויף אייביק פאַרבליבן די קרייזעלעך בלויע און רויטע אין דער הויט. שיין איז עס גע־ווען. ביים טאַטויִרן האָט מען געזונגען:

ליג זיך, ליג, דו יונגע פרוי,
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ —
לאָז די ליפּן טאַטויִרן
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.
כּדי מען זאָל נישט זאָגן,
אַז דו וועסט צו מענטשן קומען
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

אַט גייט די פרוי
מיט די נאַקעטע ליפּן
טראַ-לאַ-לאַ-לאַ.

און איצטער — דער יונגער דור — ער פאַרשענערט מיט זיין פּנים דעם פּנים פון ניי-זעלאַנד.

דער יונגער דור קוקט אויף ניי-זעלאַנד, ווי אויף זיין לאַנד און רעדט מיט פּאַרדרוס איבער דער ממשלה פון די ווייסע. דער יונגער דור האַלט הויך זיין קאָפּ. עס קען גאָר אַנדערש ניט זיין. ווייל דער געפיל פון קנעכטשאַפט איז פרעמד געווען שטענדיק ביי די מאַאָרים. קנעכטשאַפט איז ביי זיי אַ פינסטערער סימבאָל. דער קנעכט האָט שוין זיין קאָפּ קיינמאָל נישט אויפגעהויבן. דער געפאַנגענער האָט שוין קיינמאָל נישט געהאַט קיין האָפענונג זיך אומצוקערן צו זיין אייגענעם שבט. דער, וואָס האָט זיך געלאָזט נעמען געפאַנגען, איז נישט ווערט געווען צו טראָגן דעם נאָמען פון זיין שבט. זיינע אייגענע וואָלטן אים צעריסן אויף שטיקער און דער כּוהן וואָלט זיין האַרץ אויפגעגעסן.

זיי שפּירן זיך נישט, ווי באַזיגטע, ווייל זיי זיינען נישט געוואָרן באַזיגט. שפּירן זיך אפשר באַליידיקטע, ווייל עמעצער האָט זיי באַליידיקט. איצטער איז שווער פאַרן יונגן דור אויסצוגעפינען, ווער דער עמעצער איז.

— איצטער איז מען שוין קריסטן.

איצטער לאַכט דער יונגער דור פון דער גרויסער מאַכט, וואָס זיינע אַלטע פירער און פּריסטער האָבן געהאַט. לאַכן פון דעם חרם אָדער טאַבו, וואָס יענע לייט האָבן געקענט אויף יעדער זאַך אַרויפלייגן. ווארעם אַז דער מלך אָדער כּוהן איז אַריין אין אַ הויז, איז דאָס הויז געוואָרן הייליק און קיינער האָט שוין יענעם שוועל נישט געטאָרט אַריבערטרעטן. עס האָט דער מלך געקענט הייליק מאַכן טייכן און אָזערעס. און אַז ער האָט אויסגעקליבן אַ וואָרט פון דער שפּראַך פאַר זיין נאָמען, איז דאָס וואָרט געוואָרן הייליק. האָט ער זיך אַ נאָמען געגעבן לאַנגער טייך, אָדער גרויסער אָדלער, האָט מען שוין יענע ווערטער באַ-

דאַרפֿט אַרויסוואַרפֿן פֿון דער שפּראַך און פֿאַר טייך און אַנ־דער אַנדערע נעמען זוכן. איצטער, ווען די שפּראַך ווערט צו ביסלעך פֿאַרגעסן, איצטער, ווען דאָס מיידל גייט שוין נישט זוכן איר חתן, נאָר דער חתן־בחור גייט שוין אַליין זוכן די שטעגן פֿון זיין געליבטער — איצטער איז דער חרם געשטאָרבן און מיט אים שטאַרבן געטער, טראַדיציעס. עס שטאַרבן די געטער פֿון די בערג און די געטער פֿון די טייכן. געשטאָרבן דער גרויסער גאָט פֿון די ימען. די יוגנט קלאָגט נישט אויף זייער אונטערגאַנג. שמייכלט, ווען מען רעדט פֿון זייערע טראַדיציעס.

איצטער, אַז עס קומט אַ גאַסט אַ וויכטיקער, גייט ער שוין דורך דער טיר. מען באַדאַרף לכּבוד אים די וואַנט נישט דורכ־ברעכן. איצטער, אַז עס קומט אַ גרויסער גאַסט, גייט ער דורך דעם פּשוטן טויער. מען באַדאַרף פֿאַר אים קיין צאַם נישט ברעכן.

און דאָך קוקט נאָך אַלץ די נאַטור ביים יונגן דור פֿון די אויגן אַרויס. מען זעט דאָס קינד, וועמעס עלטערן עס האָבן גע־ציילט די חדשים נאָך לבנה און שטערן. און נאָך דעם סדר, ווי די געוויקסן האָבן זיך באַוויזן פֿון דער ערד, נאָך דעם סדר, ווי עס האָבן געבליט די ביימער, האָבן זיי איינגעטיילט די צייטן פֿון יאָר. אין געזאַנג פֿון די פֿייגל האָבן זיי די צייט באַגעגנט.

די מיסיאָנערן. די קריסטלעכע האָבן זיך דאָ באַוויזן מיט הונדערט און זעקס יאָר צוריק. זיי האָבן שוין געפֿונען אַלע גוטע זאַכן, וואָס די ווייסע סוחרים האָבן אַהער געבראַכט אין זייערע זעגל־שיפֿן און פֿאַרהאַנדלט. זיי האָבן שוין געפֿונען צווישן די מאַאָרים פּולווער און ביקסן. האָבן געפֿונען שעדלעכע געטראַנ־קען און שרעקלעכע אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן. ציוויליזאַציע און קריסטלעכקייט האָבן זיך דאָ אויך געגעבן די הענט. און ציווילי־זאַציע מיט אַ קריסטלעכן פּנים, מיט אַ פֿרומען פּנים האָט שטענ־דיק געטראָגן אַ קללה אָנשטאָט אַ ברכה. גרינג צו דערקענען.

זיי זיינען די פֿופֿציק טויזנט צווישן אַ מיליאָן. דער מיליאָן האָט נאָך אַ סך מיליאָנען אַהינטער זיבן ימען. אָבער די פֿופֿציק טויזנט האָבן נישט מער קיין סך טויזנטער אַהינטער די זיבן ימען.

און אויב ס'זיינען פאַראַן נאָך טויזנטער ערגעץ־וואו אויף אינזלען, מאַכט מען שוין, אַז איינער פון דעם אַנדערן זאָל בלייבן ווייט און פאַרגעסן. סוף־כל־סוף וועלן די פופציק טויזנט אונטערגיין. די ווייסע ראַסע וועט זייער בלוט צו זיך אין די אָדערן איבערנעמען. ציילן וועט מען די מיליאָנען, אָבער נישט די פופציק טויזנט.

פאַר די רייזנדער פון אַלטע צייטן, וואָס האָבן זיך אויף הפקר אַוועקגעלאָזט איבער ווייטע ימען צו אומקלאָרע־קלאָרע פאַר־לאַנגען און פון קיינעם נאָך נישט קיין אַנטדעקטע לענדער, פאַר זיי, ווען נאָך חדשים וואַנדערן האָט זיך מיט אַמאָל באַוויזן פריער אַ ברעג־פויגל און שפּעטער ביים האָריזאָנט אַ גרויער אָדער גרוי־גרינער פּאַס לאַנד — ווי גרויס איז געווען דער קוואַל פון שמחה, וואָס האָט זיך פון האַרצן אַרויסגעריסן! אַ נייע וועלט אַנטדעקט, און דאָס בלוט האָט געטאַנצט פאַר פרייד.

דער היינטיקער רייזנדער, וואָס וואַנדערט מיט פאַרנעפּלטע געדאַנקען און אומבאַשטימטע צילן, ער ווערט נישט איינמאָל אַנטטוישט, ווען נאָך אַ שורה טעג און אפשר וואָכן פון וואַנדערן קומט אים אַנטקעגן דאָס לאַנג דערוואַרטע לאַנד — אָן זון און בלאָס.

אַזוי באַווייזט זיך אין אַ הייסן פרימאָרגן אַוסטראַליעס ברעג — גרוי און פלאַך. פון ווייטן איז אַזוי דער איינדרוק. אַ זאַמדי־קייט שלאָגט זיך דורך דער פאַרנעפּלטער ווייטקייט, וואָס ביים האָריזאָנט אַנטקעגן אונז. דער גאַנצער עולם לאָזט זיך אַרויס אויפן דעק נערוועז און אויפגערעגט, אַלעמענס, אַלעמענס וועזן ציט זיך צום פאַרגליווערטן פּאַס האָריזאָנט, וואָס אַנטקעגן אונז. אַ יונגער־מאַן, וואָס קען נישט באַהאַלטן זיין אַנטטוישונג, רייסט זיך נישט ווילנדיק ביי אים אַרויס:

— אָט דאָס איז אַוסטראַליע? אַ חודש צייט געבראָכן מיט דער גרינער גאַל, כּדי אָט דאָס צו דערזען?

דאָס קען נישט פאַרליידן אַ שלאַנקע, בלאָנדע, יונגע דאַמע. עס טוט איר ווי פון זיינע ווערטער. עס קומט איר די פאַרב אין פּנים אַריין און זי שלאָגט אים איבער:

— וואַרט אַ ביסל, מיר וועלן הערן, וואָס דו וועסט זאָגן

ווען די שיף וועט אַריין אין אונזער האַפן. דער שענסטער אין דער וועלט!

— מיר וועסט שוין ניט איינריידן — עקשנט זיך דער יונגער־מאַן — דער שענסטער האַפן אין דער וועלט איז אין בראַזיליע, אין ריאָ־דע־זשאַניירא. אויך אין אַזאַ פרימאָרגן בין איך אַהין אָנגעקומען. אָבער וואָס פאַר אַ גלייכעניש! שוין מיט צוויי שעה פריער האָט די גאַנצע געגנט, דאָרטן זיך געריסן צו די וואָלקנס אַזאַ באַוועלדערטע און גרינע. דאָרט איז דער שענסטער האַפן פון דער וועלט.

אָבער די יונגע דאַמע, אַוסטראַליעס טאָכטער, האָט זיך פאַרטיידיקט מיט טרערן אין די אויגן אַליץ מיט דעם אייגענעם: „וואַרט, וואַרט ביז מיר וועלן אַריינקומען אינעווייניק. אונזער האַפן איז אַ סוד, אַ פאַרבאָרגענער ביז מען קומט נישט אַריין אינעווייניק. און ווי קען עס גאָר געמאָלט זיין, אַז בראַזיליע און נישט אַוסטראַליע זאָל האָבן דעם שענסטן האַפן אין דער וועלט? עס איז נישט דערפאַר, וואָס איך בין געבוירן אין אַוסטראַליע און דאָס לאַנד איז מיר צום ליבסטן, נאָר ווייל איך בין טיף איבערצייגט אין דעם".

עס טראַכט זיך ניט ווילנדיק קוקנדיק אויף איר: ווי אַזוי האָט אויסגעזען מיט הונדערט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק דער אייגענער ברעג אין די אויגן פון די ערשטע טויזנט אימיגראַנטן, ווען זיי האָבן דערזען דעם אייגענעם פאַס לאַנד פון דער ווייטנס, נאָך חדשים וואַנדערן. פאַרמישפטע זיינען זיי געווען. כלומרשטע פאַרברעכער אין יענער צייט. פאַר גנבות קליינע אָדער גרויסע האָט די מאַמע ענגלאַנד דעמאָלט אירע קינדער פאַרשיקט אַזש קיין אַוסטראַליע. עק וועלט. זעלטן ווען עמעצער האָט אַהער געצויגן מיט זיין אייגענעם ווילן. אפשר איז צווישן זיי געווען איר עלטער־זיידע? ווער ווייסט? איצטער, ווי מען דערציילט, שעמען זיך די אייניקלעך און אוראייניקלעך מיט די נעמען פון יענע עלטער־זיידעס — ענגלאַנדס פאַרברעכער און פיאָנערן. און פונקט, ווי עס איז שווער פאַרן בליק דורכצודרינגען דורך דעם נעפל, וואָס וויקלט זיך נידעריק ביים פאַס לאַנד, אַזוי איז שטענדיק שווער צו באַגלייטן

דעם בליק פון די ענגלישע שטאָטסלייט און זייערע צילן. איצטער שטייט אַ יונגע טאָכטער פון אַוסטראַליע און צווינגט אונז אַלעמען אָנצושטרענגען די אויגן און זוכן שיינקייט דאָרט, וואו עס איז שווער דעם געדאַנק צו פאַראַנקערן.

אַז מען קומט נענטער, טיילן זיך אַרויס קאָנטורן פון נישט קיין הויכע בערגלעך מיט אַ פעלזיקייט. אונזער שיף שניידט זיך אָנטקעגן אַ גראַניט־וואַנט, וואָס הייבט זיך אַרויס פון ים אַרויס. דער ערשטער אַיינדרוק איז, אַז מען וועט אָנקומען און זיך אָנשלאָגן אָן דער גלייכער פעלזן־וואַנט. שווער צו דערקענען פון ווייטנס, אַז דאָרטן איז ערגעץ פאַראַן אַ דורכגאַנג אינעווייניק אין לאַנד אַריין. מען דערציילט, אַז נישט נאָר איין שיף האָט דער שטורעם אין פאַרשיידענע ציַיטן פאַרטראָגן אויף יענער וואַנט. אַפילו קאַפּיטאַן קוק, וואָס האָט אין יאָר טויזנט זיבן הונדערט און זיבעציק געקרייזט בײַ די דאָזיקע ברעגעס, ער האָט זיך נישט פאַרטרויט דעם דורכגאַנג אַהינטער דעם פעלז און האָט די ענדעוואַר פאַראַנקערט אין דער בּוטאַנישער בוכטע, גאָר אָן אַ זייט.

אָט איז שוין אונזער שיף גאָר נאָענט. נייגט זיך אין אַ זייט פון דעם פעלז און דורך אַ שפּאַרונקעלע רייסט זיך דער בליק אַריין אין אַן אַנדער וועלט אַריין. און נאָך דעם בליק קומט די שיף. אַ פלוצלונגדיקע איבעראַשונג. אַ נייע ליכטיקע וועלט. פאַר די אויגן דעקט זיך פלוצלונג אָפּ מיט זיין גאַנצער גרינער און זאַפטיקער רחבות דער סידנער האַפן. אַ שטיל, רויִק וואַסער, מײַלן אַרומגערינגלט מיט באַוועלדערטע, הויכע בערגלדיקע ברעגעס. די אמתע קינדער פון לאַנד, די עקאַליפּטוס־ביימער וואַקסן געדיכט און הויך, בלאַנקען אין דער זון מיט די נאַקעטע שטאַמען און דער עקאַליפּטוס־ריח שטאַרקט איבער דעם ריח פון ים. קליינע, באַוועלדערטע אינזלען זיינען צעוואָרפן איבער דעם בלוישטילן וואַסער. די באַבוימערטע ראַנדן מאַכן ווייכער די קאָנטורן פון דער שטאָט, וואָס ציט זיך אַוועק העט ווייט פון ברעג. דער גאַנצער האַפן אָטעמט מיט גרויסקייט און באַהאַלטענער גאווה, נעמט אַריין אונזער קליינע שיף אין זיינע רחבותדיקע אָרעמס. דאָ וואָלטן זיך, דאַכט מיר, אַלע שיפן פון דער וועלט געקענט אויסשטעלן

און באַשיצן זיך פון די ציקלאָנען, וואָס ווילדעווען גאַנץ אָפט אַרום לאַנד.

אָבער וואָס נענטער מען קומט צום ברעג, אַלץ נענטער דער־שפּירסטו דעם הויך און אָטעם פון דער גרויסער שטאָט. דער ריח און דער רויך פון אַלע גרויסע האַפן־שטעט אין הײַנטיקע טעג, אַז מען קומט צו זיי אָן מיטן ים, איז שטענדיק דער אייגע־נער. סידני באַווײַזט זיך אין געשטאַלט פון אַ גרויסער שטאָט.

די הויך איז ווילד און געדיכט, ווי נאָר דער טאָג וואַקסט. אַז מען קומט נאָך נענטער צום ברעג, זעט מען, ווי די ביימער און געוויקסן אַרום ראַנד שמאַכן פאַרחלומט. אין צפון־זייט איז ווינטער. און דאָ אין דרום־זייט איז זומער. און וואָס פאַר אַ זומער, אַ ברענענדיקער, אַ אָן־רעגנדיקער. אָבער דער אַוסטראַליאַ־נער, וואָס קומט דיר אַנטקעגן, סיי מאַן, סיי פרוי, יונג אָדער אַלט, שמייכלט צו דיר גוטמוטיק. הויך און שטאַרק זײַנען די קינדער פון לאַנד געוואַקסן. און דאַכט מיר, אַז אין בליק זייערן רוט פרײַנטלעכקייט צו מיר. און אַזוי, דאַכט מיר, שמייכלט מיט פרײַנט־לעכקייט דער טרוקענער גרונט.

— דו האָסט עפּעס נייע זאַכן מיט זיך געבראַכט? — פרעגט דער צאָל־באַאַמטער, ווען ער באַטראַכט אונזערע קאַסטנס גלײַך ביים אַריבערטרעטן דעם שוועל פון לאַנד.

— בלויז מיין באַגלייטערין און איך, דאָס איינציקע נייע, וואָס מיר האָבן געבראַכט צו דיר אין לאַנד אַרײַן, אָבער אונזערע קאַסטנס — אַלט.

ער פאַרשטייט דעם וויץ און עס געפעלט אים. לאָזט צורוק אונזער באַגאַזש און באַמערקט: —

— איר זייט אָנגעלייגטע געסט ביי אונז אין לאַנד.

און דאָס איז אַ סך, גאָר אַ סך ווערט ביים שוועל פון אַ ווייט לאַנד, ווען אַ חודש צייט דויערט ביז דו גרייכסט צום שוועל פון ווייטן לאַנד.

# סידני.

אַז מען קלייבט זיך אַרויס פון שיינעם סידנער האַפן און שטאָט אַריין און דער ערשטער נערהוען=ציטער גייט פאַרביי, קומט דיר די ווירקלעכקייט אַנטקעגן. כאָטש איך האָב זיך שוין לאַנג מיאש געווען צו געפינען אין ווייטע וועלטן אַ ניי לעבן, וואָס דער אייראָפּעער האָט באַשאַפן. נישט ער איז דאָס ביכולת צו טאָן.

איך דערמאָן זיך, ערגעץ=וואו אין די טראָפּישע לענדער האָבן מיר ביינאַכט די ווייסע מוראַשקעס אויפגעגעסן די שיך און אַ צוגאָב דעם לעדערנעם טשעמאָדאַן. בויען דאָך די מוראַשקעס אויך. בויען פּאַלאַצן פאַר זיך און עסן אויף עמעצנס שיך.

אפשר אַ ביסל איבערגעטריבן, אָבער אַזוי איז דאָס פּאָרט מיט דעם ווייסן מענטשן אין די ווייטע לענדער. איך בין אויסן דעם אייראָפּעער מיט זיין ציוויליזאַציע. עפּעס בויט ער און דאָך צע־שטערט ער. זיינע שיינע חלומות צעשטערט ער געוויס. אַוודאי לאָזט זיך דאָך יעדער איינציקער אַוועק אין אַ ווייט לאַנד מיט ליכטיקערע כוונות. קיין אַוסטראַליע ציט מען נאָר אויף די פליגל פון דמיון. סידני, די גרעסטע שטאָט פון אַוסטראַליע, וואָס פאַר־מאָגט אַרום אַ מיליאָן נפשות, זאָגט עדות אויף אַ צו גרויסער מאָס ציוויליזאַציע אין אַ גרויער ראַם פון קולטור. כמעט דורכאויס אייראָפּעער. ענגלענדער. נאָך גאָר אַ יונגע שטאָט; אַריבער הונ־דערט יאָר אַלט איננאַנצן. די גרעסטע שטאָט פון דער פּראָווינץ ניו=סאוט=וויילס, אָבער מיט קנייטשן אין פּנים און בלאָטע אין די פּאַלדן.

— ווי ביי אונז, ווי ביי אונז, ווי אין שלעכטן אומעטום.

ווי נאָר מען קומט אַרויס פון שיינעם האַפן, פאַרקריכט מען אין אַזוינע פאַלדן אַריין. קומסט אין ענגע, שמאָלע גאַסן, וואו עס טרעט דער דלות זיין שטעג, וואו עס לעבן אַרבעטער=מאַסן. זעט מען שוין דעם אַרבעטער אַליין אַן אויסגעצויגענעם און אויס־געשוויצטן. גאָר נישט ענלעך אויף דעם עמעצן זאַטן, גרויסן און געזונטן, וואָס איך האָב שוין געזען. זעט מען שוין אָרעמע, בלאַסע

פרויען און בלאַסע, נישט קיין גוט דערנערטע קינדער. און ווען נישט די גרויסע היץ און די בלענדנדיקע זון, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז ערגעץ אין די אָרעמע אַרבעטער-קוואַרטאַלן פון לאָנ-דאָן האָבן די פיס פאַרבלאָנדזשעט.

גאַנץ ענערגיש טראָגן זיך די מענטשן אין די גאַסן פון צענטער שטאָט. די גאַסן שטראָמיק מיט לעבן. אויף אַ סך מענער רוען בולט סימנים פון דער וועלט-מלחמה. כאָטש וואו אייראָפּע — און וואו אַוסטראַליע. אָבער אַ פאַקט איז, אַז די פינף-מיליאָניקע באַפעלקערונג פון אַוסטראַליע האָט כמעט אַ האַלבן מיליאָן פון אירע זין אַוועקגעשיקט אין מלחמה אַריין. זעט מען דעריבער דעם קאַליקע אין די גאַסן. ווער עס סטוקעט מיט דער הילצערנער פוס און ווער עס קומט דיר אַנטקעגן מיט אַ ליידיקן אַרבל אָדער מיט אַ צעקריפּלטן פּנים. בעטלער אין די גאַסן. אַ וואונדער. איינער בעטלט מיט מוזיק און דער אַנדערער מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. קומט דיר אַנטקעגן גאַנץ אָפט אַ שיכּור אויף דיין וועג. דער סאָרט מענטש זעט אויס צו זיין אַ גוטער אָדער אַ גוטמוטיקער. פאַרשייט מיר דעם וועג אַ יונגערמאַן, אַן ענגלענדער, און כאַפּט מיר פאַרן האַנט:

— אָ, וואָס מאַכסטו, דערקענסט מיך נישט?

— איך? דאַכט מיר, אַז... וואו האָב איך דיך געזען?

— אַזוי גאָר, דו דערקענסט מיך נישט. און פאַרוואָס האָב איך דיך דערקענט?

— דערמאָן מיך, אַוואו האָב איך דיך געזען?

— כאַ-כאַ-כאַ — איך בין דאָך דיינער אַ ברודער — ווייסט נישט, אַז אַלע מענטשן אויף דער ערד זיינען ברידער?

— אַ שיינעם דאַנק דיר, וואָס דו האָסט עס מיר דערמאָנט. איך האָב שוין טאַקע באַלד פאַרגעסן. און וואָס קען איך טאָן פאַר דיר, ברודער טייערער?

— גיב מיר נאָר אויף אַ טרונק בראָנפן. דאָס אַליין. און אפשר איז דאָס אַ סך...

אין די פענסטער אונזערע סחורות. וועלט-סחורות. פאַברי-צירט אין אַמעריקע, ענגלאַנד און... אין לעבן וואָס אין גאַס שפּירט

מען אַמעריקאַנער ריטם. רעקלאַמעס מיט דער אַמעריקאַנער שרייעדיקייט. די שפּראַך פאַרמאָגט אַ סך פון דעם ווילד-געבוירענעם אויסדרוק. קנאַקט דער סלײנג. מיט ספּאָרט איז דאָס לעבן פול. אין צייטונג, די ערשטע צייטונג, וואָס איך כאַפּ נייגעריק צו לייענען — ספּאָרט, ספּאָרט, ספּאָרט. פערד-געיעג האָט סידני געהאַט אין די טעג פון מיין אָנקומען, דעריבער האָט מען קיין צימער נישט געקאָנט קריגן אין אַ שטאָטישן האָטעל. געמוזט צום ים אַרויס וואוינען. בעסער אַזוי. ווייל אַז מען שטייט מיטן פּנים צום ברייטן און ווייטן אָקעאַן, הייבט ווידער דער געדאַנק אָן צו וועבן עקזאָטישע געוועבן. וואונדערט דיך פונדעסטוועגן, ווען דו דערשפּירסט אַזאַ גרויסע שטאָט אַהינטער דיין פּלייצע. טראַכטסטו שוין פון דעם ים ענערגיע, וואָס מענטשן האָבן אַהער אַריבערגעטראָגן. טראַכסטו שוין פון דעם כאָלידן פונדאַמענט, וואָס דער ווייסער מענטש האָט אין דער ווייטער אַוסטראַליע טיף אין דער ערד אַוועקגעלייגט. פאַרגעסט אַפילו אין דער גרויסער טורמע, וואָס דו האָסט אויפן וועג צום ים באַגעגנט. די גרויסע טורמע מיט די הויכע מאַסיווע ווענט, וואָס די פאַרשיקטע אַהער האָבן אַליין מיט אַזוי פיל געדולד אומגעדולדיק געמויערט פאַר זיך און פאַר לייטן. פאַרן געדאַנק שפּרייטן זיך סטעפּעס שוין צעאַקערטע און סטעפּעס, וואָס וואַרטן אויף דעם הויכן, שטאַרקן מאַן, וואָס זאָל מיט דעם אַקעראייזן דורך זיי אַ וועג זיך מאַכן.

אָבער סידני איז נישט די שטאָט, וואָס אַ רייזנדער באַדאַרף גלייך ביים אָנקומען אַהער באַגעגענען, ווייל עס האָט אפשר געלוינט צו קומען אַהער און אַיינזאַפּן אין זיך דעם ריח פון די עקאַליפּטוס-ביימער. ווייל עס האָט אפשר געלוינט צו קומען אַהער און אין דער היגער זון זיך אויסוואַרעמען. און אפשר זיך צוהערן צו די טריט פון די ציקלאָנען, וואָס קומען אַהער פון ווייטן דרום אָן.

איך לייען אין צייטונג. אַ מחלוקת: — די צווייטע גרויסע שטאָט, מעלבאָרן, די גרעסטע שטאָט פון דער פּראָווינץ וויקטאָריע, זאָגט מוסר סידני, פאַרוואָס זי, סידני, איז אויסגעלאַסן און נישט פרום. פאַרוואָס אין סידני כאַפּט מען איבער די מאָס מיטן

ביטערן טראָפּן. צו ליכטיק איז ביינאַכט אין די גאַסן, וואו עס באַדאַרף זיין פינסטער. סידני פאַרגינט זיך צו געניסן פון צופיל עולם=הזה. און סידני ווייסט, ווי אַזוי צו ענטפערן און מיט וואָס אויפצוואַרפן דער פרומער שוועסטער, וואָס איז מיר נאָך אומבאַקאַנט.

לייענט מען, דערוויסט מען זיך, אַז ערגעץ=וואו זיינען סטרייקן פאַראַנען, מען סטרייקט אין די קוילן=מינען. מען סטרייקט אין פאַבריקן. מען סטרייקט אין די מינען, וואו מען גראָבט אָפּאַלן, די שטיינער מיט דעם פאַרבאָרגענעם גלי און פייער.

צום ים קומט דאָס פאָלק אַרויס, זיך ראַטעווען פון די גרויסע היצן. איז עס מונטער און גלייך און דערמאָנט שטאַרק דעם געזונטן עולם אין קאַליפאָרניע. דאָ דערוויס איך מיר, אַז אַווסטראַליע האָט דאָך ביי אַ געוויסן עולם אַרבעטער איינגעפלאַנצט אַ געפיל פון לעבן מיט דער נאַטור. דערציילן מיר אַרבעטער, אַז אַ סך פון זייערע ברידער, שוועסטער, אַרבעטן בלויז זעקס חדשים אין יאָר. די ווינטערדיקע חדשים. אין די זומערדיקע חדשים קלייבן זיי זיך אַרויס צום ברעג ים און אַזוי אין פּאַלאַטקעס — אַ זומער לאַנג, דאָס איז אַ הויכע מדרגה.

די אויגן זוכן אַרום דעם איינגעבוירענעם, דעם פּאַפּואַנער, וואָס האָט אַמאָל דאָ געלעבט אין די געגנטן. איך זוך דעם שוואַרצן, שוואַרצהאָריקן און שוואַרצגעקרויזט=בערדיקן מענטשן — נישטאָ אים אַרום. איצטער איז דאָס פאָלק ווייס; פאַר אַווסטראַליע—בלאָס. דאָס קינד פון לאַנד, די איבערבלייבעכצן פון אים איז ערגעץ ביים עקוואַטאָר. צווישן דעם אייראָפּעער נישטאָ זיין שפּור.

זע איך אַ הויז ביים ברעג ים. אויפן הויז אַ שילד: אַ דאַמען=שניידער. דער נאָמען באַקאַנט. היימיש. דער שניידער אַליין אין טיר. אויף די טרעפּלעך זיין ווייב, אַ פּאָר קינדערלעך. קילן זיך אין ים=ווינטל. קוקן צו מיר אַ ביסל מיט צעשראָקענע אויגן. ווענד איך מיר צו אים אויף יידיש מיט אַ גוט מאָרגן און דערנאָך: —

— וואוינט איר שוין לאַנג אין אַווסטראַליע?

— האַ?

— איך זע, ער גלויבט נישט זיינע אויגן און גלויבט נישט זיינע אויערן. און איך גיב צו: —

— איר זייט דאָך אַ ייד, אפשר מאַך איך אַ טעות?

שווייגט ער און קוקט זיך איבער מיט זיין פרוי. און איך פרעג ווייטער: —

— ווי לאַנג וואוינט איר שוין אין סידני?

שווייגט ער און קוקט פאַרדעכטיק. דאַכט מיר, אַז ער וויל מיך לאָזן און גיין אין שטוב אַריין. אָבער איך שטיי צו: —

— ווי גייט עס אייך דאָ?

— וואָרעם וואָס, איר ווילט דאָ אויפעפענען אַ שניידעריי?

— ניין. חלילה.

— טאָ וואָס טוט איר דאָ? שטייט ער צו צו מיר און איך זע קלאָר אין זיינע אויגן, אַז ער איז מיך חושד, אַז איך בין געקומען אונטערגראָבן זיין פרנסה.

— איך האָב אין שטאָט נישט געקאָנט געפינען קיין דירה, דעריבער בין איך אַהער אַרויסגעקומען. און איך רייד אַזוי, כדי אים צו באַרויקן. אָבער איך זע ביי אים אין פנים האָט זיך ערשט די אומרו צעוואַרעמט און ער גיט צו: —

— איך קוק שוין אויף אייך די לעצטע עטלעכע טעג, עפעס גייט איר אַרום דאָ און טראַכט און באַקוקט, קלער איך: אפשר אַ קאָנקורענט.

— ניין, איך בין נישט אייער קאָנקורענט. איך בין בכלל נישט קיין קאָנקורענט. איך וועל אינגיכן פון דאַנען אַוועקפאָרן קיין אַפריקע.

איך האָב געזען, אַז דער ייד האָט אָפגעעטעמט פרייער און שוין מיט אַ שמיכל האָט ער צוגעגעבן: —

— יאָ, איר טוט גוט. מען זאָגט, אַז פאַר אונזער פאַך איז אַפריקע אַ סך בעסער. הלוואי וואָלט איך געקאָנט זיך אַהין אַריבערכאַפן.

און ער האָט זיך נישט באַרויקט. איך האָב געזען, ווי טאָג נאָך טאָג קוקט ער נאָך מיינע טריט. אַ קאָנקורענט.

און דאָך בין איך אין אַוסטראַליע. עפּעס ווייעט מיט ווייטקייט און ברייטקייט. אַ גאַנצער וועלט-טייל און איך פאַרצייכן אויך מיינע טריט אין דעם ווייטן, ווייטן און שוין אַזוי נאָענטן וועלט-טייל. אפשר בלויז נישט דורך סידני האָב איך געדאַרפט קומען מיט חלומות קיין אַוסטראַליע. צו אַן אַנדער ברעג האָט מיך די שיף באַדאַרפט דערפירן, כאָטש סידנער האַפן איז איינער פון די שענסטע אין דער וועלט.

# מיטן ווינט.

דער ווינט איז אַ קאָכעדיקער. קומט פון צפון-זייט, פון עקוואַטאָר. ווי עס טרעפט גאַנץ אָפט אין אַוסטראַליע. די ענערגיע חלשט אַוועק און פונדעסטוועגן ציט עס אין ערגעץ. אַזוי איז די טבע פון דעם, וואָס זוכט כסדר נייע געגנטן, וואו די טריט אַיינצוקריצן.

פאַרהאַן אַ סך פייכטקייט אין דער לופט און דער מוח דרעמלט צו ביסלעך איין. אָבער פונקט, ווי אין שטילסטן טאָג אַפילו צאַפּלט זיך דער זוים פון בוים ביים ברעג, אַזוי קומען שטענדיק אומגעריכטע ווינטן און פירן דיך צו באַפרידיקן דיין פאַרנעפּלטן ווילן.

אין אַוסטראַליע האָט זיך דער מענטש געמעגט אַ ביסל מער צו פאַרגינען ליידיקגייעריי. כאָטש אַפילו אַ צאָל אַרבעטער וואַרפט די אַרבעט זומער-צייט און לאָזט זיך אויף גאָטס באַראָט מיט ווייב און קינד צום ברעג ים און מען לעבט אין געצעלטן ביים ים, אין שטאָט אָבער ציען דעם גאַנצן טאָג דורך די גאַסן מענטשנשטראָמען, נישט קוקנדיק, וואָס די היץ דערגרייכט אין צוויי מער הונדערט און פופצן גראַד פאַרענהייט. ווי קאָן מען שלאָפן צווישן וואַכעדיקע? בפרט דאָס בלוט רעדט פון שלאָף.

אַ ריה פון בלומען האָט מיך אין אַזאַ טאָג פאַרפירט צום באָטאַנישן גאָרטן. סידני האָט אַ געוויסע צייט פאַרמאָגט דעם שענסטן גאָרטן אין דער וועלט, ביז עס האָט אים גענומען איבערשטייגן דער בראַזיליאַנער, אין ריאָ-דע-זשאַניירא. ווער טראַכט אָבער איצטער פון יענעם. בלויז די צוויי שורות געוואַלדיק הויכע און שלאַנקע

אָראָדאָקסאָ־פּאַלמען פון דעם בראַזיליאַנער גאָרטן וויגן זיך פאַרחלומט אין מיין געמיט.

דער ריח פון פאַרחלשטע מימאָזן פּילט אָן דעם גאַנצן וועזן און די גלידער ווערן אַזש שיכור פון אים. שטייגט איבער אַלע בלומען־ריחות. בלויז דער ריח פון עקאַליפּטוס־בוים טראָגט זיך פון וויטן און גייט צו דיר מיט זיין אייגענעם וועג און וועקט און מינטערט. אויף רעכטס און אויף לינקס ציען זיך אַוועק שורות, שורות פּלאַנצן פון אַלע עקן וועלט. נאָר גרינג איז צו דערקענען צווישן די אַלע ביימער און בלומען, ווי אַזוי דאָס קינד פון דעם היגן לאַנד שפּירט זיך היימיש אין גאָרטן און אַ קינד פון די טיף־טראָפּישע לענדער איז פאַרחלשט. די גרינקייט פון בלאַט איז נישט קיין טראָפּישע. נישטאָ די גרינקייט אין די בלעטער פון די אַמאַזאָנען־טאָלן. איך מוז מיר מודה זיין, אַז זינט איך האָב אָנגעהויבן צו באַזוכן טראָפּישע לענדער, וואו ערד וויגט זיך אונטער דער גרינער משא, האָב איך אָנגעוואָרן דעם טעם אין די באָטאַנישע גערטנער, וואו יעדער בוים, יעדע בלום איז קלאַסיפיצירט און אונטן צופוסנס אַ ברעטעלע אין דער ערד אַריינגעשטעקט מיט אַן אויפשריפט: ווער און וואָס און פון וואַנען. אַ מין פּאַספּאָרט, אָדער יחוס־בריוו. איך גלויב, אַז די בינען, וואָס טראָגן זיך פון בוים צו בוים, פון איין בלומען־קוכט צום אַנדערן, אפשר זיי, קלייבנדיק האָניק, זיינען פאַראינטערעסירט אין דעם יחוס פון יעדן בלום און בוים. דאָ האָט זיך מיר דווקא פאַרבענקט צו באַגעגענען די שלאַנקע, פּראָסטיק־הויטיקע בערעזע. איך האָב זי באַגעגנט און נישט דערקענט. נישט אין דער היגער ערד שפּירן זיך היימיש אירע וואָרצלען. איר הויט איז געל.

דער הייסער ווינט האָט מיך פאַרפירט אין זאָאָלאָגישן גאָרטן אויך. אויף וויפל מיר איז באַקאַנט, איז סידנער גאָרטן איינער פון די מאָדערנסטע אין דער וועלט, וואו די ווילדע חיות גייען אום פריי אונטערן הימל. אַז איך בין אַריינגעקומען אין דער ערשטער אַלייע, איז מיר פּלוצלונג אַנטקעגן געקומען אַ גרויסער, ברוינער בער — באַרג־אַראָפּ איז ער אָנגעקומען. אַ ביסל ווייטער האָבן זיך באַוויזן אַ גרופּע גוט־גער.האָדעוועטע לייבן, גאָר פרייע אונטערן הימל,

אויף אַ שטיין איז געשטאַנען אַ לייב, דער קאָפּ פאַרריסן מיט דער שווערער גריווע, ממש גרייט אַ שפרונג צו טאָן אויף מיר. אָבער דאָס איז די מאָדערנע תפיסה פאַר חיות. זיצן נישט אין קיין שטייג מיט אַייזערנע גראַטעס און דאָך זיינען זיי געפאַנגען. דאָרטן, וואו דער זומער הערשט אַ קיילעכדיק יאָר, איז גרינג אַזאַ תפיסה פאַר חיות צו באַשאַפן:

מען קלייבט אויס פאַרן פאַרק אַזאַ געגנט, וואו די ערד גייט באַרג-אַרויף און באַרג-אַראָפ. צאַמט מען אַרום אַ בערגל מיט געמויערטע ווענט פון דריי זייטן און די פערטע זייט אין דער נידער גראָבט מען אויס אַ טיפן, ברייטן גראָבן. ביים גראָבן אַ געמויערטע פאָרענטשע, מענטשן זאָלן נישט אַריינפאַלן — און דאָס אַליץ. פון דער וויטנס באַמערקט מען גאָרנישט דעם גראָבן, וואָס אין דער נידער. פון דער וויטן דערהייבט זיך אַ בערגל און אויף אים די חיות. ווען די לייבן קלייבן זיך אַרויף אין דער הויך, קאָן מען מיינען, אַז קיין שום צאַם און תפיסה שטייט נישט אין וועג. אָבער דאָך זיינען זיי געפאַנגען.

נאָר דעם שטאַרקסטן איינדרוק מאַכט אַ גרויסער אָראַנגאוטאַנג מיט אַ באָרד, וואָס זיצט דווקא פאַרשפאַרט אין אַ באַזונדער שטייג. זיין שטייג איז אַ צוויי-גאָרנדיקע. זיצט ער אויף דער שווערער פאָדלאָגע פון צווייטן גאָרן, ברויזט אין אים די ווילדע ענערגיע, אַפילו אין אַזאַ הייסן טאָג. ער נעמט נישט אַראָפ די אויגן פון מיר און מיט די פיס — איינס-צוויי! איינס-צוויי! — זעצט ער אין דער פאָדלאָגע מיט אַזאַ גבורה, אַז דער גאַנצער בנין ציטערט. דער קלאַפ איז אַ שווערער און אַ שטאָלענער. אַז מען גייט אַוועק פון אים, בלייבט ער שטיל. פאַרנעמט זיך מיט פונאַנדערלייגן אין אָרדענונג די פאַרשיידענע פרוכטן, וואָס ער קריגט צום עסן, נאָר בעת עמעצער קומט צו נאָענט צו זיין שטייג, קלאַפט ער אויס זיין ווילדן טאַקט:

— איך בין נישט געפאַנגען!

אָבער נישט פיל אַנדערש זעט אויס אין מיינע אויגן די אַרומגעצאַמטע געגנט, וואו די פאַפואַס געפינען זיך. דאָס זיינען די אַוסטראַליאַנער איינגעבוירענע, די אמתע קינדער פון לאַנד. דער עיקר

פון זיי איז שוין לאַנג נישטאָ. עטלעכע צענדליק טויזנט געפינען זיך נאָך אַרום עקוואַטאָר אין קווינסלאַנד. אַהין האָט מען זייער געבייך פאַרטריבן. אָבער דאָ, אין ניו־סאַוט־וועלס, געפינען זיך אַ פּאָר קאָנצענטראַציע־פּונקטן, וואו זיי זיינען, ווי בהמות, אַרומגעצאַמט. איין צענטער אַזאַ געפינט זיך אַרום סידני ביים ברעג ים ביי דער באָטאַנישער בוכטע.

דאַכט מיר, אַז קאַפּיטאַן קוק האָט אין יאָר טויזנט זיבן הונדערט און זיבעציק דעם פּלאַץ אַ נאָמען געגעבן באָטאַני ביי צוליב די פאַרשיידענע געוויקסן, וואָס זיינען דאָ געוואַקסן אין אַ גרויסער צאָל. איצטער איז די געגנט אַ זאַמדיקע. דעם זאַמד האָבן ווינטן אין הורבעס אויסגעהורבעט און דערנער קוקן פון זאַמד אַרויס.

וואו־נישט־וואו וואַקסן ביימער, שוין שפּעטער געוויס פאַרפלאַנצטע. אַהער האָט מען עס צונויפגעטריבן עטלעכע הונדערט נפשות, אַלט און יונג, אַרומגעצאַמט מיט דראָטענע צאַמען. בלעכענע כאַלופּקעס זיינען איבער דעם זאַמד צעוואָרפן. אין זיי פּרובירן זיי זיך און אויך אין דער אומגעבונג שטאַרבן זיי אויף אייביק אויס.

אַנטלויפן פון אַזאַ תּפיסה איז גרינג. אַריבער איבערן צאַם און געגנוג. אָבער וואוהין וועט ער אַנטלויפן? וואָס זאָל ער טאָן מיט זיין ברוינער, צי שוואַרצער הויט, מיט זיינע וואָליק־געקרייזלטע האָר פון קאָפּ אָדער געדיכטער שוואַרץ־געקרייזלטער באָרד? מען האָט זיי שוין געמאַכט פאַר גוטע און פרומע קריסטן. געפינען זיך צווישן זיי ווייסע שליחים פון זיין ליבן נאָמען.

גייען אַרום אויף יענער זייט צאַם קינדער שוין געבוירענע דאָ, און דאָך אין דער אַרומגעצאַמטער טעריאָטעריע. דערנענטערט זיך צו מיר אַ צען יאָריק יינגל מיט אַ שוואַרצן פּנים און בלוי־שוואַרצע אויגן און שטרעקט אויס די האַנט, איך זאָל אים עפּעס געבן. פרעג איך אים:

— ווי רופט מען דיך?

— פאַרוואָס האָט מען דיך דאָ אַרומגעצאַמט?

— ווייל איך טאָר נישט אַרויסגיין פון דאַנען.

— פאַרוואָס טאָרסטו נישט אַרויסגיין?

— ווייל איך טאָר נישט.

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז דו טאָרסט נישט?

קוקט ער מיך אָן. און איך פון מיין זייט וויל דורכבויערן זיין בליק און אויסגעפינען אין אים כאָטש אַ פונק פון אומצופרידנ־קייט, וואָס זאָל באַלויכטן דעם בליק זיינעם. אָבער אין זיינע שוואַרצע אויגן שלאָפט די אייגענע אַפּאַטיע, וואָס אין דעם קענגורו, אויך אַווסטראַליעס אַ קינד, וואָס איך האָב דעם אייגענעם טאָג אָנ־געקוקט אין זאָאָלאָגישן גאָרטן.

שפּעטער פאַרפיר איך אַ שמועס מיט אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן, וואָס האָט שוין דעם ווייסן מענטשנס בלוט אין איר, לייב און דער פייער אין די אויגן איז שוין גאָר אַן אַנדערער:

— ווי אַזוי שפּירסטו זיך דאָ? פרעג איך איר.

ענטפערט זי:

— אַ ווייסער מענטש זאָל עס פרעגן?

— מער האָט זי מיר אויף קיין שום פראַגע נישט געענטפערט.

אין איר שווייגן איז געווען פאַרטייעט די פאַרביטערטקייט פון יע־נעם אָרגאַנגאוטאַנג. דאָס האָט געווים דעם ווייסן מענטשנס בלוט אין איר דעם אויסדרוק באַשאַפן, אָבער נישט ביי דעם ווייסן מענטשן, וועט זי און אירע שבטים רו און פרייהייט געפינען. אין טאַסמאַניע איז דאָך שוין לאַנג דער לעצטער פון די איינגעבוירענע פאַרשוואונדן פון גאָטס ערד און פונדעסטוועגן לערנט מען מיט קינדער אין שול געאָגראַפיע און מען דערציילט זיי פון טאַסמאַניע און טאַס־מאַניער קינדער. מען באַווייזט אויף די בילדער, ווי אַזוי טאַס־מאַנער זעען אויס. נישטאָ מער קיין איינגעבוירענע אין טאַסמאַניע. אַזוי וועט עס גאָר אין קורצן זיין מיט די פּאַפּואַס פון אַווסטראַליע. און דאָס איז דאָך דער גורל, דער אייגענער גורל פון די רויטע אינדיאַנער אין אַמעריקע.

אויף איינעם מיט אַ געקרייזטער באָרד, אַ ביסל גרווילעך, מיט אַן אויסגעשלאָגענער אויג האָט מען מיר אָנגעוויזן.

— ער איז אין דער יוגנט געווען איינער פון די גרעסטע גיבורים און קריגער. שלאָגנדיק זיך פאַר זיין פרייהייט, האָט ער איין אויג פאַרלוירן. איצטער איז ער רויק. איז צופרידן מיט זיין

גורל. האָט זיך ליב צו באַרימען מיט זיינע אַמאָליקע גבורות פון די יונגע יאָרן. ער האָט געקוקט אויף מיר מיט זיין איין און איינ־ציקער אויג. פון זיין אויג האָב איך יאָ עפּעס אַרויסגעלייענט.

— פאַרפאַלן זיינען מיר צווישן דייניקע, פאַרפאַלן.

אַ גרויסן אָדלער, אַ קאַנאַדער, האָב איך אַמאָל געזען אין דעם פּאַרק פון סאַאָ פּאולאָ אין בראַזיליע. אין אַ שטייג איז ער געזעסן איינער אַליין. אין זיין מלחמה פאַר פרייהייט האָט ער אויך זיין רעכטע אויג פאַרלאָרן. פון דעם אָדלערס איבערגעבליבענע אויג האָט אויך צו מיר דער איינציקער בליק אַרויסגערעדט ביין און שטאָלץ:

— פאַרפאַלן איז אונזער גורל צווישן דייניקע. פאַרפאַלן.

## די ווייסע אַוסטראַליע.

דער וועג פון סידני קיין מעלבאָרן, וואָס דויערט ביי אַ האַלבן מעת־לעת, פאַרשאַפט פיל פאַרגעניגן, כאָטש הדויסן איז ברענענ־דיק הייס. מען דערקענט די טירחה, וואָס דער מענטש האָט דאָ געהאַט קולטיווירנדיק אַ יונג לאַנד. און אַז מען באַטראַכט נאָך, ווי ווינציק רעגן עס גייט דאָ און ווי אָרעם דאָס לאַנד איז אין טייכן, קריגט מען אויף אַ ווילע דרך־ארץ פאַרן מיניאַטור ווייס פאָלק אין גרויסן לאַנד. מען דערקענט, וויפל מאָל דער אַקעראייזן האָט דאָס פעלד שוין דורכגעשניטן און וויפל מאָל די גליבעס ערד האָבן זיך שוין איבערגעקערט. מען דערקענט, אַז אַ סך תבואות האָט מען שוין דאָ געשניטן און נאָך מער וועט מען שניידן.

די ווייסע אַוסטראַליע.

דאָס פאָלק האַלט זיך גרויס מיט דעם נאָמען. דאַכט מיר, אַז קיין שום לאַנד האָט נישט אַזעלכע שטרענגע געזעצן און באַגרעניצונגען, בנוגע דעם נישט־ווייס־הויטיקן, ווי אַוסטראַליע. דער נעגער קען אַהער נישט אַריינקומען, און נישט בעסער איז דער גורל פון אַלע מענטשנקינדער, וואָס זייער הויט איז נישט אינגאַנצן בלאַס. געווים וואָלט דאָס לאַנד געהאַט ביי מיר פיל מער חן, ווען די טעלעכע צענדליק איינגעבוירענע, טונקלהויטיקע קינדער פונם לאַנד וואָלטן האָבן זייער באַשיידענעם אָרט אין לעבן, ווי עס קומט זיי.

ווייל לויט ווי מענטשן דערציילן, איז נאָך אין קיין שום יונג לאַנד דער איינגעבוירענער אַזוי ברוטאַל נישט באַהאַנדלט געוואָרן פון אַ ווייס פאָלק, ווי די איינגעבוירענע פון אַוסטראַליע. אין געוויסע געגנטן האָט מען זיי פשוט אויסגעסמט, ווי מייז. און אפשר טוט מען ערגעץ־וואו איצטער אויך דאָס אייגענע. ווי הויך שטייט אין מיינע אויגן ניי־זעלאַנד, וואָס באַהאַנדלט דאָך די מאַאָרים מיילווייז מענטשלעך! אמת, די מאַאָרים אין פאַרגלייך מיט אַוסטראַליאַ־נער שוואַרצע זיינען אַ קולטורעל־פאָלק. אָבער איז דאָך שוין גלייכער, אַז אָט די אַלע פרימיטיווע באַגריפן וועגן קאָליר און הויט זאָלן בעסער אָפּשטאַרבן, איידער די פרימיטיווע שבטים. און דאָס קומט אויפן געדאַנק דווקא דעמאָלט, ווען דו ציסט דורך דער קול־טיווירטער געגנט און באַטראַכסט די בעסערע מעשים פון ווייסן מענטשן, דעמאָלט, ווען די ערד אַליין זינגט צו אים אַ ליבע־געזאַנג.

פון דער רעכטער זייט ציט זיך די שורה בלויע בערג, אַ בלוילעכער נעפּל וויקלט איין די בערג און די בערגעס פון הייסן טאָג. און די עקאַליפּטוס־ביימער געוועלטיקן אומעטום. אַוסטראַליע אין זייער היים. פון דער ווייטנס זעען זיי אויס איינטאָניק. די קאָרע קלעפּט זיך נישט צום שטאַם און פאַלט כסדר אַראָפּ. בלאַנקען די נאַקעטע לייבער פון די ביימער. דאָס איז בלויז פון דער ווייטנס אַזאַ איינדרוק. אַז מען באַטראַכט דעם עקאַליפּטוס פון נאָענט, כאַפּט אַרום דעם ווען אַ צערטלעכער ציטער. די נאַקעטקייט זיינע איז נישט די טרוקענע נאַקעטקייט פון טויטן בוים, אָדער די נאַקעט־קייט פון אויסגעהאַקטן בוים, וואָס מען רייסט פון אים אַראָפּ די קאָרע נאָך דעם, ווי ער וואַלגערט זיך שוין אויף דער ערד.

דאָ פילט מען לעבן אין דער נאַקעטקייט פון שטאַם און צווייגן פון דעם עקאַליפּטוס־בוים. אַנדערע זיינען בלוילעך־ווייס און אַנ־דערע ראָזיק־ליכטיק, ווי די הויט פון אַ ניי־געבוירן עופעלע. די נאַ־קעטע צווייגן, וואו זיי בייגן זיך אַרויס פון נאַקעטן שטאַם אַרויס, זיינען אַזוי מיט לעבעדיקע קנייטשעלעך אין דער ראָזער הויט, דאַכט זיך, אַז דו וועסט אַ שניט געבן, וועט זיך בלוט גיסן ווי פון אַ צאַרטן לייב אַרויס. און די גרינע, זאַפטיקע שמאָל־לאַנגע בלעטער און די טיפגרינע און זילבער־באַהויכטע קערנער, וואָס צווישן די בלע־

טער און דער שאַרפֿער ריח, וואָס עס שפּרייט אין דער לופֿט אַרום דעם עקאַליפּטוס — דאָס זאָגט עדות אויף אַ סך זאַפֿטן אין דער ערד. פֿאַראַן אַנדערע עקאַליפּטוס־ביימער, וואָס דערהייבן זיך צו אַזאַ הייך, וואָס מען באַדאַרף גוט דעם קאָפּ פֿאַרדרייען, זייער קרוין אַרויסצוזען. און די נאַקעטקייט פֿון אַזאַ בוים ווינקט מיט גבורה און מיט צאַרטקייט אינאיינעם.

אפֿשר טאַקע די ווייסהייטיקייט פֿון די עקאַליפּטוס־ביימער האָט געווירקט פּסיכאָלאָגיש אויף דעם בלאָנדן פֿאָלק, וואָס האָט זיך פֿאַרשוואוירן צו בלייבן בלאַס אונטער דער ברענענדיקער זון?

אויך ווייס איז דער אַוסטראַליאַנער פּאָפּוגײַ. דער קאַקאַדו איז קלאָר־ווייס, ווי די ווייסקייט פֿון אַ ווייסער טויב און מיט אַ געלבלעך טשובּיקל פֿעדערן אויפֿן קאָפּ, וואָס די געלע פֿעדערלעך שטעלן זיך אויף דעמאָלט, ווען ער קאָקעטירט אָדער בעת ער איז אין כּעס. איך האָב זיי געזען אינדערפֿרי איבערפֿליענדיק פֿון בוים צו בוים און לאָזנדיק צווישן די עקאַליפּטוסן אַ גרילצנדן געשריי.

— איז ער דער סימבאָל פֿון דער ווייסער אַוסטראַליע?

און אפֿשר איז שולדיק אין דעם ווייסן, צו־אַריסטאָקראַטישן שטריך פֿון פֿאָלק דאָס, וואָס די ערשטע פּיאָנערן זיינען געווען אַרעסטאַנטן, פֿאַרשיקטע קיין אַוסטראַליע פֿון ענגלאַנד. נישט וויכטיק, וואָס פֿאַר אַ קליידער אַרעסטאַנטן האָבן געטראָגן אין יענע צייטן אין ענגלאַנד. זיכער, אַז די אייניקלעך ווילן דעריבער זיין ווייסער פֿון ווייס. ווייסער, ווי די הויט פֿון עקאַליפּטוס־בוים, און ווייסער, ווי די פֿעדערן פֿון אַוסטראַליאַנער קאַקאַדו.

דאָס וועט אָבער שטענדיק שטערן דער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג פֿון פֿאָלק. ווייל כאָטש פֿון איין זייט וואונדערט מען זיך, ווי אַזוי אין אַזאַ קורצער צייט איז פֿון אַן אַרעסטאַנטן־היים געוואָרן אַ לאַנד פֿון אַ פֿינף־מיליאָניק פֿאָלק אָבער פֿון דער אַנדערער זייט וואונדערט מען זיך, פֿאַרוואָס די ענגלישע שפּראַך האָט נישט מיטגעהאָלפֿן, אַז דאָס פֿאָלק זאָל זיין אַ סך, אַ סך גרעסער.

אויך דאָס איז מיר באַשערט געווען צו זען אין דעם אייגענעם טאָג פֿון אַזעלכע מחשבות — ווי אַ יעגער, רייטנדיק אויף אַ גלוטיקן פֿערד, האָט זיך מיטן ביקס אַנטקעגן האַרצן, גרייט צו שיסן,

נאָכגעיאָגט נאָך אַ קענגורו, די באַרימטע אַוסטראַליאַנער באַשעפעניש, מיט אַ קאָפּ מייזיש און אַנטילאָפּיש און מיט צוויי גוואַלדיק לאַנגע הינטערשטע פיס און מיט גאָר קורצינקע פאָדערשטע פיסלעך און וואָס צו הילף קומט אים דער שווערער, לאַנגער עק, אויף וועלכן ער שפּאַרט זיך אָן, בעת ער בויגט אויף אינעווייניק די הינטערשטע פיס צום זיצן.

דער קענגורו איז אַנטלאָפן שפּריגענדיק אויף די הינטערשטע פיס. אפשר איז דאָס געווען אַ „זי" מיט אַ קינד אין איר בויךזעקעלע, וואָס די נאַטור האָט דער מאַמע קענגורו באַזאָרגט? וואָרעם צו גרינג איז דעם יעגער אָנגעקומען, אַז איך זאָל שוין זען פון דער ווייטנס די אומגעלומפערטע און אומבאַהאָלפענע באַשעפעניש ליגן אויסגעצויגן, און דער יעגער זאָל איבער איר אַריבערגאַלאָפּירן. אין די צוויי פאָדערשטע קורצע פיס פון קענגורו, וואָס ער קען העכסטנס מיט זיי דערלאַנגען דעם אויער אויסצוקראַצן, ליגט אַ שטיק סימבאָל פון דעם ווייסן מענטשן אין זיינע ווייטע, גיי=דעראָבערטע לענדער. פאַר אַוסטראַליע איז עס געוויס אַ סימבאָל. עס איז אויך אַ סימבאָל פאַר די נייע פאָרמען פון דער רעגירונג, וואָס פון ווייטנס זעען זיי אויס אַזוי שיין און וואָס פון נאָענטן איז עס אַזוי גוט, ווי אויף דער גאַנצער וועלט, אומעטום, וואו אונזער לעבן ווערט געפירט פון ווייסע מענטשן מיט די קורצע הענט.

עס קען אויך דינען פאַר אַ סימבאָל דאָס, וואָס דער עקספּרעס, וואָס פירט פון סידני קיין מעלבאָרן, בלייבט שטיין אויף דער גרענעץ פון ביידע שטאַטן: פון ניו=סאַוט=וויילס און וויקטאָריע, וואו מעלבאָרן געפינט זיך. אַלע פּאַסאַזשירן מוזן איבערשטייגן אין אַן אַנדער צוג, ווייל די ברייט פון דער ליניע איז אַנדערש: דער צוג פון איין שטאַט קען נישט גיין אויפן וועג פון אַנדערן שטאַט. איך ווייס נישט אויף קלאָר, צי ניו=סאַוט=וויילס האָט דעם ברייטערן וועג, צי וויקטאָריע. עס איז קיין חילוק נישט. איינס איז אָבער קלאָר — וואָס ביידע שטאַטן קענען נישט האָבן איין וועג אין לעבן.

מיט דעם דערנענטערן זיך צו מעלבאָרן זעט אויס די ערד אַלץ מער קולטיווירט. די בהמות זאַט. שעפּסן לרוב. די הייזער פון

די גוטבאַזיצער ווינקען מיט רחבות. די געגנט איז פלאַך און די אין זומער הענגט איבער די פעלדער אַ צעגליטער, דינער נעפּל. אָבער דער עקאַליפּטוס־ריח טראָגט זיך נאָך פיל שטאַרקער אין לופט און אַזוי קומט מען אָן קיין מעלבאָרן.

אַ גרויסע שטאָט. דער היפּך פון סידני. ברייטע גאַסן. אַ סך גערטנער. אויך דער עולם זעט אויס פעסטער, אַריסטאָקראַטיש. עכט ענגליש.

מעלבאָרן איז די קרוין פון דער ווייסער אַוסטראַליע.

## יידן אין אַוסטראַליע.

אַלס ייד, בין איך אין סידני אַרומגעגאַנגען אַ וואָך דריי, ווי אַ פרעמדער צווישן פרעמדע. אין די ערשטע פּאָר טעג האָב איך אויפגעזוכט צוויי ענגלישע יידן, אָנגעזעענע לייט אין סידני. צו זיי האָט מען פון ניי־זעלאַנד געשריבן וועגן מיין רייזע קיין אַוסטראַליע. דער ערשטער, אַ באַנקיר און גרויסער ציוניסט, האָט מיך אויפגענומען העפלעך, כמעט מיט פריינטלעכקייט, און נאָך אַ קורצן, ניט וויכטיקן שמועס, ביים געזעגענען זיך, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— אויב איר וועט דאָ פאַרברענגען לענגער, וועל איך אָנזאָגן דעם שמש אין שול, ער זאָל אייך איבערגעבן מיין שטאָט אין שול, ווען איר וועט קומען אַהין דאַווענען.

דער צווייטער, אַן אָנגעזעענער יוריסט, ער האָט מיך אויפגענומען נישט מיט ווייניקער העפלעכקייט, ווי דער ערשטער. ביי אים האָב איך געקראָגן אַ פּאָר ידיעות וועגן יידן אין אַוסטראַליע און ביים געזעגענען זיך האָט ער מיך געבעטן נאָך וואַרטן אַ ביסל, ווייל ער וויל מיר עפּעס געבן. ער האָט אויפגעזוכט אַן אַלטן פאַרשטויבטן יאָר־בוך, אַ פּאָר פונט שווער, וואָס די אַוסטראַליאַנער רעגירונג גיט אַרויס. אַ דיקער בוך מיט אַלע ידיעות פון אַוסטראַליעס באַלעבאַטישקייט: שעפסן, רינדער, אייזנבאַנען, לוחות, קאַרטעס, שטויב, ציפערן, און נישט געפונען פאַר נייטיק אַפילו דעם שטויב אַראָפּצונעמען, האָט מיר דערלאַנגט דעם בוך און צוגעגעבן:

— ער איז פון פאַר דריי יאָרן, אָבער פאַר אײך איז דאָך קיין חילוק נישט. איך האָף, אַז ער וועט אײך צוניצקומען.

וועגן יידן האָב איך אין יאָר־בוך נישט געפונען. אָבער איך האָב דאָך גוט געוואוסט, אַז אין סידני געפינען זיך אַריבער אַכט טויזנט יידן. און אַ סך פון אונזערע זיינען דאָ פאַרהאַנען. כמעט גאָרנישט שפירנדיק, ווי אַזוי בין איך אַמאָל, שוין אויף דער פער־טער וואָך, אַריין אין אַ קליידער־געשעפט. יידישע פנימער. מאַן, ווייב, אַ פּאָר אַרויסהעלפער, אַ פּאָר קריסטלעכע קונים.

— דאַכט מיר, אַז איר זיינט יידן, הייב איך אָן.

— יאָ, מיר זיינען יידן, — ענטפערט ער מיר אויף ענגליש.

אַ געזונטער ייד אין די מיטעלע יאָרן. נאָר אַז ער האָט עס אַרויסגעזאָגט, איז ער אַזש בלאַס געוואָרן און נישט באַקוועם האָט ער זיך דערשפירט פאַר די פּאָר קריסטלעכע לייט.

— וואוינט איר שוין לאַנג אין אַוסטראַליע? בין איך ווידער צו אים צוגעשטאַנען.

— נעם אים אַריין אין אַנדערן חדר, — האָט ער זיך גע־ווענדט צו זיין פרוי.

זי האָט מיך פאַרבעטן אין הינטערגרונט פון געשעפט, וואו עס איז אָנגעוואָרפן פעק מיט אַלטע בגדים, און אַ לייכטע איפּ־רעגונג האָט געשפּילט אין איר פנים. זי האָט זיך נישט געשעמט אַרויסצוווייזן איר שמחה, וואָס אַ ייד, אַן אומבאַקאַנטער, איז צו איר אַריין אין געשעפט. און נאָך דעם, ווי איך האָב איר דער־ציילט, אַז איך בין אַ פרעמדער און אַז איך וואָלט זייער געוואָלט דאָ באַגעגענען אונזערע יידן, האָט זי דעם וואָרט אונזערע פאַר־שטאַנען אויף איר אייגענעם אופן:

— איר ווילט זען יידן מיט בערד מסתמא, איין ייד אַזאַ איז דאָ פאַרהאַן ביי אונז, מען קען אים ברענגען אַהער. ער וואוינט נישט וויט פון דאַנען.

— ניין, זאָג איך, — אַלע יידן זיינען רעכט. נישט דווקא מיט בערד.

דערוויל איז דער מאַן אויך אַריינגעקומען, צוגעמאַכט די טיר הינטער זיך און מיר געגעבן שלום. איך האָב אים געגעבן צו־

פאַרשטיין, אַז איך נייטיק מיר, חלילה, אין גאָרנישט, נאָר פשוט, איך וויל זיך זעען מיט יידן. עס איז אים געווען די גאַנצע מעשה אַ גרויסער חידוש. ער וואוינט שוין דאָ יאָרן און ער קען אויס־קומען אָן יידן אויך. און אַזוי, פאַרשטייט זיך, איז דער צווייטער און דער דריטער און דער פערטער.

פונדעסטוועגן האָט ער דאָך פאַר מיר געקראָגן דעם שליסל צום יידישן ווינקל אין סידני, וואָס מיר איז נייטיק געווען. ער האָט דורכן טעלעפאָן אָפּגערופן אַ פאָר מענטשן און איינער, אַ יונגערמאַן, איז טאַקע באַלד אַריבערגעקומען צו אים אין געשעפט אַריין. דאָס איז געווען איינער, וואָס איז קיין סידני געקומען פון דרום־אַפריקע. דאָרטן אויפגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן. און דעריבער איז ער שוין געווען אונזערער אַ ייד. באַקאַנט מיט אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין יידישן לעבן אויף גאָר דער וועלט. ווייסט אונזער ליטע־ראַטור. אַדאַנק אים און נאָך אַ פאָר פון זיין קלאַס איז אַיינגע־אָרדנט געוואָרן אַ פאָרטראָג, וואו איך האָב געדאַרפט רעדן וועגן יידן אויף דער וועלט. אין אַ גרויסן, פינסטערלעכן זאַל זיינען זיך צו־נויפגעקומען, ביי אַ הונדערט און פופציק נפשות און דער פאָרזיצער איז געווען דער סידניער רב. אַ מענטש שוין אין די עלטערע יאָרן. אַ געלערנטער מענטש. אַ סך ידיעות אין מוזיק און וועלט־לעכער ליטעראַטור. פאָרגעשטעלט האָט ער מיך, ווי דער שטייגער, אין ענגליש און אַזוי געזאָגט:

— דאָ שטעל איך אייך פאָר, אַ זשאַרגאָנישן שריפטשטעלער. צו מיין באַדויערן, האָט זיך די זשאַרגאָנישע שפּראַך אַנטוויקלט, אַדאַנק אירע שרייבער. איין גרויסער דור פון זייער וויכטיקע שריי־בער איז אין די לעצטע עטלעכע יאָר אויסגעשטאָרבן. יצחק־ליי־בוש פרץ איז געווען דער לעצטער פון זיי. דער רעדנער, וועמען איך שטעל אייך פאָר, געהערט צו אַ יינגערן דור, אויך זייער אַ גרויסער דור, אפשר דער בליענדיקסטער. נאָר איך בין זיכער, אַז דער דור וועט אויך אָפּשטאַרבן און שוין אויף אייביק, ווייל קיין זשאַרגאָנישע ליטעראַטור און שפּראַך באַדאַרפן מיר נישט. יידן האָבן איין שפּראַך, דאָס איז די הייליקע צום דאַווענען און גאָט בעטן און מער נישט. ווייטער דינט פאַר זיי די מדינה־שפּראַך, אין

יעדער מדינה, וואו זײ געפינען זיך, דאָ האָבן מיר ענגליש אונ־זער מדינה־שפּראַך.

אין דער אײגענער שטאָט איז צו מיר געקומען אַ יונגערמאַן מיט זײן פרוי און צװײ קינדערלעך, אײנס בײם האַנט און אײנס אויפן האַנט. ער, אַ רוסישער ייד, אַ ראַדיקאַל, וואָס האָט לשם מענשטלעכקייט חתונה געהאַט מיט אַ בלאָנדער שאָטלענדערין פון טאַסמאַניע. און איצטער —

— וואָס זאָל איך טאָן, וואָס זאָל איך טאָן, — באַקלאָגט ער זיך פאַר מיר, — זי וויל זיך דווקא מגייר זײן, האָט שוין אָנגע־הויבן צו בענטשן ליכט און מאַכן שבת. טענה איך צו איר: נו, גוט, ביסט דאָך שוין אַ יידיש קינד. וויל זי דווקאָ, אַז דער רב זאָל זי מגייר זײן. און איך האָב פײנט אַ רב.

זי האָט זיך פאַרווײטלט, אָבער נישט פאַרשעמט און פרײ געענטערט וועגן אירע יידישע געפילן און געבעטן, איך זאָל אויף אים ווירקן, אַז ער זאָל זען, וואָס פריער זי אַרײנברענגען צום ייד־ישן גלויבן.

— די קינדער וועלן שוין זײן אמתע יידן, — האָט זי מיט ליידנשאַפט געקושט די קינדער.

אָבער גאָר אַנדערש איז מיר אויסגעקומען צו לעבן די עטלעכע וואָכן אין מעלבאָרן, וואו עס געפינען זיך בײ אַ זעקס טויזנט יידן. היימיש, צווישן היימישע האָב איך געלעבט אין מעלבאָרן. דער ווינט האָט אַהין פאַרטראָגן אַ גרופּע יונגעלײט פון ליטע און פוילן, אַ טייל דירעקט פון רוסלאַנד, אַנדערע דורך פּאַלעסטינע, און אין דער ווײטער, פאַרוואָרפענער וועלט האָבן זײ באַשאַפן אַ יידישן ווינקל. גלײך פון באַן האָט מען מיך פאַרפירט אין אַ ביבליאָטעק אין גרויסן לעזע־זאַל. ביכער מאָדערנע. יידיש, העברעיש. יידישע צײטונגען פון אַלע עקן וועלט. די שפּראַך איז אַ לעבעדיקע. פראַגן לעבעדיקע, היינטיקע. מיט אַלע נערוון פאַרבונדן מיטן יידישן לעבן איבער גאָר דער וועלט. איך האָב אין דער אײגענער צייט געפונען בײ זײ ליבשאַפט און צוגעבונדנקייט צום לאַנד. דאָס באַווײזט אויף אַ געזונטן שטריך אין זײער לעבן. ווײל כאָטש נישט רײך לעבן זײ אין אַוסטראַליע, אָבער פרײ און פון קײנעם נישט גע־

שטערט. פאַרהאַן נאָך אַ סך שול־יידן און כמעט ליידיקע שולן. זייער לעבן אין לאַנד איז, ווי אין אַלע לענדער, וואו ענגליש איז די מדינה־שפּראַך. נישט בעסער, ווי אין אַמעריקע, און נישט ערגער, ווי אין ענגלאַנד. מען איז זיך משער, אַז אין גאַנץ אַוסטראַליע געפינען זיך בײַ אַ צוואַנציק טויזנט יידן. איך האָב דאָ באַגעגנט אַ גרויסע צאָל יידן, וואָס זיינען אַהער געקומען דורך פּאַלעסטינע און פון פּאַלעסטינע. אין פּערט, מערב־אַוסטראַליע, געפינען זיך אַ פּאָר הונדערט משפחות, דער גרעסטער טייל פון אַרום פּאַלעסטינע. מען רעדט דאָרט העברעיש. אַזוי האָט מער מיר איבערגעגעבן. צום באַדויערן, איז געווען עפּעס אַ טעות אין דער קאָרעספּאָנדענץ, שלעכט זיך צונויפגערעדט פון וויטן. איך האָב אויף זיי געוואַרט אין פּערטער האַפן און זיי האָבן אויף מיר געוואַרט אין שטאָט. נישט באַשערט געווען צו טרעפן זיך מיט זיי.

---

אַכט און צוואַנציק טעג זיינען צעשמאָלצן און צערונען געוואָרן, זינט מיינע אויגן האָבן צום לעצטן מאָל געקוקט צו אַווסטראַליעס מערב־ברעגעס. דער אינדישער אָקעאַן האָט זיך דעמאָלט געשפּילט מיט ציקלאָנען און דורך וואַסער־גערויש און ים־געפּילדער האָט דאָס אין־בענקשאַפט־פאַרוויגטע געמיט אויסגעשפּרייט צום שטורעם זיי־נע פליגל. אָבער דער אוראַגאַן האָט אין קרייז געדרייט אַלץ העכער, העכער די כוואַליעס געשטורעמט. פאַרשוימט און פון ווינט־בייטשן געבייטשט און צעשמיסן, האָט דער אינדישער אָקעאַן אין קאָנ־האַלסיעס זיך געקאָרטשעט. און ווי נאָר אַווסטראַליעס ברעג האָט זיך אין נעפּלען באַהאַלטן, האָט דאָס אויג זיך אָפּגעווערט צו מזרח־זייט. די נייגעריקייט האָט מיט הונגעריקע אויגן געזוכט און גע־נישטערט ביים ראַנד פון מזרח־זייט, ביים ראַנד פון דרום־זייט.

אָבער! דאָס לעבן ווערט פון שטורעם געשפּייזט און געשטאַרקט. שוין לאַנג, אַז איך האָב דעם אוראַגאַן געלאָזט הינטער זיך. איצט איז באַגינען און אַ נײַ לאַנד קוקט אַרויס צו מיר. אַ ליכטיק לאַנד קומט אַנטקעגן: —

— אַפריקעס ברעג לאַכט אין פרימאָרגן צום ים אַרויס. עס קערט זיך אום צוריק דאָס לעבן לאַכנדיק און שאַלנדיק.

קנוילנווייז קנוילן זיך ליכטיקע קנוילן פון די ברייטע צעשפּריי־טע הימלען און ווערן צעשאָטן איבער די כוואַליעס, וואָס וואַשן די ברעגעס פון דרום־אַפריקע. עס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף אַ יונגער באַגינען און רייסט שטיקער פון דער זון און שליידערט זיי אין אָפּגרונד אַריין. וויגט זיך דער ים, און וויגט זיך, שלינגט דאָס ליכט און קען זיך מיט ליכט נישט אָנזעטיקן. דאָס געמיט רייסט זיך צום ברעג, וואָס שפּרייט צו מיר אויס זיינע אָראַנזש גלוטיקע אָרעמס, זיין היים־גרינע, ברוין־פלאַמיקע ברוסט.

לאַנג, שוין לאַנג האָט צו מיר דאָס לאַנד אַרויסגעקוקט. אין

איינראָפּעס גרויסע, אַלטע שטעט, אָדער אין אַמעריקעס נייע אויפ־געקומענע שטעט, צפון צו דרום, דאַכט מיר — אייביקייטן בין איך אָפּגעשטאַנען בײַ די אײַזערנע, קאַלטע גראַטעס פון אַפריקעס גע־פאַנגענע קינדער: לייב, לעמפּערט, עלעפאַנט אָדער תאוודיקער באַ־בון. פון זייער אומרויִק בלוט האָט אַרויסגעשריען דער ווידער־קול פון אַפריקעס בערג. געווים בין איך נישט דער ערשטער, וואָס לאָזט זיך אַהער נאָכן סליאַד פון אומרויִקן געמיט, זיין אומרו צו קילן. איך נייזט דער לעצטער, וואָס בלענדט זיינע אויגן אין פרעמדע, אייגענע זונען, אין פרעמדע אומבאַקאַנטע נעפּלען, כאָטש אין מיין בלוט ליגט אפשר דער אָפּקלאַנג פון יענע אַלטע אַוואַנטורים, וואָס האָבן געקרייזט אַרום און אַרום בײַ די אייגענע ברעגעס. האָבן די לופט געשעפּט פאַרגאַפּטערהייט און אַליין נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער ווינט האָט צו זיי פון לאַנד געבראַכט. עס האָבן דאָך אַלטע פעל־קער פון אָריענט אַהער דעם וועג געווים דורך לאַנד געטראָפן. איצט שטייען זיי אויפן ברעג און ציילן די שיפן, וואָס קומען אָן פון אַלע לענדער דורך אַלע זיבן ימען. איך צי אויך צום ברעג און צי אין זיך דעם ווינט, וואָס קומט צו מיר פון ברעג זיך צו טראָגן. ווי עלעפאַנט אָדער בושמאַן, אַזוי פרווו איך דעם ווינט, כדי צו דערקענען דעם אומבאַקאַנטן ריח, וואָס איז מיר שוין באַקאַנט פון לאַנג, גאָר לאַנג.

אומרויִק איז דאָס געמיט. כאָטש נישט צו לאָזן זיך נאָך די שפּורן פוןווילדע חיות בין איך אַהער געקומען. אויך נישט אײַנצוקויפן שוואַרצע קנעכט, מענער, פרויען, בחור אָדער מיידל, און זייער שוואַרצע, ברוינע נאַקעטקייט אַוועקצופירן אויף די גרויסע וועלט־מערק; איך טראָג אויך נישט קיין קראַנקהייטן אין מיין בלוט, כדי זיי איבערצוגיסן אין בלוט פון די שוואַרצע, ברוינע, געלע קינדער פון לאַנד. דער ריח, וואָס דער ווינט ברענגט צו מיר פון לאַנד צו טראָגן, אָטעמט מיט דעם אייגענעם פרידן, וואָס איך טראָג פון ווייטן צו די קינדער פון לאַנד. איך וועל דאָך גיכער זיך לאָזן פאַרכישופן פון דעם איידעלן, בלוילעכן ריח פון דער צאַרטער, בלוילעכער וויסטעריע־בלום, אָדער לאָזן די אויפגעבליטע קאַקטוסן, זיי זאָלן מיינע הענט צעשטעכן.

נענטער, נענטער ווערט דאָס לאַנד. באַרג־אַרויף גייט אַ זעק דער ברעג פון נאַטאַל. באַווייזן זיך הייזער. קוקן פרידלעך פון אַ געדיכט־באַוואַקסענער געגנט אַרויס. נישט קיין דזשאָנגל. ביימער, פון מענטשן געפלאַנצטע, פון מענטשן געבויטע הייזער. ווען דיאַז אָדער וואַסקאָ־דע־גאַמאַ האָבן דאָ געקרייזט מיט זייערע זעגל־שיפן, האָט נאָך געוויס דער העלפאַנד דאָ אַרומגעשפּרייזט און געבראָכן מיט זיינע ריפן יונגע ביימער.

ביים סאַמע ברעג שוואַרצט זיך דער מאָדערנער פּאָרט. אויס־לאָדונגס־מאַשינען וואַרטן אויף שיפן, אויסצולאָדן סחורות. עס שלאָגט די היץ אין פּנים אַריין און דער ווינט פון לאַנד איז אַ הייסער, טראָגט מיט זיך דעם ריח פון זומער, אַ ריח פון צעבליטע ביימער און בלומען. און אַזוי דערנענטער איך זיך נענטער, נענטער.

עס האָט שוין מיין שיף זיך צוגעטוליעט צום ראַנד פון לאַנד, צו דער גרוי־שוואַרצער, שטיינערנער וואַנט פון מאָדערנעם האַפן. שטייען אויבן, אויפן דעק פון שיף די מענטשן געדיכט, זייט ביי זייט, קוקן נייגעריק אַפּער צום קוילן־שטויביקן האַפן און צו די מענטשן, דאָרט אונטן. שוואַרצע, ברוינע, געלע, וואָס קוקן נייגעריק צום שיף אַרויף. די זון וואַשט מיט איר ליכט דעם שטויביקן האַפן און וואַשט די שוואַרצע, געלע, ווייסע מענטשן, וואָס האָבן אַהער זייער נייגעריקייט אַרויסגעבראַכט. מיינע אויגן זוכן אויך צווישן די אַלע אומבאַקאַנטע, וואָס שפּרייזן אום אומרויִק אויפן ברעג, מיט פאַררײסענע קעפּ צום שיף אַרויף. שפּירסט, אַז דו ביסט שוין נישט אַליין דאָ. עמעצער קוקט דיך שוין אויס און וועט דיך געפינען:

האָט דאָך דער אַלט־יונגער שטאַם וויט, וויט זיינע צווייגן אַרויסגעשיקט. וויט, גאָר וויט קינדער פאַרוואָרפן אין וויטע לענדער — אויך קיין אַפריקע. אויך קיין נאַטאַל. אויך קיין דורבאַן, די שטאָט, וואָס שפּרייט זיך איצט פאַר מיר באַרג־אַרויף און באָדט זיך אין ליכט פון פרימאָרגן.

— יידן!

יעדערן ציט צו זיינס. יעדערן צו זיין שטאַם.

* * *

היים. טראָפּיש. מיט ליבשאַפט באַטראַכט איך נאָך אַמאָל דעם ים. ווי שניי־פעלדער שפּרייטן זיך די כוואַליעס אויפן ווייסן רונד־אויסגעבויגענעם ברעג. די לעצטע שפּיל זייערע. בלאַנקען שניי־עדיק, בלענדן אין טאָג אַריין. דאָ איז זייער ברעג און דאָ איז אויך דערוויילע מיין ברעג. אַפריקעס ערד שמייכלט מיט אַ רויטלעך־ברוינעם פּנים. דאָס לאַנד רופט צו זיך אין די בערג אַריין. אָבער שטאָט שטעלט זיך אַוועק, ווי אַ וואַנט אַ גרויע צווישן לאַנד און ברייטן ווילן.

דורבאַן. אַ האַפן־שטאָט. ווי גרויס די שטאָט זאָל נישט זיין. אַ האַפן־שטאָט ביים סאַמע ברעג, און ענגליש. מיט אַלע מעלות און אַלע חסרונות. גאַסן, קראָמען, פענסטער מיט גוט־באַקאַנטע סחורות — גרוי.

אָבער עפּעס ערגערס קומט גאַנץ אומגעריכט אַנטקעגן דאָ אין דער שטאָט דורבאַן, ביים ברעג פון דרום־אַפריקע: —

— ריקשאָ־יונגען! נעגער־יונגען, וואָס האָבן זיך איינגע־שפּאַנט אין צוויי־רעדערדיקע ברישקעס און פירן אַרום ווייסע פאַר־שוינען פאַר איין פערטל פון אַ שילינג.

ווי אומגעלומפּערט, אויסגעלאַסן און פאַרדאָרבן מיין ווייסער ברודער זעט אויס, זיצנדיק ברייטלעך צעשפּרייט אין וועגעלע און לאָזט זיך פירן פון דעם פאַרשוויצטן און אָטעם־פאַרשלאָגענעם נע־גער, וואָס גאַלאָפּירט פערדיש צופרידן און אומצופרידן.

פון זולולאַנד, וואָס פאַרמאָגט די בראַווסטע פון די נעגער, זעקס־פוסיקע, קליין שטערנדיקע, גראָב־ליפּנדיקע און ברייט־נעזיקע ברוינע גבורים. פון דאָרטן קומען זיי אויסגעפּוצטע אין האַלב־חייבערישע אויסגענייטע קורצע קליידלעך. אַ קרוין פון פעדערן און אָקסן־הערנער אויפן קאָפּ און פון פאַטשערקעס אויסגעהאַפטענע ברוסט־טיכער און האַלז־בענדער. קופּער־דראָטענע אָרעם־רינגען און דראָ־טענע רינגען אויף די פיס, וואָס זיינען ביז צו די קני אָפּגעקאַלכט.

מיט פעדערן אָדער העלצלעך אין די לעפלעך פון די אויערן און דאָס רעשט פון נאַקעטן לייב מיט אייל אָנגעאיילט. גלאַנצט.

אָט אַזוי שפּאַנט ער זיך אַיין אין די האָלאָבליעס פון דער ברישקע אויף צוויי רעדער. טאַנצט אין די האָלאָבליעס, ווי אַ ווילדער פערד, און רופט און חנדלט זיך צום ווייסן פאַרשוין — מאַן אָדער פרוי. אַליין פערד, אַליין אָנטרייבער. יאָגט זיך, טאַנצט אין די האָלאָבליעס, טרייסלט מיט די הערנער, ווי אַ ווילדער אָקס. אין די הונדערטער טראָגן זיי זיך פאַרביי. איז דאָס אפשר קיין בייז נישט. אפשר האָבן זיי ביידע הנאה. מיין ווייסער און שוואַרצער ברודער. און פאַרוואָס איז אויף מיין גורל אויסגעפאַלן צו זען, ווי אַזאַ נעגער־פערד איז געפאַלן אין די האָלאָבליעס מיט אַ שוואַרצער בלאַסקייט אין פנים און שוימיק בלוט אַרום די ליפּן?

אָבער אַפריקעס זון שטאַרקט דאָס געמיט. דעקט אָפּ ווייטע רוימען, אומבאַקאַנטע וועלטן און ברענגט זיי נאָענט צו דיר. און כאָטש דיין הויט איז בלאַס, און כאָטש דיין בלוט יאיז ציטעריק, פונדעסטוועגן שפּירן די טריט דעם אָטעם פון דער ערד. גוטמוטיק נעמט דאָס פנים אָן דעם רויטלעך־ברוינעם שטויב, וואָס דער ווינט ברענגט מיט זיך צו טראָגן.

אַ ביסל ווייטער, אַז מען דערווייטערט זיך פון ברעג, אַ ביסל ווייטער, אַהינטער דער שטאָט — דאָרט לאַכט שוין דאָס לאַנד אַנטקעגן פון אַ זוניקער ברוסט אַרויס. דער גרונט איז פעט. האַרט, רויט. וואו מען האָט געפלאַנצט, וואַקסט אַ בוים אַ שיינער. וואו פאַרלאָזן — וואַקסן דערנער. פרוכפערן זיך דערנער. אַפריקעס דערנער. פלאַטערן שמעטערלינגען אין דער לופטן, גרויסע, ברייט־פאַרביקע. אויף דער ערד — שפּרינגערס. זשוקעס, יאַשטשערקעס. בליען ביימער, רויט, געל, אַלבאַסטער־ווייס און פורפור. בליען פאַר זיך. בליט די אייביסקאָס ליליענדיק אויפגעעפנט און רויט מיט אַ געל צינגעלע אַרויסגעשטעקט. בליט דער קאַפיר־בוים אַ אָן־בלעטערדיקער, שוואַרצלעך־ברוינער מיט צעשפּרייטע צווייגן און אויף די צווייגן — שאַרלעך־רויטע בלומען, ווי רויטע פאָפוגייען. גרינען האַלב־צייטיקע אַפּעלסינען צווישן געדיכטע, גרינע בלעטער. פון צווישן

בּערשטלדיקע, שטעכעדיקע קוסטעס גאָלדיקט זיך אַרוים דער אַנאַנאַס.

דער ליכטיקער טאָג רופט אַליץ ווייטער אַרוים פון דער שטאָט, ווייטער פון דער שיין-בּאַוואוינטער געגנט. די ליכטיקייט איז אַ קלינ-גענדיקע. טראָפּיש איז די לופט. גלעטנדיק-הייס. בּלענדנדיק-וואַרעם, ווייל זיבּן זונען גיסן זייער ליכט איבּערן לאַנד. ווען מען גייט עס אָן, וואָס די היץ איז אַ טראָפּישע און די ערד אַליין אָטעמט פון זיך אַ גלוטיקייט אַרוים. די שפע פון ליכט הערשט דאָך איבּער אַלצ-דינג, און וואָס נאָך פאַרלאַנגט דיין בּלוט? יעדער גליד בּעט:

— וואַרף פון מיר די פאַרשטויבּטע קליידער אַראָפּ. זאָל דאָס לייב בּרוין פאַרבּרוינט ווערן, ווי דאָס לייב פון שטאַרקן זולו, וואָס קומט דיר אַנטקעגן.

יעדעס לאַנד איז געווענדט, מיט וואָס פאַר אַ אויגן זי בּאַגעגנט דיך צום ערשט מאָל, — פּונקט, ווי די אויגן פון אַ מענטשן, ווען ער קומט דיר צום ערשטן מאָל אויף דיין וועג. פאַר־האַן אַ לאַנד, וואָס קוקט אויף דיר מיט די אויגן פון אירע אַיינוואוינער, אָבּער דרום-אַפריקע קוקט אויף דיר מיט אירע אייגענע, לויטערע, בּרייט גע-עפנטע אויגן. איך ווייס נישט, וואוהין פריער זאָל איך שיקן מיינע בּליקן. עס רופט דער ווייטער האָריזאָנט. עס רופט יעדער בּאַרג, וואָס האָט זיך נאַקעט אויסגעטאָן. דאָ, בּיים שוועל פון לאַנד, שפּירסטו, אַז נישט אַפריקע וועט דעם מענטשן געלינגען צו בּאַ-הערשן און אונטערטעניק מאַכן. נישט אַפריקע וועט דעם מענטשן געלינגען איר יונגן פּנים אַלט צו מאַכן. אונטער אַזאַ ליכט-שפע וועט דער מענטש זיך ניט אָפּגעבּן אַראָפּצושלעפּן דעם הימל אויף דער ערד און אים פאַרדויכערן. ווייל צו הויך איז בּיז צו די הימלען דאָ, אַז מען זאָל קענען אין זייערע בּרעגעס זיך אַיינוויקלען. די בּרוין-רויטלעכע ערד ווינקט:

— ! רייס מיך טיפער אויף, בּיז צו מיינע אָדערן רייס מיין לייב אויף, וועסטו דאָרטן דיין תאוה קענען לעשן. עס האָט נאָר דער ווייסער מענטש דעם רוף פון דער ערד אָנגענומען און רייסט אירע אָדערן, אָבּער ער שטילט דאָ נישט זיין תאווה. דאָס נאַרט אים אָפּ מוטער ערד. זי גיט אים גאָלד, צערייצט זיין דאָרשט. אפשר בּלויז

דער שוואַרצער מענטש, ער ווייסט, ווי די תאווה זיינע אויפצורייצן און ווי אַזוי איר גלוט צו לינדערן.

צוויי קליינע קאַפיר־קינדער פירן זיך בײַ די הענט, בלייבן ביידע שטיין און קוקן מיך אָן. זאָגן גאָרנישט, קוקן מיך אָן מיט דעם פאַרבאָרגענעם פייער, וואָס אין זייערע שוואַרצע אויגן.

— וואָס קוקט איר אויף מיר, קינדער, אַזוי פרעמדע און דאָך אַזוי נאָענטע?

ביידע קינדער לאָזן זיך פונאַנדער. זאָגן גאָרנישט און גייען פאַרביי.

אין דער טיף פאַרדריסט עס, וואָס איך פאַרמאָג אַ שפּראַך און וועל זיך קענען צונויפרעדן מיט די מענטשן, וואָס באַגעגענען מיך און, וואָס אפשר וועל איך אַליין זיך גאָר דער ערשטער ווענדן צו פאַרבייגייער און פרעגן, ווי אַזוי איז דער וועג אַהער? וואו איז די גאַס, וואו עס וואוינט דער און דער?

עס וואָלט מיך נישט אַרן, ווען איך וואָלט אַזוי פיל לשון גע־האַט, ווי אַט די מאַלפּע, וואָס קריכט אַרום צווישן די ווילדע באַ־נאַנע־ביימער, אָדער ווי די שאַרלעך־בלומען פון דעם פונאַנדערגע־בליטן קאַפיר־בוים. איך וואָלט מיר שוין אויף זיכער דערקליבן אַהין, וואוהין די לאַנגע שאָטנס פון די ביימער וואָלטן מיר פאַרנאַכט אָנ־געוויזן.

אין ערגעץ זיינען מיר אַזוי ווינציק נישט אָנגעגאַנגען מיינע ברידער, שוועסטער, מענטשן־קינדער, וואָס דרייען זיך אַרום אַרום מיר, ווי איצטער דאָ ביים ברעג אין אַפריקע. וואָס גייען זיי מיר אָן, ווען זונען־גלאָקן וועקן אַלע איינגעשלאָפענע נערוון און פירן זיי אַרויס אַנטקעגן דעם ליכטיקן טאָג? אַפריקעס טאָג האָט מיך פאַרפירט צו די אייזערנע גראַטעס, וואו עס זיצן די אמתע קינ־דער פון לאַנד געפאַנגען:

דעם ערשטן האָב איך באַגעגנט אים, דעם מלך פון די חיות. דעם פעלזן־שטאַרקן און ברוטאַלן לייב. נישט אויף זיינע אויסגע־טראָטענע שטעגן פון זיין לאַנד האָב איך זיך מיט אים געטראָפן אויג אויף אויג. ער איז שטאָלצער פון זיינע ברידער, שוועסטער, וואָס זיצן געפאַנגען אין די ווינטער־לענדער. דאָ איז זיין לאַנד.

דער לייב אָטעמט מיט זיין לופט, וואַרעמט זיך אין זיין זון. דורך די גראַטעס קומט די זון צו אים אַריין. זיין פעל גלאַנצט מיט נאַטיר־לעכן לעבן. זיינע שפּיציקע אויערן הערן זיך צו צום גאַנג פון טאָג. אַרום זיין שטייג, וואָס האָט קיין דאַך נישט.

אויך דער לעמפּערט איז בײַ זיך אין דער היים. אַהינטער גראַטעס, ליגט און קוקט אויף די רעשטלעך פון צעגריזשעטע ביי־נער. זיינע טונקל־ברוינע פלעקן אין דער העל־ברוינער פעל — ווי אויגן גלאַנצן זיי און קוקן פון דער פעל אַרויס.

אָט איז דער באַביאַן, דער לאַנג־נאָזיקער מיט די קליינע וואַ־סערדיקע, תאווהדיקע אייגעלעך, שטייט אויף אַ קייט צו אַ סלופּ צוגעבונדן. אָט איז די אַווסטראַליאַנער קענגורו, זיצט אויף אירע הינטערשטע לאַנגע פיס, אָנגעשפּאַרט אויפן לאַנגן עק, און פון איר בויך־זעקעלע קוקט אַרויס איר קינד, שפּיגלט דאָס פייכטע גלאַנציקע עזעלע אין דער וואַרעמער זון. איך ווייס נישט, אויב דער מאַמע קענגורו בענקט זיך אַזוי שטאַרק נאָך די פלאַכע סטעפּעס פון אַווסטראַליע, איר מוטער־לאַנד, פון וואַנען מיין וועג פירט מיך איצטער.

0 און פון צווישן די ביימער פון דער פרייער וועלט דערטראָגט זיך דאָס וואָרקען פון דער טירקל־טויב. דער דריי־טאַקטישער רוף. דער אַזוי מיר באַקאַנטער רוף. וויפל ווילדע שטימונג באַשאַפט דאָס וואָרקען פון דער ווילדער טויב! אַזוי פיל ווייטע לענדער רינג־לען מיך אַרום. אַזוי פיל ווייטע לענדער ווערן מיר מיט אַמאָל נאָענט. וואָרעם פונקט אַזוי האָט די טירקל־טויב געוואָרקעט, ווען איך האָב מיר געוואַרעמט אין דער טאַהיטיער זון. אַזוי געוועקט דאָס בלוט, ווען ניי־זעלאַנדס ווינט האָט געבלאָזן איבער מיין פּנים. אַזוי האָט זיך איר וואָרקען געקייקלט צווישן די ביימער אין אַווסטראַ־ליעס עקאַליפּטוס־וועלדער. און איצט — די אייגענע טירקל־טויב, די ווינטיקע טירקל־טויב. אַזוי פיל ווייטקייט ליגט אין איר רוף. זומער, פרילינג און ווייטע לענדער וויגן זיך אין איר רוף.

ביים ברעג פון לאַנד. דער ווינט דערטראָגט נאָך דעם גע־זאַלצענעם ריח פון ים. אָבער אַפריקעס שוואַרצע און זוניקע האַנט

ווינקט און רופט און זי האָט עס באַפוילן דער טירקל־טויב די אומרויִקייט אויפצוּוועקן.

און אַזוי האָב איך פאַרלאָזט דורבאַן, די האַלב שיינע און האַלב מיאוּסע שטאָט, וואָס ליגט אין נאַטאַל, בײַם ברעג ים, העכער אויפן וועג קיין טראַנסוואַל.

אָבער צי דען וועט מיך דער ווילדער רוף פון דער טירקל־טויב אַהער נאָך אַמאָל נישט פאַרפירן?

## קיין יאָהאַנעסבורג.

באַרג־אַרויף גייט דער וועג. באַרג און טאָל האָבן צווישן זיך צעטיילט די געגנט. באַרג און טאָל שניידט מען דורך, ווען מען לאָזט זיך קיין טראַנסוואַל דורך נאַטאַל.

פאַרנאַכט. אָבער דער טאָג האָט נאָך זיין ממשלה נישט אויפגעגעבן. עס האָבן די הימלען נישט געקאָנט זיך ברייטער פו־נאַנדערשפּרייטן און העכער אויפהייבן, ווי דאָ, איבער אַפריקעס ערד. און אין ערגעץ, דאַכט מיר, פאַרלויפט דיין בליק נישט אַזוי ווייט, ווי דאָ, אין אַפריקע, וואו יעדעס מינדסטע בערגל קריגט צו זיך מזרח, מערב, צפון, דרום, מיט אַלע זייערע ליכטיקייטן אַרומגע־רינגלט. כאָטש די זון איז שוין נידעריק, אָבער די לופט איז לויטער און די גאַנצע געגנט וויגט זיך אין דער ליכטיקייט. נאַטאַל האַלט אין גרינען און די בערגלעך כוואַליען זיך אין טאָל אַריין און דער טאָל שיקט זיינע טיף־גרינע, געדיכטע ביימער־פלעקן צו די בערגלעך אַרויף. אַפילו דאָרט, וואו דער מענטש האָט נאָך זיין ברכה און זיין קללה נישט פאַרפלאַנצט, גרינט עס אויך. ציען זיך אַוועק באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַרויף שורות, שורות באַנאַנע־ביימלעך. אָט די קליינע, גרינע, גראָזעדיקע ביימלעך מיט די דריי־איילנדיקע, שמאָ־לע בלעטער. שטענדיק רופן זיי אַרויס התפּעלות, אַז מען קוקט אויף דעם שווערן בונט באַנאַנעס, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף דעם גורל פון אַזאַ קליין ביימעלע אויסצוטראָגן. אַ סך, אַ סך ביימעלעך זיי־נען מיט די באַנאַנע־בונטן באַלאָדן און ביי אַנדערע פּורפּורט זיך נאָך אַרויס פון צווישן די בלעטער די שווערע, פעטע באַנאַנע־בלום.

אַנדערע בערגלעך זײַנען בערשטלדיק מיט אַנאַנאַסן באַפֿלאַנצט, בליען גאָלדיק צײַטיקע אַנאַנאַסן, קומט פֿון ווײַטן זײער ריח און באַשאַפֿט אַ געשמאַקע וואַסערדיקײט צווישן גומען און צונג.

העכער, העכער, בויגט זיך, קרימט זיך און קלעטערט פֿאָראויס דער וועג. די לופֿט איז בלויליך־קיל. פֿון דער רעכטער זײַט זילבערט זיך אַ פֿאַס ים. דער אינדיישער אָקעאַן. דאָס בערגיקע לאַנד טרײַבט אים צוריק צו די ראַנדן פֿון הימל אַוועק. און דאָ, צו די ריפּן פֿון די בערגלעך, טוליען זיך הײַזלעך פֿון הינדוסן. בלעכענע פֿאַרזשאַווערטע הײַזלעך אָן פֿענסטער. דורות־לאַנג ציען הינדוסן אַהער מיט דעם אינדישן אָקעאַן. אפֿשר האָבן אַנדערע פֿון זײ פּאַלאַצן דאָ אין לאַנד. איך ווײס נישט. דערווײַלע זע איך זײערע פֿאַרזשאַווערטע, בלעכענע כאַלופּקעס.

אין טיר — דראָבנע ווײַבער מיט אַ סך קלײנע קינדער. האַלב נאַקעטע, בלאַטיקע. די בלאָטע קוקט פֿון זײער שוואַרצקײט אַרויס. אָבער די גרינקײט און דער ליכטיקער פֿאַרנאַכט — זײ נעמען אַלץ אַרײַן אין זײערע אָרעמס. גײט אַ נעגערטע, יונג, שטאַרק, מיט אַ בונט טרוקענע צווײַגן אויפֿן קאָפּ. איר לײַב ביז צו דער טאַליע מיט אַ שמאַטע אַרומגעוויקלט און דער אָפּגעדעקטער טײל קערפּער גיסט זיך צונויף מיט דעם קאָליר פֿון אַפֿריקעס ערד. שפּרײַזט זי ריטמיש, און אירע שווערע נאַקעטע בריסט וויגן זיך, ווי עס הײגן זיך פֿון ווינט די באַנאַנע־בײמלעך, באַלאָדן מיט שווערע אומצײַטיקע באַנאַנע־בונטן.

פֿאָרט מען נאָך ווײַטער אָפּ פֿון ברעג, נאָך העכער אין דער געגנט אַרײַן, און דאָס לאַנד ווינקט שוין מיט פּאַרדרוס:

ווי ווײַט און דערווײַטערט עס זײַנען די הײַזלעך אײנס פֿון דעם אַנדערן. אַזוי האָט מען זיך געשלאָגן איבער מיר און אַזוי לאָזט מען מיך אַלײן. פֿוילן זיך דײַנע שוועסטער, ברידער, ווײַסע, שוואַרצע, פֿוילן זיך צו טרינקען פֿון מײַן וואַרעמקײט, לאָזן אויף מיר דערנער ווילדעווען, האָבן מיך אויפֿגעוועקט מיט זײער הײס פֿאַרגאָסן בלוט און געלאָזט, אַז דערנער זאָלן אויף מיר ווילדעווען, געלאָזט מיר אָט אַזוי אַלײן.

אַ מאַלפּע מיט אַ ווייסן פּנים האָט זיך פֿאַרגנבעט אויף אַ באַנאַנע=בוים און עסט אין איילעניש גרינע באַנאַנעס. דערשרעקט זיך פֿלוצלונג, לאָזט פֿאַלן די באַנאַנעס פֿון האַנט, שפּרינגט אַראָפּ פֿון בוים און אַנטלויפֿט אויף אַלע פֿיר. דער פֿאַרנאַכט הייבט אָן צו הויכן פֿון דער געגנט. די זון נידערט אַליין נידעריקער פֿון דעם ניט=פֿאַרוואָלקנטן הימל און די לעצטע שטראַלן אירע זיינען אַזוינע שטעכעדיקע, אַזוינע שאַרפֿע, ברענענדיקע, אַז באַלד וועלן זיי דיך דורך און דורך דורכלעכערן, ווען זיי רייסן זיך אַריין צו מיר דורכן אָפֿענעם פֿענסטער. אָבער אַ רגע געדויערט עס. דער וועג נייגט זיך אָפּ און שניידט איבער די ברענענדיקע שטראַלן. נאָר נישט לאַנג געדויערט און די זון באַהאַלט זיך, איינגאַנצן אַהינטער די צעבראָכענע קאָנטורן אין מערב=זייט. שאָטנס שווערע שפּרייטן זיך אין טאָל. דאָס איז אַליין. די זון איז פֿלוצלונג פֿאַרגאַנגען. נישט געלאָזט קיין צעגליטן וואָלקן הינטער זיך. נישט געלאָזט קיין וואַרעמע קאָלירן איבער דער געגנט. נישטאָ קיין בין=השמשות. נישטאָ קיין צווישן=טאָג=און=נאַכט=שפּיל. די נאַכט קומט אָן מיט דעם קילן ווינט, וואָס הייבט אָן צו ציען דורך דעם פֿענסטער פֿון וואַגאָן. די נאַכט קומט אָן פֿלינק. בוים צו בוים דערנענטערט זיך. באַרג צו באַרג טוליעט זיך, און דער הלום, וואָס יעדער פֿאַרנאַכט הייבט אָן צו וועקן אין דיין נשמה — ווערט מיט אַמאָל איבערגעריסן. אַ בלויקייט כאַפּט אַרום די געגנט. די בלויקייט ווערט שווערער, און אַזוי וויקלט זיך אין סודות די ברוינלעך=גרינע תאוותדיקע געגנט, וואָס האָט אַזוי דאָס בלוט געוועקט.

* * *

מיט דער אייגענער שאַרפֿקייט האָבן די פֿרימאָרגן=שטראַלן אָנגעהויבן צו שמייסן און מיך אויפֿגעוועקט. דער טאָג איז געקומען מיט דער אייגענער פּשוטקייט און שנעלקייט, ווי ער איז נעכטן פֿאַרשוואונדן. אָבער די זון, ווי נאָר זי האָט זיך אָפּגעריסן פֿון האָריזאָנט און אַ ביסל העכער זיך אויפֿגעהויבן איבער דער געגנט, האָט זי זיך אַריינגעשניטן אין אַ גרויען וואָלקן אַריין און מער זיך נישט באַוויזן. דעם האַלב טראָפּישן נאַטאַל געלאָזן הינטער זיך.

איצט שפּרייט זיך אַרום און אַרום דער טרוקענער, רויטלעכער, שטיינערדיקער טראַנסוואַל. עטלעכע טויזנט פוס הויך, זעלטן־ווען, זעלטן־וואו אַ גרינער בוים. אומגעלומפּערטע קאַקטוסן באַלעבאַטעווען. קאַרליק־ביימלעך דאָרנדיקע. שטיינער קוקן גרוי פון דער ערד אַרויס. נישט־דערוואַקסענע, שפּיציקע פּאַלמען. כאָטש די הימלען זיינען גרוי פאַרהאַנגען, פונדעסטוועגן קוקט די טרוקנקייט פון דער גרויקייט אַרויס. די טרוקנקייט איז נישט אין דער גרויקייט באַשאַפן געוואָרן. געוויס ברענט דאָ כמעט שטענדיק די זון און ברענט דעם גרונט. דאָס איז אויף מיין גורל די גרויקייט אויסגעפאַלן. באַווייזן זיך פון ווייטן וואו־נישט־וואו אַ הויז מיט עטלעכע ביימער ביים שטוב, אָבער דער גרונט איז מער פאַרלאָזן, ווי באַמערקט. מער שטיינער ווי הייזער. אויפן באַאַרבעטן פעלד נעמט קוקורוזע די אייבערהאַנט — אַ טריי קינד פון דעם היגן פויער.

און אָט קומט מיטן ברוינעם וועג אַן אָקסן־געשפּאַן, אָבער אַ געשפּאַן! זעכצן אָקסן פאַרוויז איינגעשפּאַנט. אַכט פּאָר אומעטיקע אָקסן מיט לאַנגע הערנער. געלע, רויטע, ראָבע, אַלע שלעפּן זיי כמעט אַ ליידיקן וואָגן. אַ נעגערל פון אַ יאָר אַכט, האַלב נאַקעט, פירט פאַר אַ שטריקל די ערשטע פּאָר, גייט פאָראויס און ביי דער זייט וואָגן — אַ גרויסער נעגער מיט אַ לאַנגער, לאַנגער בייטש אויף אַ לאַנגן, לאַנגן באַמבוק־בייטש־שטעקן — דער אָנטרייבער. און אַז ער גיט אַ כוואָשטש מיט זיין געהויבענער בייטש איבער די רוקנס פון דער שורה אָקסן, טוט זיך דער געשפּאַן אַ ביסל שנעלער אַ רודער און פיר און זעכציק אָקסן־פיס פּלאָנטערן זיך אַזוי נישט ריטמיש מיט דעם ברייטן וועג. אויפן וואָגן, די באָרוועסע פיס אונטער זיך און מיטן עלנבויגן אויף די קני אָנגעשפּאַרט, זיצט אַ מיטל־יאָריקער בור מיט אַ רויטלעכער באָרד.

— איז דאָס אַ קינד פון בראַוון פאָלק, וואָס האָט זיך ווי אַ לייב געשלאָגן פאַר זיין לעבן מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק? וואוהין ציט עס אַזאַ שטאָלצער אָקסן־געשפּאַן?

בלויז די צוויי נעגער־אָנטרייבער און אַ צוויי, דריי אָקסן וואַרפן אַ בליק צום צוג, ווען ער ציט פאַרביי, אָבער נישט דאָס

קינה פון בראַוון פאָלק, וואָס זיצט אין ליידיקן וואָגן, די פיס אונ-
טער זיך, טראַנסוואַל, זיין לאַנד.

דער צוג ציט זיך אַלץ טיפער אין לאַנד אַריין. אַהין, וואו
די מוטער-ערד איז געבונדן מיט גאָלדענע שטריק, וואו איר האַרץ
איז פאַרקלעמט אין גאָלדענעם קלעם. קומט אָן נאָך אומעטיקער
און נאָך קריכערישער אַ צווייטער געשפאַן. פערצן אייזלען מאָגערע,
אויסגעטריקנטע און איינגעשרומפענע, פּאָרוויז, זיבן פּאָר אין דער
לענג אויסגעצויגן ציען דעם וואָגן. און ווי פריער, אַ קליין אָפּגע-
ריסן נעגערל שלעפּט ביי אַ שטריקל די ערשטע פּאָר אייזלען און
ביים וואָגן — אַן עלטערער מיט דער מיילן-לאַנגער בייטש. אויפן
וואָגן אַ יונגע, דיקע בורטע. לעבן איר צוויי קינדער מיט פלאַקסע-
נע האָר און אַ געבונדענע ציג. זי באַטראַכט שוין דעם צוג מיט
אַ לעבעדיקן בליק. אַ טאָכטער פון בורן-פאָלק. קניגט איבער דעם
גרויסן וואָגן און פערצן אייזלען.

אָבער פיל שענער איז שוין צו דערזען אַ שטיקל פעלד, וואָס
איז היינט באַגינען צעאַקערט געוואָרן, און וואָס גלאַנצט מיט דער
פייכטער פרוינקייט אין גרויען טאָג אַריין. קומען אָן אַנטקעגן די
זעקס פּאָר אָקסן מיט לאַנגע הערנער, שלעפּן דעם שווערן אַקער-
אייזן, איבערקערנדיק גליבעס דאָרנדיקע ערד. דער שווערער היל-
צערנער יאָך פאַלדעוועט די פעל אויף דעם שווערן נאַקן פון די
אָקסן. קומט צושפּרינגען אַ האָז פון צווישן דערנערדיקע געוויקסן
אַרויס און זעצט זיך אויף די הינטערשטע פיס — שאָקלט מיט די
ליפּן און באַטראַכט דעם צוג. און אָט באַווייזט זיך אַ צווייטער
האָז, אַ דריטער.

— אַפּנים דאָרט, דאָרט, וואו מען ראָט אויס לייבן, פאַרמערן
זיך האָזן אויף זייער אָרט.

איך ווייס גוט, אַז דער גרויער טאָג איז שולדיק אין דעם,
וואָס די גרויסע טראַנסוואַלער געגנט זעט מיר איצטער אַזוי גרוי
אויס, זעט אַזוי אָרעם אויס. אַ יונגער הירש טראָגט זיך פאַרביי, פון
וויטן, שווינדלט ריטמיש זיינע דינע פיס איבער דעם טרוקענעם
פעלד און באַהנט מיט זיך דאָס טרוקענע פעלד.

די ערשטע רעגנס־טראָפּן האָבן אָנגעקלאַפּט אין די שויבן פון וואַגאָן און באַלד האָט טראָפּיש אַ גאָס געטאָן. לאַנגע, שווערע רעגן־שניר האָבן זיך געדיכט געצויגן צו דער ערד און גערדאַכט האָט זיך, אַז אָט באַלד וועלן די רעגן־שטריק דעם גרויען הימל אַראָפּ־שלעפּן אין דער נידער צו דער ערד.

אַזוי איז אַריבער דער טאָג. עס האָט געדיכט גערעגנט, ווען דער צוג האָט זיך פּאַמעלעך דערנענטערט צו יאָהאַנעסבורג, צו דער שטאָט, וואָס ערגעץ אין עק וועלט ליגט זי, אַז מען וויל זי געפינען אויפן גלאָבוס. און איצט — אַ מתנה יידן, אַלט, יונג, אין די הונדערטער שטייען זיי און שווייגנדיק גייען נאָך זייערע בליקן נאָך דעם פאַררעגנטן צוג, וואָס דערנענטערט זיך.

## יאָהאַנעסבורג.

די גרעסטע שטאָט אין לאַנד. בלויז עטלעכע און דרייסיק יאָר אַלט. פאַרמאָגט אַריבער צוויי הונדערט טויזנט נפשות, ווייס און נישט ווייס. אַ גרויסע שטאָט, און איז פאַרטראָגן געוואָרן אויף אַ הייך פון זעקס טויזנט פוס.

עס וואָלט געוויס נישט באַשערט געווען דער גרעסטער שטאָט אין לאַנד אַזוי צו דערהויבן ווערן, ווען נישט דער גאָלדענער פונדאַמענט. צו זיין די גרעסטע שטאָט וואָלט אפשר אויסגעפאַלן דער גורל אויף איינער פון די שטעט, וואָס ליגן ביים ברעג, ביי די טויערן פון לאַנד, ווען נישט דאָס גאָלד, וואָס האָט זיך אַזוי הויך פאַרקליבן. אַ גאָלדענער פונדאַמענט!

דערווייל איז יאָהאַנעסבורג דער צענטער, נישט דער צענטער פון אַפריקע. אויך נישט דער צענטער פון טראַנסוואַל — נאָר דער צענטער פון עמעצנס געדאַנק, דער צענטער פון עמעצנס בלוט. גאָלד!

אָבער גאָלד פאַרמאָגט אויך אָפּפאַל. שטויב. בערג מיט שטויב. דעם שטויב געדענק איך צום בעסטן. אָנגעקומען בין איך קיין יאָהאַנעסבורג אין אַ רעגנדיקן פאַרנאַכט, אָבער אין זיכרון זיינען פאַרחתמעט בערג מיט שטויב און כאָטש נישט נאָר איין ליכטיקער

טאָג. איז מיר שפּעטער דאָ אַנטקעגן געקומען, אָבער אין זיכּרון לעבּט אַ גרוי־ווייסלעכער, שאַרפער און דינער שטויב, וואָס קומט גאַנץ אָפט מיטן ווינט אין די גאַסן פון יאָהאַנעסבּורג, קריכט אין די אויגן, אויערן אַריין. לייגט זיך אויף די קליידער און קריכט אין די לונגען אַריין. עס איז אפשר נישט קיין בּייז. ווער פון אונז איז נישט צוגעוויינט צו שטויב? אָבער דער שטויב — גאָלדס אָפּפאַל איז שווער. ריין און דאָך בּלאָטיק.

בּיים שוועל פון שטאָט, וואו די מינען־געגנט איז, ציען זיך אַוועק שורות־שורות שטויב־בּערג אויף צענדליקער מיילן. און פון דאָרטן טראָגט אים דער ווינט אין שטאָט אַריין. נעגער, געניע צוויי הונדערט טויזנט, וואָס זיי רעכנט מען נישט צו צו די איינוואוינער פון שטאָט, זיי ליגן אונטער דר'ערד און ווערן פון ווייסע קנעכט געטריבן צו בויערן, האַקן און אויפרייסן דעם פעלז, דעם גליקלעך־אומגליקלעכן פעלז, וואָס האָט גאָלד בּיי זיך אין די אָדערן. ווערט דער פעלז אין זיין אייגענער טיפקייט צעריסן און אויפגעריסן. און זיינע גאָלד־דורכגעשפּריצטע שטיקער ווערן צעשטויסן דין, גאָר דין. אויף שטויב. דאָס גאָלד ווערט פון שטויב אַרויסגעוואַשן און דער אָפּפאַל, אַזאַ גרויסער, ווערט אויפגעהויבּעט וואַל לעבן וואַל, בּאַרג לעבן בּאַרג — אַ שפּיל פאַר די ווינטן. וויכערס טראָגן זיך אַמאָל אין דער לופט אַרום יאָהאַנעסבּורג, ווען די ווינטן צעשפּילן זיך צווישן די שטויב־בּערג. ווייט, ווייט טראָגט זיך דער שטויב. ווייט איבּער די גרענעצן פון טראַנסוואַל. אַריבּער די גרענעצן פון לאַנד.

דער גילדערנער שטויב, וואָס האָט אפשר נישט נאָר איינעם בּלינד געמאַכט, האָט געווים מער ווי איינעם די אויגן אויפגעעפנט. און ווי זאָל איצטער דער געדאַנק נישט זינדיקן אַנטקעגן דער שטאָט אַליין?

גאָלד!

אָבער יאָהאַנעסבּורג איז דאָך די גרעסטע שטאָט אין לאַנד, כאָטשע אין אַיילעניש אויפגעבּויט. פון לייוונטענע בּיידלעך, בּלעכענע הייזלעך הייבּט זיך אָן איר אָנהייבּ. איצטער איז יאָהאַנעסבּורג אַ שטאָט. מאָדערן. מויערן. שיינע גאַסן. גרויסע געשעפטן. קליינע פּאַלאַצן. גערטנער און בּילדער־גאַלערייען. וואַקסן אין די גאַסן

עקאַליפּטוס-ביימער, וואָס וואַקסן פלינק און מאַכן, אַז אַ געגנט זאָל אויסזען אַלט און איינגעפונדעוועט. די שטאָט איז אָבער אויפגעשטעלט געוואָרן אין בהלה. דאָ און דאָרטן געבליבן סימנים פון דער בהלה. פאַראַן דאָ ווינקעלעך, וואו נאָך עד־היום זשאַווערן די ערשטע בלעכענע הייזלעך. זייערע אײַנוואוינער זיינען קיינמאָל נישט באַגליקט געוואָרן. זייערע אײַנוואוינער האָבן קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען די קאַפּריזן פון מוטער ערד און ווי אַזוי מען קען די נעגער באַפוילן גאָלד צו שמידן. געבליבענע קבצנים. אפילו אין יאָהאַנעסבורג... אַפילו דרייסיק יאָר אויף אַ גילדערנעם פונדאַמענט וואוינענדיק. אין יאָהאַנעסבורג בין איך געווען דער גאַסט ביי דעם חסיד ה׳ פעלדמאַן מיט זיינע ליבע קינדער. אַזוי גוט איז מיר געווען ביי זיי, אַזוי פריינטלעך געווען צו מיר.

נאָך ביינאַכט האָט עס מיך אַ פּאָר מאָל שיר פון געלעגער נישט אַראָפּגעוואָרפן. די ערד אונטער מיר האָט זיך געטרייסלט פון שלאָף. אַזעלכעס האָב איך געשפּירט אין ניי-זעלאַנד. געוואוסט, אַז דאָס מיינט ערד-ציטערניש. דאָ זיינען דאָך קיין לעבעדיקע וואולקאַנען נישט פאַראַן אין שכנות. אָבער די ערד אין דער טיף טרייסלט זיך און קאָנוואולסירט.

— וואָס ציטערט די ערד אונטער דער נייער אויפגעקומענער שטאָט?

— עס זינקען איין אַלטע גאָלד-שאַכטעס אונטער יאָהאַנעסבורג, אַ מייל טיף אין דער ערד אויסגעהוילט. שאַכטעס איבער שאַכטעס, נישט אונטערגעשפּאַרט און פאַרלאָזן. טרעפט, עס זינקט איין איין שאַכטע אין דער אַנדערער אַריין.

אַ סכנה?

— ניין, איר קענט רויִק שלאָפן

די ערד שפּירט איר פוסטקייט. טרייסלט זיך און ציטערט. בענקט, אַז מען זאָל איר כאָטש דעם שטויב צוריק אָוועקגעבן, אויב מען קען איר נישט אומקערן צוריק דעם גראַניט, וואָס מען האָט פון אירע געדערים אַרויסגעריסן.

און עמעצער ציטערט, טאָמער וועט זיך דאָס גאָלד אויסשעפּן. וואָס וועט דעמאָלט פון יאָהאַנעסבורג ווערן? און וואָס וועט אפשר

דעמאָלט פון טראַנסוואַאל ווערן? רייך און אָרעם — ביידע ציטערן, אַנדערע באַדויערן, וואָס דאָס גליק האָט זיך פון גאָלד אָנגעהויבן.

— פון וואָס דען?

— געוויס וועט זיך דאָך דאָס גאָלד אַמאָל אויסשעפּן. און וואָס איז דען דער חילוק פאַר דעם, וואָס איז באַשערט צו זיין קרעמער אויף גאָטס ערד — זאָל עס זיין ייד, שאָטלענדער אָדער הינדוס?

מען זאָגט, אַז דאָס לאַנד איז דורך גאָלד אויפגעקומען. זיינען לענדער אויך דורך מלחמה אויפגעקומען. נאָך די פאַרברעכער, פאַרמשפּטע, וואָס ענגלאַנד האָט מיט גוואַלד געשיקט קיין אַוסטראַליע, זיינען שפּעטער אָנגעקומען פרייוויליקע גאָלדזוכער. דאָס גאָלד איז שוין דאָרט אויסגערונען און פונדעסטוועגן איז די ווייסע באַפעלקערונג אין אַוסטראַליע פיל מאָל גרעסער, ווי דאָ אין דרום-אַפריקע, וואו מען האָט דעם גרעסטן אוצר גאָלד געפונען. וואו מען האָט דעם גרעסטן אוצר דימענטן געפונען. דאָס לאַנד איז פּוסט, כאָטש יאָהאַנעסבורג איז אַ גרויסע שטאָט.

ענגלאַנד איז אפשר די איינציקע מדינה, וואָס האָט דורך דעם שטויב די אויגן געעפנט. דורך דעם גאָלד-שטויב האָבן אירע טרייע קינדער דערזען דאָס לאַנד פון ראַנד ביז ראַנד. אַזש ביז צום זאַמביזי-טייך, אַריבער די דייטשע קאָלאָניעס, אַזש ביז צו אוגאַנדע, אַזש ביז...

און מען זאָגט, אַז דאָס קליינע בורן-פאָלק האַסט די אויפגעקומענע יאָהאַנעסבורג, וואָס איז מיט די גרוי-שטויביקע בערג אַרומגעריינגלט. דאָס קליינע בורן-פאָלק, כאָטש עס איז ניט פאַרבלענדט געוואָרן, אָבער דער שטויב פון גאָלד-אָפּפאַל רייצט די אויגן און נערוון. האָט דאָך אַ בורישער גענעראַל אין דער צייט פון דעם בורן-קריג געשריען:

— לאָמיר די ענגלענדער אַוועקגעבן די גאָלד-בערג, וועלן מיר אפשר אונזער לאַנד נישט אָנווערן.

ווער ווייסט? און אַזוי האָט זיך די גרעסטע שטאָט אויסגעבויט אויף אַ הויך פון אַריבער אַ מייל. און אַזוי ציטערן די פונדאַמענטן אונטער דער שטאָט אַ מייל טיף אין דער ערד. אייגעליבטע

זיינען אין דער שטאָט אירע קינדער. סיי די אויפגעקומענע, סיי די אָנגעקומענע. אויף גאָלד זיינען אירע פונדאַמענטן, און דעריבער ציטערן אירע פונדאַמענטן. אָבער רויק, אַ סך רויקער ווי ערגעץ־וואו אין מאָל, האָב איך מיר געשפּירט אין יאָהאַנעסבורג. דווקא דאָרטן האָט זיך מיין געמיט פאַרשטאַרקט. כאָטש איצטער קומט מיר אויס אַזוי פיל צו רעדן איבער דעם אָפּפאַל פון גאָלד.

## יידן אין דרום־אַפריקע.

צי האָט זיי דער גאָלד־כישוף אַהער געצויגן? גיכער האָבן זיי גוטע ווינטן אַהער פאַרטראָגן — די אייגענע ווינטן, וואָס טראָגן קערנדלעך אויף זייערע פליגל און פאַרזייען זיי דאָרט, וואו די ערד בענקט נאָכן קערנדל.

וואָרעם אַזוי וויט, אַזוי ווייט איז דאָך אַמאָל געווען דרום־אַפריקע, וואָס איז איצטער כמעט מיט דער האַנט צו דערלאַנגען פון אייראָפּע. איצט, ווען איך אַליין בין שוין געפאַנגען אין דער נעץ פון אַפריקעס זוניקע טעג, וואונדערט מיך: פאַרוואָס בלויז אַ פופ־ציק טויזנט יידן זיינען דאָ פאַרהאַן און נישט מער?

ליטע האָט דאָך געלייגט דעם עיקר־יסוד פון אַ יידישן ישוב. פאַר אַ ליטוואַק קוקט נאָך עד־היום אויס אַ רייזע קיין דרום־אַפריקע, ווי אַ צו גרויסע אַוואַנטורע. יידן פון קאָוונער גובערניע זיינען דאָ רוב־מנין און רוב־בנין. צו זיי קומען צו קורלענדער און יידן פון אַרומיקע שטעטלעך. נישט נאָר איין ווילנער ש״ס האָט מען אַהער אַריינגעפירט. אויך דעם אהבת ציון האָט מען מיטגענומען. געקומען למדנים, געקומען משכילים, געקומען דער פּראַקטישער מענטש און אויך דער שטענדיקער בעל־החלומות. נישט נאָר ביי איינעם פון די אַמאָליקע קאָוונער לייט געפינט מען נאָך העברעישע שירים אין בוזים־קעשענע, צווישן געשעפטס־פּאַפּירן.

אַ דריי צענדליק יאָר, אַז די שמאָלע שורה יידן ציט זיך אַהער. קרובים ברענגען קרובים אַריבער. איינער דערלאַנגט דעם אַנדערן די האַנט איבער אַלע ימען.

אַ יידישער צענטער.

שוין גלייך ביים ברעג, אין דורבאַן, האָב איך באַגעגנט די היימישע בליקן, וואָס האָבן זיך צו מיר געצויגן. אין יאָהאַנעסבורג האָב איך געטראָפן אַ יידישע היים. און דאָס אייגענע אין קייפּטאָן. דאָס באַגערט דאָך אַ יידישער רייזנדער אין אַ ווייטן וועג. דער פאַרלאַנג מיט אייגענע זיך צו באַגעגענען. די עלטער האָט געקוקט און זיך געחידושט:

— ווי קומט עס אַהער אַ מענטש בלויז אַ קוק צו געבן?

די יוגנט האָט שטאַרק די האַנט געדריקט און געשמייכלט צופרידן:

— אַפריקע איז שוין מער נישט קיין ווייטע מדינה. אַ יידישער שרייבער קען שוין אַהער פאַרבלאָנדזשען. מיר ווייסן ווער ער איז. מיר וועלן אים שוין דערקענען נישט נאָר אין מיטן העלן טאָג.

די עלטער האָט צוגעגעבן:

— הייסט עס, אַז מען האָט נאָך נישט אויסגעקוילעט אַלע יידן דאָרט, אין יענע מדינות. געלויבט איז דער אייבערשטער.

אַז אַ ייד איז אַהער אָנגעקומען קיין יאָהאַנעסבורג מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק, איז דאָ געווען היים אונטער אַפריקעס הימלען. די איצטיקע יאָהאַנעסבורג — מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק — נישט געווען גאָר קיין שטאָט. בלעכענע כאַלופּקעס האָט מען צונויפגעשלאָגן ביי דער זייט פון די גאָלד-גריבער. עס האָט יעדער איינער מער געטראַכט פון גאָלד, ווי פון אַ היים. אפשר האָט יעדער איינער געחלומט אין דער שטיל פון שנעלער עשירות. אַ ביסעלע שווער-ווערן און זיך צוריק לאָזן אַהיים אין דער קילער, שטילער ליטע. ווייל די זון דאָ ווייסט נישט קיין חילוק פון צווישן דעם בלאַסן ליטוואַק און ברוין-שוואַרצן קאַפיר. און דאָס איז אפשר דער סוד, וואָס דער בלאַסער ייד האָט זיך דאָ אָנגעהויבן אַיינצוואָרצלען.

און כאָטש איצטער זיינען זיי צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד, דאָך האָבן זיי אַ צענטער, די יידן פון דרום-אַפריקע. זיי טראָגן אויף זיך דעם יידישן חותם, און דאָס לעבן פון גאַנצן פאָלק איז זייער צענטער. אין די איצטיקע טעג, אין דער צייט, וואָס איך האָב זיי באַזוכט, איז דער אַלגעמיינער יידישער צער געווען דער מיטל-פּונקט פאַרן יידישן געדאַנק דאָ אין לאַנד. אָבער איך גלויב, אַז

אויף אַ געווייסן אופן היט נאָך אונזער שכינה דעם היגן טרוקענעם באָדן, און אַ גאַסט, אַז ער קומט אַהער, זעט ער און שפּירט, אַז ער איז אין צענטער פון יידיש לעבן, מיט אַלע מעלות און אַלע חסרונות.

אַ טאָפּלטע סיבה איז אין דעם בייגעשטאַנען, וואָס אין דרום-אַפריקע האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אַ יידיש לעבן. ערשטנס, וואָס אַהער האָבן זיך פאַרקליבן דורכשניטלעך יידן פון איין געגנט. אַ געגנט, פון וואַנעט עס שטאַמען נישט קיין גרויסע אַוואַנטוריסטן. אירע לייט האָבן נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי צו ווערן צו גרויסע עשירים. האָבן בלויז פאַרשטאַנען, ווי זיך אַיינצופונדעווען אויף אַ באַלעבאַטישן אופן. אָבער דער עיקר, וואָס דאָס בורן-פאָלק איז נאָך דעמאָלט געזעסן אין זאָטל. אַזוי איז דאָס געווען מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק, און דאָרטן, וואו דער גרעסטער טייל יידן גרופּירט זיך איצטער, הערשט נאָך אויך דער בור מיט זיין כוח און ווילן. צום בור האָט זיך דער ייד דערנענטערט. פשוט. לעבן אים איז גרינגער צו לעבן. און פון בור האָט דער ייד, אויסער די מידה פון הכנסת-אורחים, מער גאָרנישט געהאַט וואָס איבערצונעמען. דאָס איז דאָך טיילווייז אונזערע אַן אייגענע מידה. נישט געווען פון בור, וואָס צו לערנען. קיין שום קולטור האָט דער בור אויפן יידנס האַלז נישט אָנגעהאַנגען. און די שפּראַך פון לאַנד, וואָס אַ ייד כאַפּט זיך אַזוי גערן אין איר אָן, פאַרוואַרפנדיק זיין אייגענע שפּראַך, מוטער-שפּראַך, איידער ער האָט נאָך די פרעמדע אויסגעלערנט — דאָ אין אַפריקע האָט אים דעם בורס שפּראַך נישט פאַרכאַפּט. וואָרעם שלעכט ענגליש איז נאָך יחוס. שלעכט דייטש — געווים. אַרום קאָוונער גרענעץ באָדט מען זיך אין דעם. אָבער שלעכט בוריש — לוינט נישט. און די בורישע שפּראַך האָט טאַקע אויף אַ גרויסן אופן גורם געווען, וואָס אין לעבן הערשט נאָך דערווייל יידיש. פילט מען זיך מיט דער אייגענער שפּראַך אויך נישט זייער אָרעם. פונדעסטוועגן איז מען דאָך פון קאָוונע, שאַוול, פּאָנעוועזש — דער שורש אַן אמתער.

מען האָט אויסגעמויערט בתי-מדרשים. ספר-תורהס האָט מען מיטגעבראַכט. די שווערע ווילנער ש״ס'ן האָבן פאַרנומען דעם איבער-

אָן אין די פּאָליצעס. דער קול-התורה האָט גענומען קלינגען פון אינעווייניק, עס האָט נישט געפעלט צווישן די ערשטע קיין משכּילים, פיינע העברעער מיט אַ בענקעניש נאָך שיינקייט. האָבן זיך אויך צייטונגען באַוויזן מיט אַ סך לשון-קודשדיקע לידער. גייען נאָך אַפילו היינט אַרום שוין עלטערע יידן, שווערע סוחרים, און פון זייער בוזים-קעשענע, פון צווישן וויכטיקע געשעפט-פּאַפּירן, ווייזן אַרויס שירים, געשריבן אין דער יוגנט. ציטעריקע שורות, פּערל-דיקע אותיות. דער פּאַפּיר שוין צעריבן. אָבער שירים פון דער יוגנט זיינען עס.

דורכשניטלעך איז די פּרנסה פון דעם ערשטן אימיגראַנט געווען פון נישטיקן קוואַל, פון שלעכטן פעלד געשניטן. פון ערגסטן ווינקל גענומען. מען האָט געפעדלט איפן ישוב צווישן די גוטע, פשוטע בורן. ווער מיט זיין פעקל איפן פּלייצע, און ווער עס האָט זיינע סחורות אויף אַ וועגעלע אומגעפירט. עס האָט דער בור פון אַלטע צייטן ליב די ביבל און שוואַרצע קאַווע. און אַז דער ייד איז געקומען און געקלאַפּט אין זיין טיר, אַז דאָס קינד פון דער ביבל האָט זיך באַוויזן, האָט דער בלאָנד-באָרדיקער בור אים אָנגעוויזן אויף אַלע פיר ווינקלען פון זיין שטוב:

— אַלץ איז פאַר דיר אָפן, פאַר דיר מיין שטוב און פאַר דיין פערד — מיין שטאַל.

ביי אַ טעפּעלע שוואַרצע קאַווע האָט מען זיך צעשמועסט. דער ייד האָט זיין יידיש אַ ביסל אַ בויג געטאָן אויף רעכטס, אַ ביסל אויף לינקס, און דער ייד האָט אָנגעהויבן צו רעדן מיט אַמאָל בור'ש. וואונדערט זיך דער בור:

— אַ גרויס פאָלק, דאָס פאָלק ישראל. צעשפּרייט איבער דער גרויסער וועלט. געלויבט איז זיין נאָמען, וואָס אַהער, קיין דרום-אַפריקע, דערנענטערן זיך שוין זייערע טריט.

האָט דער בור ביים ייד אַ פּאָרברילן געקויפט. אַריינגעקוקט אין דער ביבל, האָט דערזען, אַז אין די אויגן איז טאַקע ליכטיקער געוואָרן. האָבן די בחורים שוין דערזען ביים יידן אין פעקל זייגערלעך, קייטעלעך, קעמעלעך. האָבן די מיידלעך דערזען פּאַמשערקעס און סטענגעס, זיידענע טיכלעך, האָט די מאַמע רער-

זען לייזעכער און טישטעכער און מען האָט אָנגעהויבן צו האַנד־לען. ביז איינער איז דעם אַנדערן מיאוס געוואָרן. אַזוי פּעדלענדיק מיט ביליקע סחורות, פאַרדאַרבן די ליבע, וואָס דער בור האָט גע־טראָגן צום אַלטן פאָלק פון דער ביבל. איך ווייס נישט, אויב דער בור זוכט איצט די שפּורן פון דעם יידן אין דער ביבל. ווייל עס ווייסט שוין דער בור דעם וועג אין שטאָט אַריין. אין די גרויסע פענס־טער, וואָס אין דער גרויסער שטאָט, ליגן סחורות אויסגעלייגט און וואַרטן אויפן בור און אַפילו אויף דעם נאַקעטן קאַפיר. און אַנדערע האָבן זיך באַזעצט צווישן די גאָלד־מינען אָדער בריליאַנטן־גריבער. אַ שפּייז־קרעמל פון בלעך אויפגעשלאָגן, געשפּייזט דעם קאַפיר, וואָס האָט אין מינען געאַרבעט. דער היימישער תלמיד־חכם האָט באַדינט דעם פּרימיטיוון מענטשן. געקאָכט פאַר אים זיינע מאכלים און מיט אַ ליבלעך שמייכל אים אין די אויגן געקוקט.

געלעבט האָט מען אין בלעכענע הייזלעך אויף גיך צונויפגע־שלאָגענע, וואָס האָבן זיך געברענט אין דער זון בייטאָג און גע־זשאַווערט פון ביינאַכטיקן טוי. ווייב און קינד האָט מען איבערגע־לאָזן אין דער היים. אויף יענער זייט ים אין ווייטן לאַנד. געבענקט אָן אויפהער, שטיל געהאָפט און געשאָלטן דעם גורל, אַפריקע. אַז דער טאָג קומט אָן, פאַרבלענדט ער אַלץ, וואָס עס שטייט פאַר די אויגן. אָבער אַז די נאַכט קומט אָן, איז די בענקשאַפט אַ גרוי־סע, אַ ברייטע. אַז מען ליגט נאָך אַ הייסן טאָג ערגעץ־וואו ביי אַ בור אין שייער אין די היי — טראָגט זיך דער רעיון איבער ימען און בלאָנדזשעט אין קאָוונער סביבה.

דרייסיק יאָר — וואָס איז דרייסיק יאָר פאַר אַ לאַנד אין דער אַלטער היים? העכסטנס האָט מען צעשטערט דאָ און דאָרט אין דער אַלטער היים. אָבער אין די נייע מדינות, יעדער יאָר קען מען פאַרצייכענען סימנים פון בויען און צעשטערונג אינאיינעם. יענע צייטן זיינען שוין כמעט פאַרשוואונדן. ווייב און קינד שוין דאָ. די בלעכענע הייזלעך האָט מען אַראָפּגעוואָרפן און געבויט מאַסיווע הייזער. די פּעדלער האָבן זיך אין שטאָט אַריינגעצויגן. און אַזוי ווערט צעשוואומען דער חלום פון אַן אַלטער היים ערגעץ אויף יענער זייט פון ווייטע ימען. דאָ דערשפּירט יעדערער זיינע וואָרצלען.

און די איצטיקע צייט, ווען אַלע ווינקלען פון דעם יידישן לעבן האָבן אויפגעציטערט, איז דען אַ וואונדער, וואָס אַזוי פיל יידן, אַזוי פיל האָבן זיך אין יאָהאַנעסבורג צונויפגעקומען אויסהערן דעם גאַסט, וואָס איז צו זיי געקומען? זיכער איז, אַז דער גרעסטער טייל פון אַלטן דור און אַ סך פון יינגערן דור האָבן פון גאַסט נישט געהערט. אָבער אַ גאַסט, זייער גאַסט. וואָס איז דער חילוק?

איך האָב באַמערקט דעם עולם, שבתדיק אָנגעטאָן, אַלטע פאַרפאַלן אַזוי פיל. און יונגע, יינגערע בחורים, מיידלעך — דער נייער דור — אַלע האָבן ברייט די אויגן אויפגעעפנט. אַלע האָבן מיט פאַרוואונדערונג צוגעהערט צו די ווערטער — גאַנץ פשוטע און נאַטירלעכע, וואָס דער גאַסט האָט צו זיי גערעדט. דער גאַסט אַליין האָט זיך געשפּירט, ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן, אין סאַמע האַרץ פון ליטע: טאַקע אין דער אייגענער קאָוונע, בלויז איין האַלב יאָר פאַר דעם מלחמה־חורבן.

אָבער מען קען אויך נישט זאָגן, אַז דאָס אינעווייניקסטע לעבן האָט סימנים פון אַ נייער בעסערער פאָרם. עס איז דאָס היימישע שטאַרק איינגעוואָרצלט, סיי דאָס גוטע, סיי דאָס שלעכטע, און דאָרט, וואו דאָס גוטע ווערט אָפּגעקראָכן פון דער היגער זון, דאָרטן ווערט דאָס שלעכטע און דאָס גרויע פון דער אייגענער זון אויפגעבראַכט. דאָס איז שטאַרק צו דערקענען אויף דעם נייעם דור, וואָס שטייט אַ צייטיקער און לאָזט זיך באַטראַכטן.

זיי, די קינדער פון נייעם דור, דאָ געבוירענע, זוכן שוין דעם תיקון זייערן נישט אין טאַטע־מאַמעס ד׳ אַמות. אויך נישט די בענקשאַפט פון דער מאַמען האָט שוין זייער מהות אָנגערירט. און אפשר אַפילו דער איצטיקער גרויסער טרויער — טאַטע־מאַמעס טרויער — האָט זייער נשמה נישט אַזוי שטאַרק פאַרוואָלקנט. ווייל איינער רופט שוין אָן זיין היים דאָס לאַנד, דאָס ווייטע, וואָס איז פון די אַטלאַנטישע וואַסערן געוואַשן. די מאַמע לאָנדאָן איז זיין מוטער־שטאָט. עדינבורג, וואָס אין שאָטלאַנד, ווינקט צו אים פון ווייטן. אַהין פאָרט ער שטודירן. און דער אַנדערער באַווייזט מיט שטאָלץ אויף אַפריקעס ברייטע שטרעקעס, וויגט זיך דעריבער די בריק, וואָס פירט פון קאָוונער טאַטע־מאַמע צום היגן געבוירענעם קינד.

אָבער אַהער האָט דערגרייכט די מאָדערנע יידישע ליד, דאָס מאָדערנע בוך, סיי אין יידיש און סיי אין העברעיש. ווייל שטאַרק, ווי אַ יונגער רעמב, שטייט אין דער יידישער גאַס אַ יונגער דור, וואָס איז יונג אַהער אַריבערגעקומען. גלייך מיט די טאַטעס זיך געברענט דאָ אין דער זון. געוואַלגערט זיך אין שטויב און אויסגעוואַקסן שטאַרק, מיט די אויגן צום מאָדערנעם יידישן לעבן געווענדט. מיט די אויגן געווענדט צו היינטיקער צייט. עס ליגט אַ זיכערע בריק צווישן דער היאָזיקער יוגנט און יידישן פאָלק. איז וואַך צו יעדן צאַפּל אין אונזער לעבן.

וואָרעם ווי ווייט דרום=אַפריקע זאָל נישט זיין, אָבער גאָר נאָענט האָט צו אירע יידישע קינדער דערגרייכט דער צער פון כלל. גאָר נאָענט דערנענטערן זיך די ווינטן, וואָס קומען פון ווייטע לענדער אַהער, אינאיינעם מיטן טרויער. מען קען מיינען, אַז „רעכטס“ און „לינקס“ מישן זיך נישט אינאיינעם. אָבער לינקס און רעכטס אינאיינעם שטרעקן אויס זייער הילף ווייט איבער אַלע ימען. רעכטס און לינקס באַגעגענען זיך אויף דעם וועג, וואָס פירט צו הילף.

כמעט די גאַנצע יידישע גאַס האָט אויפגעציטערט. מיט אָנגעשטרענגטע נערוון געוואַרט צו באַגעגענען די יתומים, וואָס זיינען אַהער אָנגעקומען. זאָל עס פאַרצייכנט ווערן. כאָטש אויפגעצויגן ווען זיי מסתמא ווערן אַזוי גוט און אַזוי שלעכט, ווי נאָר עס קאָן טרעפן אין אונזער אייגענער גאַס, וואו דאָס לעבן איז נישט אָרגאַניזירט און וואו, צוליב דעם סיכסוך צווישן צוויי שפּראַכן, לערנט מען אַפילו קיין איינע נישט, וואו אויף דעם חשבון פון אונזער טומל טרעט אַריין גאָר שטיל און גאָר אָן טומל אַ דריטע שפּראַך, אונז אַ פרעמד=ווילדע, אונז ווי אַ דאָרן אַ שטעכעדיקער. ווי עס זאָל נישט זיין, איך האָב געזען, ווי די קינדערס בלאַסע, מאָגערע באַקן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט אַ זוניקער ראָזיקייט און ווי די שיטערע מוסקלען זיינען שטייפער געוואָרן. זאָל דאָס זיין אַ נחמה. אפשר וועט אין די קינדער אַליין זיך צאַפּלען דער יידישער גורל, אפשר וועט דורך די קינדער רערן דאָס בלוט פון גאַנצן פאָלק.

ציון איז דאָ אויסגעקריצט אויבנאָן אין יידישן לעבן. און אַפילו דער דאָזיקער ייד, וואָס רעדט שלעכט ענגליש און שלעכט

בוריש און אויך שלעכט יידיש, ווייל ער רעדט שלעכט דעם קור־לענדער דייטש — און קען אויך נישט קיין העברעיש — ער, דער שטומער ייד, האט זיין קאפ אויסגעגליכן און האט זיך אוועקגעשטעלט אונטער דער פאן וויים און בלוי. ארץ ישראל איז א נאענטע מדינה. אפשר די גענטסטע, וואס קוקט צו יידן אהער אריבער, כמעט פון אריבער דעם אייגענעם אקסל.

עס קומען אן אהער פון צייט צו צייט פרישע אימיגראנטן, איינציקע און גאנצע משפחות. כמעט אלץ פון קאוונע און ארו־מיקע שטעטלעך. קומען און ווערן איינגעשלונגען אין דעם אלטן ישוב.

בײ א פופציק טויזנט רעכנט מען דא די יידן אין דרום־אפריקע. פון זיי האט יאהאנעסבורג און פארשטעט כמעט א העלפט. קייפטאן די צווייטע גרויסע קהילה. און אפשר איז גאר א חידוש צו באגעגענען דא גאנצע פופציק טויזנט יידן אין דער צייט, וואס דער גאנצער ווייסער עולם אין דרום־אפריקע דערגרייכט נישט קיין אנדערטהאלבן מיליאן. א צווייג פון דעם יידישן שטאם האט אהער דערגרייכט. א שטארקער ווארצל האט זיך אהער דערשלאגן.

די עלטער לעבט מיט אירע געפילן, טראדיציעס. שולן. בתי־מדרשים. חסידישע שטיבלעך.

די יוגנט, וואס שפירט דעם נייעם ווינט, פארמאגט ביבליא־טעקן. מאדערנע ליטעראטור. העברעיש־יידיש. יידיש־העברעיש. גייען ארום יונגע דיכטער. גייען ארויס פון צייט צו צייט זאמלביכער אין יידיש — הערן אויף און גייען ווידער ארויס. ווי דער שטייגער. ווי אומעטום.

עס זעט אזוי אויס, אז אונזער צווייג וועט זיך דא אין דרום־אפריקע פארשטארקערן. די ווארצלען פארטיפערן.

## אין שאטן פון גאלד.

װאולקאנישע ענערגיע און װאולקאנישע כוחות קאכן דא אונטער דר'ערד אין דעם גאלד־ראיאן. א נעץ, וואס מען קאן נישט אויסמיידן, אז מען קומט אהער. די שטאט יאהאנעסבורג מיטן

גאַנצן שטאָטישן לעבן איז צו גאָרנישט געגליכן, אַז מען קומט אַריין אין האַרץ פון די גאָלד־גריבער. כמעט נישט צו באַגרייפן, ווי ס׳איז מעגלעך, געווען אין אַ דריי צענדליק יאָר אַזוי פיל שטיין פון אונטער דער ערד אַרויסצוברענגען, צעמאָלן עס און באַשאַפן אַזעלכע שטויב־בערג אויף צענדליקער מיילן. די מילן, וואָס מאָלן די שטיינער, באַשאַפן אַזאַ טעמפּן און גאָר אָן אַ סוף עזותדיקן גערודער, אַז דער מוח פון קאָפּ הייבט זיך אָן רירן, ווען מען קומט אינעווייניק אַריין. שריי אויס דיין וואונדער אין דער הויך אָדער זידל זיך אויס — אַליץ איינס — קיינער וועט עס נישט הערן. אין קאָנטראַסט מיט די רוישיקע שטיין־מילן זיינען די טויזנטער נעגער, זייער נאַקעטקייט, בלויז אין קאָלדרעס איינגעוויקלט, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום פלעגמאַטיש שווייגנדיק. דרייען זיך אַרום אין די טויזנטער — ווער מיט סימנים פון גבורה און ווער מיט איינגע־צויגענע באַקן און ווער עס הוסט און וואַרגט זיך שוין מיט דער לופט. ווייטער פון דעם ראַיאָן טאָרן זיי נישט אַרויסגיין. אויף דריי יאָר האָט זייער מלך זיי פאַרקויפט דורך אַגענטן צו די מינען־הערשער. דאָ שלאָפן זיי אין די קאַזאַרמעס. דאָ עסן זיי, וואָס מען גיט זיי צו עסן, ביז עס קומט זייער צייט אַראָפּצולאָזן זיך אונטער דער ערד, דרייען זיי זיך אַרום שטילע אונטער דער ברענענדיקער זון, וואַרעמען אויס אַ ביסל דאָס לייב אין דער זוניקער וואַרעמקייט, איידער זיי לאָזן זיך אַראָפּ אונטער דער ערד צום באָדן דאָס לייב אין אייגענער און פרעמדער אונטערערדישער וואַרעמקייט און שוויס.

איך קען די גרויסע גאָלד־מינען פון קאָלאָראַדאָ אין נאָרד־אַמעריקע, אָבער וואָס פאַר אַ דמיון איז עס? גאָר אַנדערע כוחות ווערן דאָ צעבראָכן, דאָ גיסט זיך דאָס גאָלד איבער די ראַנדן. אָבער דאָס גאָלד צו באַקומען, דאַרף מען רייסן דעם פעלז אין דער טיף מיט גערונגענע טייוולשע ציינער.

די פיר־שטאָקיקע עלעוויטאָרס נעמען אַרונטער אונטער דער ערד גאַנצע מענטשן־קנוילן פאַר אַ מאָל און שליידערן זיי אין אַ מינוט, צוויי מינוט אַ מייל טיף אונטער דער ערד. פיר אַזוינע

עלעווייטאָרס יאָגן זיך אַרויף און אַראָפּ אין דער מינע, וואוהין איך גיי מיך איצט אַראָפּלאָזן.

איך הייב אָן אַראָפּצופאַלן אין דער נידער אַראָפּ־און־אַראָפּ, געבאָדן אין אַ פייכטער לופט, וואָס איז פון אָנהייב קילבלעך און וואָס ווייטער — וואַרעמער, וואַרעמער. און באַלד דערפילסטו, אַז דאָס לייב איז עפּעס נישט ריין. קלעפּעדיק און קלעפּט דאָס העמד צו זיך. פיר טויזנט פוס — דאָ לאָזט מען מיך אַרויס. אָבער איידער איך באַטראַכט אַרום דעם גרויסן חלל אין געשטאַלט פון דער צענטראַלער סטאַנציע אין דעם גראַניט אויסגעהאַקט, לעשט זיך די עלעקטרע מיט אַמאָל אויס אַרום און אַרום, און אַלץ ווערט פאַרוויקלט אין דער פינסטערניש — אַ צופאַל, וועט מסתמא לאַנג נישט דויערן. באַלד וועט ווידער ליכטיק ווערן. אָבער דאָס איז ווי אַ סימבאָל פאַר די מענטשן, וואָס ווילן אַ סך זען. עפּעס ברייט אויף די אויגן, אַ סך צו זען.

באַלד באַווייזן זיך דאָ און דאָרט פייערלעך, ליכטלעך אין עמעצנס הענט. די פינסטערניש איז אַ געדיכטע. לאָזט די שטראַלן נישט פונאַנדערשפּרייטן זיך צו־ווייט. די פינסטערניש קריגט אַ געלבלעכן שמייכל און רעדט ציניש:

— האָסט דיין האַרץ ריין געוואַשן. עס איז בלאָטיק סייווי. פון מיין שטויב האָט זיך קיינער זיין האַרץ נישט ריין געוואַשן, ווייל פון דיין בלוט, מענטש, איז דאָס גאָלד אַרויסגערונען און צו מיר געקומען. דו האָסט דאָך באַפוילן, איך זאָל איבער אים וואַכן: כאַ־כאַ־כאַ

פונדעסטוועגן ווערט דער בליק פון דער פינסטערניש אינגאַנצן נישט פאַרגוואַלטיקט. עס טראָגט דער בליק מיט זיך זיין אייגן ליכט, און ווייסט אַמאָל, ווי אַזוי מיט אים די פינסטערניש דורכצולעכערן.

די מענטשן, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום, זיינען דאָס רוב ברוין־שוואַרצע, אָבער פון דער פינסטערניש לייכט זיך נאָך דאָס שוואַרצע לייב מער ווי דאָס ווייסע אַרויס. די שוואַרצע געשטאַלטן, ווי שטיקער פינסטערניש, גייען אַרום און צעשניידן מיט זיך דעם צינישן געלבלעכן חושך.

פלוצלונג צינדט זיך אָן דאָס עלעקטרישע ליכט און אַלץ ווערט מיט אַמאָל אָפּגעדעקט:

— אַ גרויסער און ברייטער אונטערערדישער וואָקזאַל אין גרויגעלן גראַניט אויסגעהאַקט. אַ עלעקטרישער צוג, וואַגאָנעס אָנגעלאָדענע מיט פּייכטע שטיקער שטיין קומט אָן מיט אַ געפּייף און טעמפּן גערויש און בלייבט דאָ שטיין. אונטערן צוג איז אַן אָפּגרונט אָפן. יעדער וואַגאָן עפנט זיך אויף פון אונטן און די שטיינער ווערן אין אָפּגרונט אַריינגעשפּיגן. דאָרט וואַרט אויף זיי געוויס אַ מיל, וואָס צעברעכט זיי אויף קלענערע שטיקער, דראָבנערע שפּליטערס.

דער וועג, וואָס ציט זיך אַוועק פון צענטער אויף רעכטס און לינקס, איז אַ ברייטער. דער טונעל אַ גראַמער. קאַפּירס, קאַפּירס, קאַפּירס. נאַקעטע ביז צו די לענדן. צווישן זיי איינציקע ווייסע, בלייכע מענטשן. זיי באַפעלן. אָבער וואָס איז דער חילוק דאָ אונטער דער ערד, צי מען הערשט, אָדער מען ווערט באַהערשט? ביידע, סיי דער ווייסער, סיי דער קאַפּיר, אויף בײדן געוועלטיקט די קללה.

קומט אָן פון ערגעץ אַ שורה אַייזערנע וועגעלעך, אָנגעלאָדענע מיט שטיינער, לויפן אויף אַ שמאָלע פּאָר רעלסן. הינטער די וועגעלעך קאַפּירס אונטערשטופּערס. באָרוועסע לויפן זיי אויף די רויע, שפּיציקע שטיינער. איך וואונדער זיך, וואָס זייערע פיס ווערן נישט צעשניטן אַזוי לויפנדיק באָרוועס אויף שפּיציקע שטיינער. ווערט דער וואונדער אָבער פאַרענטפערט. אָט איז אַ קאַמער אין דער שטיינערנער וואַנט, וואו מען בינדט איבער אויף גיך וואונדן. שטייען בענק נאַסע, פון אייגענעם שווייס אויסגעווייקט. אויף אַ באַנק זיצט אַ קאַפּיר מיט אַ נאַקעטן פוס און פון פוס רינט בלוט. מיט אַ ווייסן באַנד דעם טראָט פאַרבונדן. טריפט דאָס בלוט דורכן באַנד, איז דער באַנד רויט. אויך פון זיין בולט ווערט דער ווייסער באַנד בלוטיק-רויט.

טיפער אין טונעל. די באַוועגונג איז נערוועז און דאָך אויסגערעכנט. נאָך אַ צוג מיט שטיינער פאַרבייגעלאָפן. מיין שווייס באָדט מיר מיין לייב אונטער מיינע קליידער. און קאַלט איז דער שווייס, גלייך גאָרנישט פון מיין לייב איז ער אַרויסגעקומען. אפשר איז

ער קאַלט, ווייל דאָס בלוט איז דאָך קאַלט צו דער גאַנצער באַחוגונג. ווער ווייסט, אפשר.

אין דרייען אַיינגעבויגן קריכט מען אַריין צו יענעם עקשנותדיקן אוצר דורך איינעם פון די טונעלן. אַ טוץ קאַפּירס און איין ווייסער אַרום איין עקבויער, וואָס ציטערט און ווערט געטריבן פון געפּרעסטער לופט אין פעלז אַריין. אַלע שטעלן אָן אויף מיר די אויגן: די קאַפּירס מיט ווייסע, קאַלטע ווייסלען, וואָס רינגלען אַרום גרויסע שוואַרצלען. אויגן. קאַפּירשע אויגן. אין דער קאַלטער ווייסקייט איז די שוואַרצקייט אַ פרעמדע, אַ ביטערע. מיט אַזעלכע ווייסלען און שוואַרצלען קוקט אַ קאַלב אַ געבונדענע, ווען איר קאָפּ איז שוין צו דער ערד געבויגן און דער האַלז צום חלף אויסגעצויגן. און דער ווייסער, די כלומרשטע אייבערהאַנט, וואָס איבער זיי, ער לאַכט. זיין פנים איז צעבראָכן פון טויזנטער שמייכלען. מיין פנים איז פאַרשוויצט, פונקט ווי זיינס. אָבער אין זיין פנים ליגט דאָס גרויסן זיך און שטאָלצקייט. יענער באַוואוסטזיניקער שטאָלצער שטריך, וואָס איך האָב שוין איינמאָל דערקענט ביי די ווייסע גאָלד־גרעבער ערגעץ־וואו אין אַן אַנדער לאַנד. דאָס נאַקעטע ברוין־שוואַרצע לייב פון די קאַפּירס איז בלאָטיק־נאַס. די מוסקלען שיטער. ביי איינעם מיט האָטענטאָטיש בלוט, צווישן זיינע וואָל־בינטלעך אָנשטאָט האָר, וואָס אויף זיין שאַרבן, קייקלען זיך טראָפּנס שווייס און לויפן ביז צו אים אין מויל אַריין. פון וויטן קומט אַ דונער־כוואַליע און זי זינקט איין אין שטיינערנע ווענט.

דינאַמיט האָט ערגעץ אויפגעריסן. — פילן אַלע ווענט די קראַמפן.

אויף קוואַלן וואַסער האָט מען אונטער דער ערד איבערגעשראָקן. נאָך דעם נאָלד זיך יאָגנדיק, שטראָמען זיי און זוכן זייער וועג. טייכן גאַנצע שטראָמען פון ערגעץ מיט אַ גערויש און פאַרשווינדן ערגעץ אין דער וויט. מען היט שוין די שפורן פון אַזאַ קוואַל. עס ווערט דאָס וואַסער אַרויסגענאַרט אויף דרויסן מיט ריזיקע פּאָמפּעס, וואָס ווייסן נישט קיין רו סיי טאָג און סיי נאַכט.

שוין אויפן וועג צו דרויסן גיי איך ווידער פאַרביי דעם פלאַץ, וואו מען בינדט איבער וואונדן. זיצט נאָך אַלץ דער האַלב־נאַקעטער

קאַפּיר אויף דער פאַרשוויצטער באַנק, קוקט אויף זיין שוואַרצער פוס, װאָס מיט אַ ווייסן באַנד אַרומגעבונדן. און דער ווייסער באַנד איז אַזוי רויט, בלוט-רויט. ער, ווי איך, ביידע וואונדערן זיך, וואָס בלוט איז אַזוי רויט, אַזוי רויט.

דרויסן הערשט דער ליכטיקער טאָג. אַפריקעס אַ ליכטיקער טאָג. איך האָב די זכיה צו ווערן אַריינגעלאָזט אינעווייניק אין שמעלץ-הויז אַריין, וואו מען שמעלצט גאָלד. דאָס אָרט איז הייליק — שעפּטשעט עפּעס פון יעדן ווינקל אַרויס. די אויוונס אין די ווענט איינגעשלאָסענע און פאַרשלאָסענע. קומט פון די ווענט אַרויס אַ ווייטער, איינגעהאַלטענער אונטערערדישער ווינט-גערויש. כאָטש אין די פאַרבאָרגענישן פלאַקערן געוויס פייערן ווילדע. אָבער דאָ, אין טעמפּל, איז אַ שטילע קילקייט. אַ צוויי ווייסע מענטשן, אַ דריי קאַפירס, ערנסטע פּנימער. דאָ געפינט זיך דער אמתער האַר. אויפן טיש, — אַ געלער, קאַלטער ציגל. ריין גאָלד! אָפּגעגאָסן און גע-לייטערט גאָלד. ערשט באַמערק איך, אַז נידעריק, כמעט אין דער ערד, שטייט אַ גרויסער טאָפּ טיף איינגעמויערט. דער טאָפּ איז פול מיט אַ געלבלעכער און זילבערדיק-שווערער פליסיקייט, צעשמאָלצן גאָלד און מיט אַ זילבערדיקע הייטל באַדעקט. אונטן ברומט און פייער נישט אַרויסצוזען. מען באַפעלט און צוויי קאַפירס נעמען דעם טאָפּ אַרויס מיט אייזערנע צוואַנגען. און אַ ווייסער מיט אַן ערנסט פּנים נייגט דעם טאָפּ מיט אַ לאַנגער צוואַנג און גיסט דאָס גאָלד אין אַ שוואַרצער, קאַלטער פאָרמע אַריין. גיסט זיך נישט קיין גאָלד, נאָר אַ זוניקייט, פון טאָפּ אין דער קאַלטער פאָרמע אַריין. אָבער באַלד ווערט די זוניקייט טונקעלער, אויסגעלאָשן און לעבן דעם ערשטן קאַלטן, געלן ציגל לייגט מען דעם צווייטן אַנידער. מען קלאַפּט אויף אים אויס עמעצנס חתימה. אין עטלעכע שעה אַרום וועט ער זיין אַזוי קאַלט, ווי דער ערשטער. דאָס איז אַלץ.

מען עפנט אויף אַ זייטיקע טיר אין אַ וואַנט. אַ טיגל. דאָרט לייטערט זיך דער גאָלד-שטויב. אַ גערויש פון פאַרשטיקטע ווינטן אין אויוון. און די לויטערקייט — נישט אַנדערש, שטיקער פון דער זון האָט מען אָפּגעריסן, ווען די זון האָט געהאַלטן ביי דער שקיעה און דאָ אין אויוון האָט מען די זונענשטיקער פאַרשפּאַרט און זיי

רדישן און זיי בענקען צו דער זון. רייסן זיך פון דער תפיסה ארויס.

און אפשר איז עס די נשמה פון דער וועלט, וואס ברומט און בענקט אזוי און ווערט פארברענט אין אונזער תאווה צו גאלד. ווערט פארברענט אינאיינעם מיט אונזער גורל.

דרויסן הערשט דער ליכטיקער טאג. אפריקעס טאג.

## אפריקעס קינדער.

דער ברוין-הויטיקער מענטש האט געטראגן אפריקעס וועגן און שטעגן. און נאך איצטער געוועלטיקן זיינע בליקן אומעטום. דער קאפיר. אזוי ווערט ער דא אנגערופן. פון דער טונקל-הויטיקייט בליקט ארויס דער שבט-שטריך, און ווי שבט מיט שבט האט זיך באהעפט און ווידער צעשיידט. אין דרום-אפריקע זיינען זיי אריבער זיבן מיליאן און דער ווייסער מענטש מיט זיינע אנדערט-האלבן מיליאן בלייבט זיך דא אויף אפריקעס ערד, ווי א שווא-כער מארגן-בלאסק אדער אפשר — אוונט-העל.

אינאיינעם מיט דער ברוינער אפריקעס ערד קוקט פון אומעטום ארויס דאס ברוין-בראנזענע פנים און לייב פון קאפיר. ווען ער גייט ארום אין שטאט איינגעוויקלט אין אייראפעערס שמאטעס, גיסט ער זיך צונויף מיט דעם שטויב פון די גאסן. אבער ווען ער לויפט ארום א נאקעטער אין א זייט פון ברייטן וועג, איז ער געראטן אין א קאפיר-בוים ווינטער-צייט, בעת ער שטייט אן בלעטער אונ-טערן בלויען הימל און די נאקעטע צווייגן מיט שארלעך-רויטע בלו-מען ארומגעהאנגען.

אלערליי שבטים פארמאגט אפריקעס ערד, אבער דער שענסטער איז דער זולו-שבט. דער זולו איז דאס אמתע קינד פון לאנד. שטארק, גיגאנטיש געבויט, ווי נאר עס פאסט זיך פאר די היגע ריזן. אז דער זולו שפרייזט מיט פייל און בויגן אויף דעם שמאלן שטעג, צווישן דיכע ווילדע, שטעכעדיקע גראזן, בוקן זיך צו אים די ווילדע גראזן. און אזוי אויך די זולו-טאכטער, איי-דער דער חשק החתונה צו האבן האט נאך אויף איר שטאלצן און

שטאַרקן קאָפּ נישט אַרויפגעוועבט דעם הויך-אויסגעפּלאָכטענעם, רויטגעפאַרבטן טעפּל-הוט און איידער עס האָט דאָס מזל אירס אָנגעבונדן און אָנגעהאַנגען איר אַ קינד אויפן פּלייצע. דעמאָלט, מיידלוויז, קרייזלט זיך אויס אָן אַ צאָל פלעכטלעך פון אירע קורצע, געקרייזלטע וואָ'יקע האָר, און אויף יעדן צעפּעלע — ווייסע פּאַטשערקעס. יעדער צעפּעלע מיט איל אויסגעשמירט, אַזש דער איל טריפט פון יעדן פלעכטעלע. און דאָס איל באַזאַלבטע לייב אירס, וואָס איז נאַקעט ביז צו די היפטן און נאַקעט פון די לענדן ביז צו דער ערד-גלייך, ווי אַ יונגע סאַרנע שפּרייזט זי מיט דעם קאָפּ פאָראויס. אַזוי שפּרייזט זי מיט דעם שמאָלן שטעג, ציען זיך צו איר די ווילדע גראָזן און די טיגער-ליליע פון ביידע זייטן שטעג. ציט זיך די ברוינע ערד צו אירע פולע אָנגעקוואָלענע גלידער.

אַפילו ווען דו פאַרשטייסט נישט די שפּראַך פון זולו, איז דיר ליב צו הערן איר קלאַנג. קלינגט מעלאָדיש. געזאַנג אין קלאַנג. דער איינענער קנייטש, וואָס אין דער טירקלטויבס געזאַנג. דער קנאַק מיט דער צונג, וואָס אין אַנדערע ווערטער איז אפשר אויך ביי די פויגל געבאָרגט.

אָבער צווישן קלאַנג און שפּראַך און פלינקן טראָט, צווישן שטאָלצן געבוי און ברענענדיקן בליק האָט זיך באַזעצט אַ באַציל, וואָס עסט זיין לייב און זיין נשמה. טאָטשעט אונטער זיין אָריגינאַליטעט און זיין קיום. ווייל ווי אומעטום, אין אַלע פּאַרוואָרפענע, ווייטע, ווייטע לענדער, אַזוי אויך אָהער, צו די קינדער פון לאַנד, האָט דער אייראָפּעער אינאיינעם מיט זיין רעליגיע מיטגעבראַכט זיין בלוט און זיינע קראַנקהייטן. אַזוי גייט עס שוין האַנט אין האַנט.—דער אייראָפּעער, וואָס האָט זיך בלומרשט געמיאוסט צו שטיין אין שוואַרצנס ד' אַמות, האָט זיך דער תאווה אונטערגעגעבן און די האָט שוין אים דערנענטערט צו דער פולבלוטיקער פרוי מיט איר שוואַרצן פייער. אַמאָל האָט ער זי באַגעגנט אין פעלד, ווען די זון האָט געברענט און געצונדן די געגנט אַרום, און אַמאָל אין די קילע, בלויע אויסגעשטערנטע נעכט. עס האָט זיי שוין דער ווינט צונויפגעבראַכט. אויף דעם זאָגן עדות אַלע בלאַסלעכע, געלבלעכע פּנימער און אַלע דראָבנע, נישט-דערוואַקסענע מענער, פרויען, וואָס לייגן

אַ שלעכטע בריק צווישן בלאַסן אייראָפּעער און בראָנזענעם קאַפיר. פון דעם געמישטנס פּנים קוקט די ווייסקייט אַרויס פון דער שוואַרצקייט און מוסרט דעם אייראָפּעער. און פון דער בלאַסקייט ברעכט זיך דורך די ברוינקייט און ווינקט ביז צום קאַפיר.

איך פרעג אַמאָל אַ זולו-מיידל:

— ווילסטו האָבן אַ ווייסן מענטשן פאַר אַ מאַן?

האָט זי פאַרקרימט דעם נאָז מיטן עקל:

— ניין, איך וויל נישט. אַפילו דער באַבון גייט אויך נישט אַוועק פון זיינע באַבונעס צו זוכן זיך אַ ווייב צווישן אַנדערע מאַל-פּעס.

האָט פונדעסטוועגן דער מאַליאַער, כינעזער, פראַנצויז, בור, צי שטאָלצער ענגלענדער, איר באַוויזן, אַז די באַבונעס האָבן נישט קיין גאָט, און אַז די ברוינקייט פון איר קינדערס פּנים קען אויך גע-בראָכן ווערן, ווען דער ווייסער מענטש וועט עס נאָר פאַרלאַנגען. געוויס האָט זיך די דעגענעראַציע גרינגער באַהעפט מיט דעם פּרימיטיוון מענטשנס בלוט, ווי די רעליגיע זיינע מיט דעם קאַפירס פּרימיטיווע נשמה. וויל אונטער קריסטוסעס ברייטע פאַלעס קען דאָס קאַפיר-קינד דעם קאָפּ נישט באַהאַלטן בשום אופן. פונקט ווי עס קאָן נישט אויסבאַהאַלטן די קאַפיר-מאַמע איר קינד, ווען עס טו-ליעט זיך אַ נאַקעטע צו דער מאַמעס נאַקעטער פּלייצע, ווען זי שפּרייזט דורכן הייסן טאָג מיט דעם שטויביקן וועג.

די שטאָט, וואו עס איז דעם אייראָפּעערס ממשלה, זי קאָן אָן שוואַרצן מענטשן נישט אויסקומען. דער קאַפיר איז ביים ווייסן מענטשן — פערד און אָנטרייבער, קוכער און סאַרווער, שיק-יינגל און משא-טרעגער. ביים בור איז ער אַ קנעכט אָט דער אַלטער האָלענדער, דער ביבליש-געשטימטער, האָט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי פון אים אַ קנעכט צו מאַכן. ביים בור קריגט ער געשמיסן, קריגט קלעפּ און דאַרף לעבן זיי ביידע בשלום. דער קאַפיר-מאַן קען שוין אָן דעם ווייסן מענטשן אויך נישט אויסקומען.

איך ושטאָט אַריין קומט ער צום ווייסן מענטשן פאַרדינען קלעפּ און דאַרף לעבן זיי ביידע בשלום. דער קאַפיר-מאַן טוט נאָך דעם

ווייסן מענטשן, איינקויפנדיק אַלטע סורדוטן, קאַמיזעלקעס, מיט צי־לינדער־היט ביים ווייסן מענטשן. אויב ער האָט טאַקע אָפּגעשפּאָרט פון דעם קאַרגן און שווער־פאַרדינטן געלט — דעמאָלט קויפט ער זיך אַ קו אָדער אַן אָקס. דאָס איז שוין דער וועג, וואָס וועט אים קאָנען אַוועקפירן צום הויז פון אַ טאַטן, וואָס האָט טעכטער. ביסלעכווייז, אין עטלעכע יאָר, אַז ער פאַרמאָגט שוין אַ צען בהמות, דעמאָלט קאָן ער קומען מיט שטאָלץ צו אַ טאַטן פון אַ טאָכטער און זאָגן: — דיין טאָכטער וויל איך פאַר אַ ווייב. דאָ באַקומסטו דיר דיינע צען קי און אָקסן און איצטער גיב מיר דיין טאָכטער פאַר אַ ווייב.

ווייל דאָס איז דער קלענסטער פּרייז, וואָס אַ טאַטע, נישט קיין יחסן, פאָדערט פאַר זיין טאָכטער. פאַר צוויי יאָר אַרבעט אין שטאָט וועט ער נאָך קיין צען אָקסן נישט קויפן. וועט ער נאָך קיין ווייב נישט קריגן. אָבער מיט איין ווייב, אַן איין און איינציקע, לעבט דער קאַפיר נישט אָפּ זיין לעבן. חתונה געהאַט, זיך אויסגעטאַנצט, באַזאָרגט זיין ווייב מיט אַ קינד, מיט אַרבעט אין פעלד, אויסגע־כאָליעט אַ ביסל דעם נאַקעטן גוף אין דער ליכטיקער זון, וויקלט מען זיך ווידער איין אין די שמאַטעס אין די שטאָטישע און מען לאָזט זיך אַוועק ווידער צום ווייסן מענטשן געלט פאַרדינען. ביז מען פאַרדינט ווידער אויף צען אָקסן, ביז מען פאַרדינט אויף נאָך אַ ווייב.

ווען די ממשלה איז געלעגן ביי די בורן, האָט דער קאַפיר נישט געקאָנט זיך קלאָגן ביי קיינעם און פאַר קיינעם פאַר דאָס שלעכטס, וואָס דער ווייסער מענטש האָט אים געטאָן. דער ווייסער האָט אַליץ געמעגט און דער שוואַרצער — נישט. געשאָסן אַ קאַפיר — ווי געשאָסן אַ הונט. איצטער, אונטער ענגלאַנדס ממשלה, איך שוין דאָ און דאָרטן פאַראַן כלומרשט אַ משפט פאַר דעם אומ־רעכט, וואָס עמעצער האָט דעם קאַפיר געטאָן. דאַכט זיך: אָבער דעם שוואַרצן מענטשן אוים, אַז תמיד וועט ער די שמיץ באַקומען, אַז אָנקלאָגן וועט ער דעם ווייסן, אָבער ער אַליין וועט אין טורמע גיין. דאָס איז דערפאַר, וואָס אין שטאָט איז דער קאַפיר אָן די מינדסטע רעכט. קיין איין טריט קאָן ער פריי נישט מאַכן. אפשר אַ טויץ פאַספּאָרטן אַלערליי באַדאַרף ער האָבן. און אין אָוונט, אַז

דער זיינער שלאָגט אַכט, טאָר זיך זיין פוס נישט געפינען אין גאַס, סיידן זיין ווייסער באַלעבאָס גיט אים אַרויס אַ פּאַס. עס לויערן אויף אים פון אַהינטער יעדן פּלויט זיינע אייגענע ברידער—שוואַרצע פּאָליסלייט. ווי אַ הונט כאַפּט מען אים אין דער פינסטערער נאַכט און ווי אַ הונט שלעפּט מען אים אין טורמע, ווי נאָר דער זייגער האָט אַכט געשלאָגן.

צי באַגרייפט דער קאַפיר זיין אייגענעם באַטייט אין לאַנד, פונקט ווי עס ווייסט דער ווייסער פון זיין שוואַכקייט? ווער ווייסט? דער ווייסער מיטן שוואַרצן פאַרטרויען זיך, קיינמאָל נישט זייערע הערצער. דעם טעם פון מלחמה האָט דער קאַפיר שוין באַלד איינגעאַנצן פאַרגעסן. זיין איינציקע כלי־זיין, דעם האַסיגיי, אַ שטעקן מיט אַ פּיקע, דאָס איז שוין פאַרווערט צו טראָגן. שטעקנס מעג ער טראָגן וויפל ער וויל, אָבער דער שטעקן זאָל קיין שטאָלענעם שאַרף נישט האָבן. איז דאָס זיין איינציקער געווער געבליבן. גייט דעריבער דער קאַפיר אין וועג און טראָגט אין האַנט צוויי, דריי און אַמאָל פיר שטעקנס. געבליבן זיינען נאָר די מלחמה־טענץ און אַז דאָס בלוט ווערט פון טאַנץ און ביר צעהיצט, רייסט מען זיך אַמאָל אַרויס פון קלעם און מען שלאָגט אַן אייגענעם און מען דערשלאָגט אַן אייגענעם. מלחמה־לידער לעבן נאָך. דער שונא איז איצטער אַ דאָפּלטער. איז פון דעם אַ שפּאָט־ליד אַרויסגעקומען:

האָבן זיך געשלאָגן די בורעס
מיט די זולוס
זיך געשלאָגן, זיך געשלאָגן
און געוואָרן — דערשלאָגן.

האָבן זיך געשלאָגן די בורעס
מיט די ענגלענדער
זיך געשלאָגן, זיך געשלאָגן
און געוואָרן דערשלאָגן.

ניין, מיט אַ שטעקן קען מען קיין מלחמה נישט פירן. אַפילו מיט פיר שטעקנס אויך נישט. אַפילו דעם שטעקן פאַרלייקנט שוין אויך דער קאַפיר אוים מורא פאַרן ווייסן מענטשן.

איך שטעל אַמאָל אָפּ אין מיטן וועג אַ קאַפיר, וואָס האָט געטראָגן צוויי לאַנגע שטעקנס:

— פאַרוואָס טראָגסטו צוויי שטעקנס?

ענטפערט ער צעטומלט:

— יאָ, באַס, איינעם באַדאַרף איך פאַר זיך און דעם אַנדערן טראָג איך אַ מתנה פאַרן טשיף.

און דערביי פאַרשט ער דערשראָקן מיט די בליקן, צי מען האָט אים נישט געכאַפּט ביים ליגן זיינעם.

שטעל איך אָפּ אַ צווייטן און פרעג:

— פאַרוואָס טראָגסטו צוויי שטעקנס?

ענטפערט ער:

— יאָ, באַס, עס ווענדט זיך, ווי לאַנג דער וועג איז. אויב נישט גאָר לאַנג, נעמט מען איין שטעקן. אַ לאַנגער וועג — נעמט מען צוויי שטעקנס.

— אָבער צוליב וואָס די שטעקנס?

— שלאַנגען מיט זיי צו דערהרגענען, באַס. מיט איין שטעקן איז אַ סכנה, באַס, אַ שלאַנג צו דערהרגענען. טאָמער דערלאַנגסטו נישט גוט, טאָמער טרעפסטו נישט גוט און הייבסט אויף דעם שטעקן ווידער צו דערלאַנגען, באַס, וועט די שלאַנג דיר דערווייל אַ ביס טאָן. מיט צוויי שטעקנס — דערלאַנגט מען דעם שלאַנג פריער מיט איין שטעקן און מען האַלט צו די שלאַנג מיטן שטעקן, זי זאָל זיך נישט אַרויסדרייען, און מיטן אַנדערן שטעקן גיט מען אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ און די שלאַנג — איז שוין אַ סוף צו איר! אַזוי, באַס, הרגעט מען שלאַנגען.

גייט פאַרביי איינער גאָר אָן אַ שטעקן. פאַרשטעל איך אים דעם וועג:

— פאַרוואָס האָסטו נישט קיין שטעקן, מענטש?

ענטפערט ער וואוילעריש:

— יאָ, באָס, איך באַדאַרף נישט קיין שטעקן. איך שלאָג זיך נישט מיט קיינעם.

— און אַז עמעצער וויל דיך שלאָגן?

— איך אַנטלויף, אַז מען וויל מיך שלאָגן.

און ער האָט דערביי באַוויזן, ווי אַזוי ער אַנטלויפט.

צווישן זיך פאַרנעמט אין אמתן דער שטעקן דעם אָרט פון אַמאָליקן האַסיגיי, מיט צוויי שטעקנס פעכט מען זיך: מיטן רעכטן דערלאַנגט דעם שונא און מיטן לינקן באַשיצט מען דעם אייגענעם פּנים. נאָר דער קלוגער פאַרשטייט שוין, ווי צו אַנטלויפן אויך. געוויס האָט דער זולו נישט געוואוסט די חכמה פון אַנטלויפן דעמאָלט, ווען דער גרויסער מלך איז געגאַנגען מיט זיין שבט, ווען זיין מלכס באַפעל האָט אויפגעכוואַליעט דעם זולוס בלוט.

עס וואָלט אפשר צייטנווייז דער ווייסער מענטש זיך אַוועקלאָזן אין אַ טאַנץ אין מיטן גאַס, אין מיטן העלן טאָג, ווי עס טוט אַמאָל זיין שוואַרצער ברודער. טאַנצן דעמאָלט, ווען טאַנצן ווילט זיך. ווי עס פּאַסט נאָר אונטער אַפריקעס הימלען. אפשר דורך טאַנץ זיך דערנענטערן.

צי וועט עס — אַמאָל געשען?

## ווייטע קלאַנגען.

וויפל מאָלט רייסט זיך דער פאַרלאַנג צו אַנטפּלעקן דעם סוד, וואָס ליגט אין דעם אָנגעצונדענעם און פאַרטייעטן בליק פון דער קאַפיר-פרוי און וואָס באַטייט דער אַיינגעוויקלטער שעמעוודיקער פייער, וואָס טליעט אין אירע אויגן? דעם אימפעט פון זייער לעבן און אפשר דעם ריטם פון זייער לעבן האָט דער ווייסער מענטש איבערגעריסן מיט זיין אָנקומען אַהער. נאָר צעריסענע קלאַנגען טראָגן זיך נאָך אין לופטן. ליכט און שאָטן שפּילן אויף זייטיקע שטעגן און דערמאָנען נאָך אָן צייטן, ווען דאָס פרימיטיווע לעבן האָט דאָ געשלאָגן, ווי די הייסע גייזערס אין די וואולקאַנישע געגנטן. דער ריטם פון זייער לעבן איז איבערגעריסן געוואָרן, ווי

נאר עס איז געווארן אוממעגלעך צו פירן מלחמות — שבט מיט שבט. דער גרויסער טאַנץ פון האַס און נקמה וועבט זיך אויס. די געפליגלטע לידער ווערן טראַדיציע. אָבער קלאַנגען איינציקע זיינען נאָך וואַך אין דרום־אַפריקע. זיי וועקן דיך, ווינקען צו דיר און מאַכן דעם סוד נאָך טיפער.

עס טרעפט, ביינאַכט, דערהערסטו מיט אַמאָל אַ געזאַנג, וואָס רייסט זיך פון אַ מענער־ברוסט מיט אַזאַ אימפעט, ווי עס רייסט זיך דער גערביל פון לייבן־האַלז, ווען זיין בלוט און ענערגיע טוט דעם לייב אַ זעץ אין קאָפּ אַריין. אַפריקעס זומער־נעכט וועקן ביים קאַפיר זיינע בלוטן. מאָלן שדים־טענץ אויף די שטילע שטעגן אַהינטער זיין קראָאַל. ווייל אַפריקעס נעכט זיינען וואַכע. האַלטן אויף דער וואַך דיין בלוט. אפשר נאָר דער ווייסער מענטש מיט זיין ניכטערער נשמה, נאָר ער פאַרגינט זיך געשמאַק צו שלאָפן אין אַזעלכע נעכט. דערפאַר קען ער זיך נישט אַנידערלייגן אין האַלבן טאָג מיטן פנים צו דער זון, ווי עס טוט דער קאַפיר, און איינזאַפּן אין זיך דעם טאָג. איך ווייס נישט, צי דער קאַפיר שלאָפט, צי ער איז וואַך, דעמאָלט אַזוי ליגנדיק מיט פאַרמאַכטע אויגן אונטער דער ברענענדיקער זון. פונקט אַזוי האָט ליב די האַרעם־ליליע אַרויסצוציען זיך פון צווישן הויכע גראָזן אַרויס, פון אַהינטער אַ קוסט אַרויס און זויגן די זוניקייט. פונקט אַזוי פאַרנאַכט ציט זיך די טיגער־ליליע צו דער זון, וואָס פאַרגייט און וויל פאַרברענט ווערן און פאַרגיין אינאיינעם מיט דעם לעצטן פאַרנאַכטיקן ציטער. דו אַליין דערשפירסט אין אייגענעם בלוט די נאַקעטקייט פון שוואַרצן מאַן — און פרוי. דיך כאַפּט אַרום אַ ליכטיקע פרייד, גלייך, ווי דיין נאַקעט לייב צערטלען אָן אויפהער לינדע, וואַרעמע הינטן.

אָבער דער אימפעט, וואָס טראָגט זיך מיט דעם קאַפירס געזאַנג, געהערט נישט דעם ווייסן מענטשן. און די ענערגיע, וואָס ברויזט אין אַ קאַפיר־טאַנץ, וועט זיך קיינמאָל נישט פאַרבינדן מיט דעם ווייסנס תנועות.

גייען מיטן וועג דריי מיידלעך, איינע הינטער דער אַנדערער, די גרעסטע פאָראויס און די ייִנגסטע פון הינטן. אין ערגעץ וואַנדערן זיי, ווייל איטלעכע פון זיי טראָגט אַ שווערן פּאַק איבן

קאָפּ. גאָר פון הינטן באַגלייט זיי אַ מאַן, אָן משא, מיט דריי שטעקנס באַוואָפנט. אַלע נאַקעטע ביז צום בויג פון קערפּער. אַלע בלויזע ביז איבער די קני. די אַקסלען גלייך. די ברוסט פאָראויס אויסגעשטרעקט. מאַרשירן דרייסט און שטיל.

טוט זיך מיט אַמאָל אַ ריס אַרויס אַ געזאַנג פון דער ערשטערס האַלז. פון אַ קייט האָט זיך אָפּגעריסן איר שניידנדיקע, הויכע, שרייענדיקע שטימע און פליט ווילד אַרויס. נאָך איר שטים רייסט די זיך אַליין, צאַפּלען זיך אירע יונגע בריסט. אָט באַלד וועלן אירע שוואַרץ-פייערדיקע אויגן זיך אַרויסרייסן און אַוועקלאָזן נאָכן געפליגלטן געזאַנג. אָבער מיט דער אייגענער שאַרפקייט האַקט זיך איבער איר ליד און אירע באַגלייטער מורמלען, מורמלען טיפער, סודותדיקער, רופן זיך אָפּ אויף איר רוף, שפּרייזן צום טאַקט. אין ריטם באַוועגן זיך די הענט און די משא אויפן קאָפּ, ביז עס ברויזט ווידער אַרויס דער ערשטער צווייטאָניקער געזאַנג-געשריי, וואָס צעשיט זיך ברייט און לאַנג איבערן וועג. דאָס ברוינע מיט אייל-געזאַלבטע לייב שפּיגלט זיך מיטן טאָג און שלינגט איין דעם ווידער-קול.

שפּעטער גייסטו אַליין אויפן אייגענעם וועג, לעבן די קלאַנגען אויף ביי דיין זייט און מאָנען עפּעס ביי דיר, רייסן די פאַרשטויבטע קליידער פון דיין ציוויליזירט לייב. ביים זייט וועג דערזעסטו די אייגענע קינדער אַפריקעס, ליגן ביים זייט וועג, דער פּנים אַרויף, אויסגעצויגן הענט און פיס און די ברענענדיקע זון איז איבער זיי און אַרום זיי — די הייסע רו פון האַלבן טאָג, ווען אַליץ שמאַכט און ווערט געלייטערט אין דער אייגענער אָנגעגליטער רו.

אָבער דער ברייטער וועג, וואָס איז שוין פון אונזערע מענטשן אויסגעלייגט געוואָרן, ער וועקט גאַנץ אַנדערע געפילן. דו ווערסט מיט אַמאָל קליין אונטער אַפריקעס הימלען. קוקסט אַהינטער זיך און זוכסט דעם תכלית פון אַזאַ ליכט-שפע ביי די קינדער פון לאַנד, וואָס ליגן מיטן פּנים אַרויף ביים זייט וועג און פון די מיידלשע לייבער זויגן די שפּיציקע, ברענענדיקע שטראַלן.

עס איז נישט קיין וואונדער, וואָס דער קאַפּיר רעכנט צו צו זיין איך דעם שאָטן זיינעם און האָט פּאַריבּל, אַז דו טרעטסט אָן אויף זיין שאָטן, גלייך ווי אויף אים אַליין וואָלסטו אָנגעטראָטן. דער ווייסער מענטש שפּירט נישט נאָך דעם שאָטן זיינעם, פּונקט ווי ער שפּירט נישט גאָך די ליכט-שטראָמען, וואָס מאַכן דעם וועג אויף זיין וועג.

דער שאַרפער שאָטן, אַפריקעס שאַרפער, לאַנגער שאָטן, מיט שאַרפע קאָנטורן, וואָס באַגלייט דיך שפּעט נאָך האַלבן טאָג — ער היפּט פון בוים צו בוים, וואָס ביים זייט וועג, שלייכט זיך אַוועק אויף יענער זייט וועג, שלייכט זיך איבער די שטעכעדיקע קאַקטוסן און מימאָזע-ביימער און שרעקט די פויגל אין זייערע נעסטן. עס וואָלט זיך וועלן מיט דעם לאַנגן שאָטן פאַרברידערן, פּונקט ווי דער קאַפּיר טוט עס. ביינאַכט וועבט זיך דער שאָטן דיינער אַריין אין דער אומרויִקער נאַכט אַריין — און דיין שאָטן-ברודער, שאָטן-איך וואַקסט דאָרט גוואַלדיק אויס. אין זיינע געקרייזלטע לאָקן קרייזלען זיך גרינע און שוואַרצע שלאַנגען. טאַנצן דאָרט רוחות און שדים. אַ דערשטיק-שלאַנג האָט אַ יונגן הירש אין זיינע רינגען אַריינגעכאַפּט און ער שטיקט אים פּאַמעלעך און רויִק, אַזש די קנאָכן ביים הירש קנאַקן און ברעכן זיך.

אַמאָל קומט צו דיר אַרויס דיין אייגענער שאָטן און פאַרשטעלט זיך פאַר אַ גרויסן מלך. פאַר אים 'טאַנצן זיינע גיבורים דעם גרויסן טאַנץ, זינגען צו אים אַ לויב-געזאַנג:

דו, ביטערער געוויקס,
וואָס איז גאַליק אין טעם,
סמט און שרפּעט די געדערים,
נישט צו היילן און נישט צו לינדערן!
קניט, אָקס און קו און מאו-אוקעט
אַ לויב צו זייער קיניג!

די קלאַנגען זיינען ווייטע און שאַרפע, אַזוי שאַרף לייגט זיך דיין שאָטן ביים זייט פון דיין וועג אין אַפריקעס פאַרנאַכטן.

# דורך דעם פרייען שטאַט.

די זון קלייבט זיך אַרויס העכער איבער דער געגנט. און די טויען, וואָס ליגן אויף דעם גרוי-ברוינלעכן פנים פון דער ערד, ציען זיך צו דער זון און ציטערן אין דער לופט. אויסגעקרימט און צעקרימט און צעבויגן איז דער פנים פון דער ערד. שטיינער צעקרישלטע שטאַרצן אַרויס און די שטיינער, מיט אייזן פאַרזשאַווערטע און ווי בלוט-פאַרטריקנטע פלעקן, שפיגלען אין זיך אָפּ דעם פרימאָרגן, ציען זיך צום טאָג, וואָס קומט אָן געשווינד.

באַווייזן זיך סטאַדעס שעפסן געל-גרוי, שמוציק, שווער מיט וואָל באַלאָדן, טוליען זיך זייט צו זייט און שפירן נאָך די קילע נאַכט אין דער געקרייזלטער פעל. ביי אַ פיר טויזנט פוס הויך, און די נעכט דאָ זיינען קאַלטע. ליגט נאָך דאָרטן פון ווייטן אַ ברייטער, טונקעלער פלעק אויסגעשפּרייט: אייזלען כאַפּן אַ דרעמל מיט האַלב-אָפענע אויגן, פוילן זיך נאָך אויפצושטיין, צערטלען זיך מיט איין זייט פון ברודער, שוועסטער-אייזל, און פון דער אַנדערער זייט, לעקן די פרימאָרגן-שטראַלן אַראָפּ דעם טוי פון דער נאַכט. און כאָטש די געגנט זעט אַזוי מאָגער אויס, אויסגעטריקנט, פונדעסטוועגן וואו מען פלאַנצט — וואַקסט. וואו מען האָט שטאַרק געזוכט וואַסער, האָט מען געפונען. איך ווייס נישט, ווי טיף מען האָט אין דער ערד געבויערט, אָבער דאָרטן זע איך, דרייען זיך בלעכענע פליגל, געטריבן פון אַ מזרח-ווינט און אונטן קומט אַ קרישטאָלענער שנור, אַ ליכטיקער, דורכזיכטיקער וואַסער-שטראָם — שטייען קי און טרינקען דאָס וואַסער.

דאָס איז דער פרייער שטאַט, וואָס איז שוין מער נישט פריי. און ווער ווייסט, צי דאָ וועט אַזוי גיין ווידער ציטערן דער בראַווער גייסט פון די ערשטע האָלענדער נאָמאַדן, וואָס האָבן זיך פון ברעג-ים אַהער פאַרקליבן, כדי זיך צו דערווייטערן פון ענגלאַנדס ממשלה, וואָס האָט שוין לאַנג געהאַט זיך איינגעוואָרצלט אין קאַפּשטאַט.

דער אָראַנזש-טייך, דער גרעסטער אין דעם שטאַט און דער וואַאַל-טייך, דער שטראָמיקער — עס לעבט אין זיי די נשמה

פון דער געגנט. צום דריטן מאָל ציט דורך דאָנען מיין וועג. צום דריטן מאָל שנייד איך דורך די צוויי טייכן. ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דורכגעשניטן דעם אָראַנזש־טייך, האָב איך געקוקט פאָרוואונדערט צום שמאָלן, אויסגעבויגענעם וואַסערל, וואָס גנבעט זיך אונטער דעם הויכן, זאַמדיקן ברעג, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס וואַסער זוכט אַ וועג, זיך אומקערן צוריק, ווייל ס'האָט מורא ווייטער צו וואַנדערן און ווערן פאַרלאָרן אין דער טרוקענער געגנט. שווער געווען צו פאַרשטיין, ווער האָט דאָ אַזאַ ברייטע בעט פאַר זיך אויסגעבעט אין דער שטיין־און־זאַמדיקער וועלט. איבער דער כמעט ליידיקער בעט האָבן זיך אַריבערגעבויגן פאַרשמאַכטע ווערבעס און פאַרטריקנטע מימאָזע־ביימער.

צום צווייטן מאָל האָב איך דעם טייך נישט דערקענט. איך האָב געמיינט, אַז אין דער ליידיקער בעט האָט זיך די ביסטרע מיסיסיפי אַריינגעקליבן. ברייטער, ברייטער האָבן זיך אַרויסגעשפרייט די ברעגעס, די וואַסערן גאַלאָפּירן באַרג־אַראָפּ און ביז זיי דערגרייכן צום אַנטלאַנטישן אָקעאַן וועלן זיי אַ וועלט פאַרפלייצן אָדער אַ וועלט באַפרוכפּערן.

אָבער עדות זיינען איצטער די אַיינגעבויגענע ווערבעס און די הויכע, זאַמדיקע ברעגעס אויף מיינע קרומע מחשבות. איך בין שוין דאָ צום דריטן מאָל, און פּונקט ווי דעמאָלט. נאָר צום ערשטן מאָל גנבעט זיך איצטער דאָס וואַסער אונטער דעם הויכן, אויסגעקרימטן ברעג, אָבער די מימאָזן־ביימער לעבן איצטער זייער שיינעם לעבן. אויך די אַוסטראַליאַנער ווערבע האָט זיך מיט מיליאָנען זונ־ניקע פוך־קעפּלעך צוגעדעקט און דער ליכטיקער ריח טראָגט אַזש ביז צו די זיבעטע הימלען. אַפריקע. עפּעס בליט דאָ שטענדיק. עפּעס טריקנט דאָ שטענדיק. אַפריקע. און ווי אומגעלומפּערט עס זאָל נישט זיין דער ווילדער קאַקטוס, דאַך איז ער אַן עדות, אַז זאַפטן פאַרמאָגט די מוטער ערד אַפילו דאָרט, וואו שטיפס און טאָרנע וויכן דעם פּלאַץ.

באַוויזן זיך קינדער, יינגלעך, מיידלעך מיט פלאַקסענע הע־רעלעך, מיט ביכלעך אונטערן אָרעם, רייטן אויף אייזלעך — דאָצקען

זיך מיט די ביכלעך אונטערן אָרעם. פֿאָרן צו דער נאָנטער שולע, וואָס געפֿינט זיך ערגעץ אַהינטער יענע בערגלעך.

עס איז דער שטאַט, וואו אַלץ באָדט זיך נאָך אין גייסט פֿון בור. קוקט דעריבער אפֿשר אויס דערוויַיל פֿון דער ערד דעם מענטשנס ענערגיע מיט אַ בלאַסן פּנים, געראָטן אין דעם וואַסערל, וואָס גנבעט זיך איצטער אונטער די הויכע ברעגן.

אָט אַזוי איז צייטנווייַז פֿרעמדלעך דער בור און זיינע דרכים. קוקסט, ווי ער גאַלאָפּירט, רייטנדיק אויף זיין האַלב-ווילד פֿערדל — פּונקט ווי דער קאָובאָי אין נאָרד-אַמעריקע, אָדער ווי דער גאַאוּ-טשאָ אין אַרגענטינע. פֿאַרמעסט זיך מיטן ווינט אין זיין געיעג. אָבער נישט מיט אַזאַ טעמפּאָ גייט זיין לעבן. מיט באַשיידנקייט האָט ער אַפֿריקע געוועקט צום לעבן. נישט אַזוי שטראָמט זיין ענערגיע פֿאָראויס אויף דעם וועג פֿון זיין לעבן. אויפֿן פֿערדל גאַלאָ-פּירט ער און אפֿשר ציילט ער די שטיינער פֿון זיין פֿעלד אָדער די ווילדע קאַקטוסן ביים זייט פֿון זיין שטויביקן וועג. אָבער מיט אַ שווערן וואָגן און אין וואָגן זעכצן שווערע אָקסן אָדער פֿערצן פֿוילע אייזלען איינגעשפּאַנט — אַזוי שלעפּט ער זיך דאָ אויף די שטוי-ביקע וועגן זיינע. מיט פֿערצן אייזלען איינגעשפּאַנט טרעט ער אויס אַ וועג פֿאַר זיינע קומענדיקע דורות. באַקלאָגט זיך דאָך דער בראַווע-סטער מלחמה-מאַן זייערער, וואָס איז פֿון פֿרייען שטאַט אויס-געשטאַנען און געפֿירט זיין פֿאָלק צום קריג אַנטקעגן דעם רויט-נעקיקן שונא, וואָס איז געקומען זיין פֿרייען שטאַט אונטערטעניק מאַכן, קלאָגט ער דאָך אויף דעם גורל פֿון זיין פֿאָלק, וואָס איז אין מלחמה אַריינגעקומען נישט רייטנדיק אויפֿן פֿלינקן פֿערד, נאָר אין אַ שווערן וואָגן, אָנגעלאָדן מיט ווייב און קינד און מיט זעכצן אָקסן אין וואָגן איינגעשפּאַנט. ווייל זעכצן אָקסן וועלן קיינמאָל נישט לויפֿן שנעלער פֿון איין אָקס, פּונקט ווי פֿערצן אייזלען וועלן בלויז זייער עקשנות פֿאַרגרעסערן.

די זון האָט זיך שוין גאַנץ הויך אויפֿגעהויבן. סטאַדעס שעפּסן פֿאַרמערן זיך. אָבער הייזער — הען-נישט-ווען. נישט גאָר רייך און נישט צו פֿיל רחבֿות ביי די הייזער. די ערד איז באַדעקט מיט אַ גראָבן געל-בלאַסן גראָז. אָבער די איבערהאַנט נעמען קאַרליק-

בײמלעך, װי בעזימלעך קלײנינקע, נידעריקע בײ דער ערד. זעלטן-װאו אַ פעסטער, גלײכער בױם. בלױז אַ דאַרער, דינער מימאָזן-בױם רײסט צײטנװײז איבער דעם מאַגנאַטאָגעם גרױ-גרינלעכן און געל-גרינלעכן אָנבליק. טיפער און װײטער אין דער טרוקענער געגנט. פון װײטן שפּילט דער װינט מיטן זאַמד, װירבלט אױף אַ זײל ביז צו די װאָלקן, און דער זײל מאַרשירט געטריבן פון װינט. קינדער פון דער װיסטעניש. שלוחים פון דער װיסטעניש. אָבער דאָ איז נאָך נישט קײן װיסטעניש.

בײם האָריזאָנט ציען זיך שורות בערגלעך געקײטלטע אײנס אין אַנדערן. האָרבאַטע איז די ערד, און דעריבער איז מען חושד דער מוטער ערד, אַז זי טראָגט אוצרות אין איר האָרב באַהאַלטן. איך אַלײן הײב שױן אָן חושד זײן, אַז יעדער בלישטשל פון דער זון, װאָס שפּילט זיך אין אַ ברױנעם שטײנדל, איז אַ װאונק, אַ מײן. האָט מען דאָך טאַקע ערגעץ אין דער אײגענער געגנט מיט אַ פּופּצן יאָר צוריק געפונען דעם ערשטן גרױסן דימענט אין אַ הױז פון אַ בור. עס האָט זיך דעמאָלט געפונען די געניטע אױג צו גאַסט בײם בור אין הױז, װאָס האָט דערקענט בײם ליכט פון אַ פּשוטן לאָמפּ, אַז דאָס מײדעלע מיט די פלאַקסענע הערעלעך, װאָס שפּילט זיך אין צײכנס אױף דער ערד, שפּילט זיך עס גאָר מיט גרױסע דימענטן אָנשטאָט שטײנער.

דעמאָלט איז נאָך דער פרײער שטאַט טאַקע געװען דער שטאַט פון בור. אפשר פרײ. כאָטש די האָרבאַטע ערד האָט עס געװיס נישט געשפּירט, װי עס שפּירט נישט איצטער דער אומגע-לומפּערטער קאַקטוס אָדער די דאָרנדיקע מימאָזע — װער עס צאָלט די צינזן און װער עס מאָנט די צינזן. אױך דעם װינט איז אַ קלײנער חילוק, װער עס טראָגט דעם נאָמען פון לאַנד אַזױ לאַנג, װי מען פאַרצאַמט אים נישט זײן װעג. און װאָס גײט עס אָן די שעפּסן און די אײזלען, װאָס קילן זיך איצטער אײנער אין דעם אַנדערנס שאָטן? עס אַרט זײ װײניק, אױב דער פרײער שטאַט האָט זײן פרײהײט אָנגעװאָרן מיט אַ צװאַנציק יאָר צוריק.

די לופט װערט הײסער, אָנגעגליטער. די שטײנער גלאַנצן ברױן-רױט. ברײטער װערט די געגנט. די בערגלעך פאַרלױפן װײטער,

ווייטער צום האָריזאָנט. אין דער לופט ציטערט אַ ליכטיקער שטויב און אַלץ, אַלץ נעמט די ליכטיקייט אַרום. אַזוי פיל וועלטן אַנט־פלעקט דער טאָג. פריי קייטלען זיך בערג און בערגלעך, אונטערן הימל ווידער פאַר מיר. אין דעם פרייען שטאַט, וואָס האָט זיין פרייהייט אָנגעוואָרן, הערשט אַ ליכטיקער טאָג, פריי און פון קיי־נעם נישט באַהערשט.

פון ווייטן האָט ווידער דער ווינט אַ זייל שטויב אויפגעהויבן, טראָגט זיך מיט אים דורך לאַנד און טאָל.

## דער בור.

אַז מען לעבט ווייט פון דרום־אַפריקע, קומט דאָס בורן־פאָלק אַרויף אויפן זינען, ווי אַ לעגענדאַריש פאָלק. אַ ביבליש פאָלק, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן צו מאַכן אַ היים אין אַ מדבר און וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן בייצוקומען אַ שונא, וואָס איז אַזוי שטאַרק און אַזוי מעכטיק, ווי אַפריקעס לייבן. קיינער קלערט נישט, צי די גיבורים לעבן נאָך און צי זיינען זיי גאָר אַמאָל געווען אויף דער ערד — יענע גיבורים, וואָס האָבן סך־הכל מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק ווי לייבן זיך געשלאָגן אין דעם לייבן־לאַנד. אַ לע־גענדע. אַ לעגענדאַריש פאָלק, דאַכט זיך אויס פון ווייטן.

קומט מען אָבער נענטער צום בורס מחיצה, אַז מען געפינט זיך מיט אים אונטער זיינע ברייטע און לויטערע הימלען, דערשיינט פאַר דיר אַ געשטאַלט פון אַ קליין פאָלק, וואָס האָט נאָך זיין מלחמה נישט אויפגעגעבן. די מלחמה פון לעבן און טויט. מלחמה פאַרן קיום האָט נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געפלאַקערט ווי איצטער. דאַכט מיר. אַז אַ ייד קען עס שפירן שאַרפער און טיפער.

אַמאָל איז ענגלאַנד געווען דער גרויסער שונא. מען האָט אים קלאָר אַרויסגעזען. מיט שווערד אין האַנט האָט מען זיך פאַרמאָסטן אַנטקעגן אים און געזוכט ניצחון. אָבער איצטער, ווער איז דער שונא?

אפשר איז די גאַנצע וועלט געשיקט פון ענגלאַנד. די גאַנצע וועלט שטייט אַהינטער ענגלאַנד. אפשר יעדער איינציקער פרעמ־

דער, וואָס קומט אַהער מיט גוטע און געטרייע מחשבות און וואָס הייבט אָן צו ריידן די ענגלישע שפּראַך, נאָר די ענגלישע און נישט די בורישע, דאָס אַלץ און נישט מער — אפשר איז ער דער געפערלעכער שונא? און ווי הייבט מען אויף די שווערד אַנטקעגן אַזאַ שונא? טראַגיש.

ווייל דער חשק פון בור צו לעבן זיין אייגענעם לעבן איז אַ פּולבלוטיקער, אַ געזונטער און טיילווייז מדברדיקער. דער בור באַטראַכט זיך פאַרן פאָלק פון דרום־אַפריקע. דאָס איינציקע פאָלק, דאָס געזאַלבטע פאָלק. כאָטש זיין צאָל דערגרייכט בלויז אין די הונדערטער טויזנטער און נישט אין די מיליאָנען. צו אים קלינגט איצטער נאָר זיין ליד, זיין אייגענע ליד. אין דער אַפריקאַנישער שפּראַך. די הויך־האָלענדישע שפּראַך, וואָס האָט געהאַט איר היים אין קלויסטער, ווערט פון קלויסטער אויך אַרויסגעראַמט. אָרעם זעט אויס דעם בור די שפּראַך פון דעם האָלענדער, זיין זיידן, אויב זי האָט נישט אויסגעמישט איר בלוט מיטן בלוט פון קאַפירס שפּראַך, מיטן בלוט פון ענגלענדערס און פראַנצויזישע שפּראַך. דאָס פאָדערט אַפריקעס ברוינע ערד דורך די בלוטן פון בור. זיין שפּראַך, די בורישע שפּראַך. דער גייסט פון בור הערשט נאָך דערוויייל אין דרום־אַפריקע. ווייל שוין אַ סך דורות, אַז ער וועקט די מוטער ערד. און פון דער ערד אַרויס וואַקסט דאָך אויס דער נאָמען פון אַ פאָלק.

איך ווייס נישט, צי דאָס האַרץ פון בורן־פאָלק האָט אַזוי שטאַרק זיך געצאַפּלט אין יענער גרויסער מלחמה מיט ענגלאַנד, ווי עס ציטערט איצטער, ווען דער חשק צום לעבן איז וואַך געוואָרן. געשטאָרבן יענע גרויסע גיבורים, וואָס האָבן דאָס קליינע, ביבליש־געשטימטע פאָלק אין מלחמה אַריינגעפירט. לעבן נאָך אָבער זייערע טריט אין די דראַכנבערג און עס לעבן און ווירקן די שטומע מאָנומענטן דאָ און דאָרטן, אין אַפריקעס סטעפּעס, אויף די קברים פון די געפאַלענע גיבורים אין יענעם קריג.

פאַר מיינע אויגן ליגט אַ זילבערנע מטבע, אַ צוויי שילינג־שטיק פון פאַר זיבן־און־צוואַנציק יאָר צוריק. פון איין זייט אַ לייב און אַ זעלנער מיט אַ ביקס אויף דער וואַך און אַרומגעצייכנט מיט

די ווערטער: זיד־אַפריקאַנישע רעפובליק. אויף דער אַנדערן זייט מטבע — אַ בילד פון פּאול קרוגער, דער לעצטער פּרעזידענט פון דער בורישער רעפּובליק. שטאַרק אָפּגעריבן דאָס בילד פון פּרעזידענט. מיט דער צייט וועט עס נאָך מער אָפּגעריבן ווערן. וועט נישט מאַכן קיין שטאַרקערן איינדרוק אַפילו פון דעם מאָנומענט, וואָס שטייט אין פּרעטאָריע. דער מאָנומענט פון יענעם פּרעזידענט. די פיגור פון פּרעזידענט קרוגער—אַ שווערע, מאַסיווע, אין אַ לאַנגן סורדוט מיט אַ צילינדער־הוט אויפן קאָפּ. נאָר מען דערציילט, אַז אין בראָנזענעם צילינדער־הוט איז אויבן קיין דעק נישטאָ, כדי דאָרט זאָל זיך קלייבן רעגן־וואַסער פאַר די פייגעלעך צום טרינקען. אַזוי האָט געוואָלט די פרוי פון פּרעזידענט. שטייען טאַקע פייגעלעך אַרומגעשטעלט אַרום ראַנד פון צילינדער־הוט, וואַרטן, אַז אַ רעגן זאָל גיסן און פאַר זיי צום טרינקען אָנגיסן.

— נישט דאָס איז דער סימבאָל פון זייער לעבן.

ענגלאַנד האָט זיך דערווייל כלומרשט פאַרקליבן אין דער טיף, צו די פונדאַמענטן פון דער ערד און גראָבט דאָרט גאָלד־אוצרות, און פון יעדן אויפרייס אין דער טיף ציטערט דאָס האַרץ ביים בור אין פעלד. דער ענגלענדער זיצט אין דער טיף, אונטער דער ערד, אָבער זיין איינפלוס איז אויבן, אויף דער ערד. די ענגלישע שפּראַך גייט פּאַמעלעך און זיכער טריט ביי טריט פאָראויס און אַ סך פון בורס קינדער הערן זיך צו צום קלאַנג פון דער פרעמדער מיאוסער שפּראַך, אָבער ווי קאָן מען מיט קורצע אָרעמס אַרומנעמען אַזאַ גרויס לאַנד, ווי דרום־אַפריקע?

דער בור וואָלט צייטנווייז וועלן אַריינכאַפּן אין זיינע אָרעמס דאָס קאַפיר־פאָלק, דאָס פאַרשאָלטענע שוואַרצע פאָלק, אַבי די אייגענע רייען זאָלן ווערן געדיכטער און שטאַרקער.

צי וועט דען אַזאַ נס געשען? צי וועלן דען די שוואַרצע שבטים איבערנעמען ווען עס איז די קולטור און שפּראַך פון בור? אָט זעט מען דאָך, ווי דער קאַפיר אַליין באַמיט זיך זיין אייגענע שפּראַך צו לייטן אַרויספירן.

דאָס איז דאָך צייטנווייז אַ טרויער פאַר אַ יידן, וואָס קומט אַהער, ווען ער דערשפּירט אַזאַ גייסט דאָ אין לאַנד. קלינגען לידער.

דעם ענגלענדערס לידער. קלינגען לידער, דער בורס לידער. זיינען דעם בורס לידער יינגער און פרישער. אָבער דער פרעמדער שמעלט זיך אין כאַר פון דער ענגלישער ליד.

און אַז מען קומט טיפער אין לעבן אַריין, זעט מען, אַז דאָס איז גאָרנישט דאָס בייזע מזל פון בורישן פאָלק. דאָס איז נאָר דער נאַרישער מזל פון האָלענדישן פאָלק, וואָס האָט איבער אַלע ימען צעשיקט אירע נאַווי-גאַטאָרס לענדער צו אַנטדעקן, לענדער צו פאַר-נעמען און זיי האָבן לענדער אַנטדעקט און פאַרנומען — אָבער נישט פאַר זיך. נישט פאַר זיך.

איצטער וויל דער בור פאַרמאַכן די טויערן פון לאַנד פאַר דעם פרעמדן, ווייל דער פרעמדער גיט די האַנט דעם שונא. וועט עס דען געלינגען? איז דען בלויז צום בורן-פאָלק איבערגעגעבן גע-וואָרן דער שליסל פון אַפריקעס בערג און טאָל?

איינס איז אָבער קלאָר, אַז דער בור איז דורך דער שפּראַך געלייטערט געוואָרן, דורך דער יונגער און ווילדער און טרוקענער שפּראַך אויפגעקומען. אפשר איז ער איצטער געבוירן געוואָרן דורך דעה נייער ליד, קינדערשער ליד און יונגער שפּראַך?

# אין זולולאַנד.

די ערד הויכט מיט וואַרעמקייט און ליידנשאַפט און ציט זיך צו דער האַלב טראָפּישער זון, וואָס זויגט פון איר דאָס חיות אַרויס. דער וועג שניידט זיך באַרג-אַרויף, באַרג-אַראָפּ דורך צוקער-שטעקן-פעלדער. געדיכט און פעט קומען זיי אַרויס פון דער ערד. די צוקערשטעקנס מיט טיף-גרינע איר-בלעטער, ערטערווייז אויף אָנ-דערטהאַלבן מאָן די הייך. די לופט איז אָנגעפילט מיט אַ קלע-פּעדיקער זיסקייט, וואָס קלעפּט די אויגן צו. פון דער רעכטער זייט מיגלט זיך ביים האָריזאָנט דער אינדישער אָקעאַן און גיסט זיך צונויף מיט די בלייך-פאַרנעפּלטע הימלען.

אויך דאָ איז אַמאָל געווען זולו-לאַנד. גרויס איז געווען און ברייט איז געווען די ממשלה פון דעם שטאַרקן זולו-שבט. אָבער טריט ביי טריט האָט זיך דאָס לאַנד פון זייערע הענט אַרויסגע-

גליטשט. איצטער איז עס נאַטאַל אין דרום־זייט ביז צום טייך טוגעלאָ. פריער די ענגלענדער, דערנאָך די בורן און ווידער די ענגלענדער — זיי האָבן דעם קאַפיר פון פרוכטבאַרן נאַטאַל אַרויסגעשטויסן. מיט גוטן צי מיט בייזן פון קאַפיר־מלכים דאָס לאַנד צו זיך אַריבערגע־צויגן.

די ערד איז דאָ מיט דער ברייטער האַנט צעטיילט. איינצלנע מענטשן געוועלטיקן איבער גרויסע שטרעקעס. זייערע אָדערן ציען אין די צוקערפעלדער דראָבנע אינדוסן, כמעט שוואַרצהויטיקע, נאָר מיט גלאַטע, געדיכטע האָר און שמאָלע געזיכטסציגן. זייערע הייז־לעך זיינען אַ חרפה פאַר דער געגנט. רויט־פאַרראָסטעטע בלע־כענע מיסטקאַסטנס זיינען עס אָנשטאָט הייזער, וואו דראָבנע, ווייב און קינד, וואַקסן, ווי קראָפּעווע, און טריקענען, ווי ווילדע גראָזן. אויך דער קאַפיר דרייט זיך דאָ אַרום מיט פוילע באַוועגונגען און העלפט וואַקסן די צוקערשטעקנס. איך ווייס נישט, צי די געגנט וואָלט זיך דאָ אַזוי געוויקלט אין גרין, ווען נישט די אינדוסן, וואָס שלינגען לופט אָנשטאָט ברויט און רייז און אַרבעטן ווי פערד.

וואו־נישט־וואו באַווייזט זיך אַ גרויס באַלעבאַטיש הויז. האַלבע פאַלאַצן, וואו די רחבות ווינקט. עס בליען אַפּעלסינען־ביימער און צווישן די בלעטער גאָלדיקן זיך פאַרשפּעטיקטע צייטיקע אַפּעלסינען. וויגן זיך שאָטנדיקע מאַנגאָ־ביימער און עס רויטלט זיך אַ קאַפיר־בוים.

אַנטקעגן האַלבן טאָג ווערט די לופט נאָך וואַרעמער. דאָ און דאָרטן רויכערן זיך צוקערשטעקנס. דאָס פעלד — שוואַרץ געוואָרן. אַ שׂרפה געווען. דאָ און דאָרטן האָט מען אונטערגעצונדן פאַרוויל־דעוועטע פעלדער און די פייערצונגען ווינקען צום ווינט, ער זאָל זיי קומען צו הילף. הייבן זיך אויף פון רויך אַרויס גרויסע היישעריקעס, די פליגלען מיט פורפור אונטערגעשלאָגן, און דורכן אָפענעם פענס־טער פון וואַגאָן רייסט זיך איינער אַריין און שלאָגט זיך אָפּ מיט אימפעט, ווי אַ שטיין אָן מיין פנים. אַפריקע ווייס, ווי אַזוי צו קליידן אירע זשוקעס און פליגן.

די פּאָדערשטע עטלעכע וואַגאָנעס זײַנען אָנגעפּאַקט מיט נעגער, ווי שטײַגן מיט עופות. פאָרן נישט מיט דעם ווײַסן מענטשן אינאײנעם. מען ציט פון שטאָט און פרעמדן פעלד צו זיך אַהײם קײן זולולאַנד. מענער שוויצן אין די וואַרעמע ווינטערדיקע קלײדער, וואָס זײ האָבן זיך אָנגעקויפט אין שטאָט און האָבן באַוויזן דעם גאַנצן פאַרמעגן אויף זיך אַרויפצוציען. זיצן אין ענגע שיך און ענגע געפּרעסטע קראַגנס און וואָלענע סוועטערס אונטער אַ שווערן מאַנטל און דערצו אַ וואַרעמען שאַל צום רומל. אין שטאָט זיך אויסגעקלײדט!

צווישן זײ האַלב-נאַקעטע מײדלעך, דאָס לײַב מיט אײל געוואַשן. עס וואָלט אַזאַ רויִקײט און פרום נעפּיל געווים נישט געהערשט אין וואַגאָן, וואו ווײַסע מענער וואָלטן זיצן און אַנטקעגן זײ — פרויען דאָס לײַב ביז צו די היפטן נאַקעט.

אַז דער צוג שטעלט זיך אָפּ, ווערט אַ געדרענג אַרום די קאַפירישע וואַגאָנעס. אַלץ פרישע און נײַע לײַט קומען אָן. מאַמעס מיט קינדער אויף די פּלײצעס און שווערע פּעק אויפן קאָפּ. די מענער בײַ דער זײַט פון די פרויען פּוילן זיך אונטער. דעם שווערן פּאַק דזשווינגעט טאַקע זי אויפן קאָפּ. דער מאַן שפּירט שוין דעם ווינט, וואָס ציט פון אײגענעם לאַנד, וואָס אויף יענער זײַט שטראָמיקן טײַך, און אַ פרײצותקײט כאַפּט אַרום זײַן גאַנצן וועזן. בײַ דער זײַט פון דער ווײַב האַלט זיך דער מאַן געהויבן.

קומען אָן גוטע ברידער און שוועסטער פון צווישן די צוקערפעלדער אַרויס און ברענגען לאַנגע, זיסע שטעקנס, דערלאַנגען עס צום עולם אין די געפּאַקטע וואַגאָנעס. אָן ווערטער נעמט מען אָן די מתנות, שווײַגנדיק צעברעכט מען דעם שטעקן און מען צעטײלט אים צווישן זיך און זשעדנע גריזשעט מען, נאָגנדיק דעם זיסן זאַפט פון שטעקן אַרויס. אײן מײדל האַלט זיך בײַ די זײַטן און לאַכט אַזוי, אַז די נאַקעטע זײַטן האַלטן בײַם פּלאַצן: דאָס האָט זיך אַ קאַפיר-יונג גרויסשטאָטיש אָנגעטאָן אין אַ סורדוט מיט אַ ווײַסער קאַמיזעלקע, שמאָלע פּאַסקעוואַטע הויזן און שיך — אַזוי ענג, אַז קוים וואָס ער מאַכט אַ טריט. ער שוויצט און איז ערנסט. פילאָסאָפיש ערנסט. קיצלט עס איר צום לאַכן. דער גאַנצער בראָנ-

זיינער גוף אירער באָדט זיך אין הייס געלעכטער. אָבער באַלד כאַפּט זי זיך, אַז לאַכן איז אפשר נאַריש און מיט אַ קינדערשן ערנסט הייבט זי אָן צו באַטראַכטן דעם אויסגעפּוצטן פראַנט, בלייבט שטיין מיט דעם צוקערשטעקן אין מויל און קוקט אים נאָך אומע־טיק, ווען ער שפּאַרט זיך אַריין אין ענגן וואַגאָן אַריין.

דער ווייסער מענטש שפּרייזט דאָ אַרום מיט טאָפּלט־שווערע טריט. מיט די בליקן און עלנבויגנס שטויסט ער פון זיך דעם קאַפיר־מאַן און באַטראַכט מיט פאַרנעפּלטע בליקן דער קאַפיר־מיידל.

פעטע און מאָגערע מאַכמעדאַנער, מיט רויטע פעסקעס אויפן קאָפּ, זיצן אויף די פּלאַטפאָרמעס פון די וואָקזאַלן און פאַרקויפן אַפּעלסינען, באַנאַנעס, אַנאַנאַסן. די רויטע פעסקעס זיינען דאָ אַזוי איבעריק, פונקט ווי די ביליקע סחורות, וואָס אַנדערע פון זייערע לייט פאַרקויפן צו די קאַפירטעס דאָ און דאָרטן אונטער די „מאַנגאָ־ביימער“.

אָט איז שוין דער טוגעלאָ־טייך. ווי אַלע אַנדערע טייכן אין דרום־אַפריקע — ברעגעס הויכע, בעטן ברייטע און וואַסער קאַרגלעך דעם גרעסטן טייל פון יאָר. דאָ אָבער קומט דער טייך, אָן מיט אַ קרומען וועג און ווערט צעשלאָגן איבער שפּיציקע שטיינער, און אַזוי באַשאַפט זיך אַ וואַסערפאַל און וואַסער־גערויש, איידער מען טרעט אַריבער דעם שוועל פון זולולאַנד.

ווי נאָר מען קומט אַריבער דעם טוגעלאָ־טייך, אין זולולאַנד אַריין, פאַרשווינדט צוביסלעך דעם ווייסנס ממשלה, און אינאיינעם מיט דעם פאַרשווינדט די זאַפטיקייט, וואָס שלאָגט פון דער ערד אַרויס דורך די צוקערשטעקנס. מיט אַמאָל האָט זיך אָפּגעטאָן גאָטס חסד פון דער מאַמע ערד. אַיינגעצויגן, פון ווינטן אויסגעזויגן, ווינציק געאַקערט, ווינציק געזייט. נישטאָ קיין שפּורן פון שפע. אַנטקעגן קומט אַ לינדער ווינט און טראָגט דעם אומעט אויף זיי־נע פליגל. די ערד איז באַרגיק, בויכיק, קנאָכעדיק און האָרבאַטע. די קאָנטורן פאַרווייכן געלבלעך־גרינע ווינטיקע גראָזן. וואו־ניט־וואו גרינט זיך אַ פלעק — אַ שטיקל פעלד מיט צוקערשטעקנס. עטלעכע רויטע פלעקן פון אַ צעבליטן קאַקטוס אָדער קאַפיר־בוים.

באַװײזן זיך אױף די בערגלעך צו פֿינף־זעקס קײלעכדיקע, געפּלאָכטענע בודעס, װי גאָר גרױסע בינשטאָקן אָדער מוראַשקע־בערג. דאָס זײַנען קאַפֿיר־קראַאלן, קאַפֿיר־הײפֿן. אין אַ קרײַז זײַנען זײ אַרײַנגענומען און אַרומגעצאַמט מיט אַ געפּלאָכטענעם צאַם. יעדער קאַפֿיר האָט זיך אַזאַ פֿאַרמעגן אַן אָפּגעזונדערטן פֿאַר זיך אַלײן. װאָס מערער געפּלאָכטענע הײַזלעך אין קרײַז — אױף אַלץ מער װײַבער איז עס אַ באַװײַז, װײַל יעדע װײַב האָט זיך איר אײגן הײם אין דעם אַרומגעצאַמטן קראַאל. און דאָס איז אַ באַװײַז אױף אַ סך עשירות אױך. אַ סך קי און אַ סך אָקסן. אַלײן פֿאַר זיך, אַלײן פֿאַר זיך איז יעדער קראַאל אָפּגעזונדערט, יעדער אױף זײַן בערגל, און אַזױ ציִען זיך אױסגעטראָטענע שטעגן באַרג־אַרױף, באַרג־אַראָפּ, װאָס פֿירן פֿון קראַאל צו קראַאל. נישט װײַט פֿון יעדנס קראַאל פּאַשעט זיך זײַן סטאַדע בהמות — רױטע, געלע, ראַבע בהמות; אָבער װוּ־ניט־װוּ באַװײַזט זיך אַ װײַסער אָקס — איז ער אַ יחסן. האָט גאָר אַן אַנדער קוק — גאָר אַנדערש געכאַליעט. װױלעריש די הערנער פֿונאַנדערגעװאָרפֿן. דעם װײַסן אָקס צערטלט דער קאַפֿיר, װי דעם אַריסטאָקראַט צװישן זײַנע בהמות. הינט זײַנען דאָ לרובֿ אַרום יעדן קראַאל. זעט אױס, אַז די הינט צערטלט מען מער בײַם קאַפֿיר, װי די אַלטע װײַבער, װאָס קאַלאַטשען זיך דאָ אַרום געבױגענע און אױסגעטריקנטע.

פֿאַמעלעך, מיט שטאָלצע טריט, גלײַך װי אַ סטרונע, ציִען זיך מײדלעך מיט די שמאָלע שטעגן, מיט שװערע קריג װאַסער אױפֿן קאָפּ, אָדער מיט שװערע קױשן פֿעטע ערד אױפֿן קאָפּ. די ערד, װי דאָס װאַסער — בײדע זײַנען נײטיק אין דער באַלעבאַטישקײט. שטײען עטלעכע װײַבער אײַנגעבױגן און גראָבן מיט רידלעס אָדער מאָטישקעס פֿונאַנדער די ערד. אױף אַזאַ אופֿן באַאַרבעט דער קאַפֿיר די ערד מיט די הענט פֿון זײַנע װײַבער. קוקסט אױף זײ און דו טראַכסט, װי גיך עס פֿאַרשװינדט פֿון די קאַפֿיר־פֿרױען די מײדלשע באַװעגונג, דער מײדלשער גלאַנץ און שטאָלץ, װי נאָר דער מאַן שפּאַנט זי אײַן אין זײַן יאָך. די פֿולע, רונדע מײדלשע ברוסט װערט מיט אַמאָל אױסגעטריקנט, צערונצן און אַנ־

שטאָט זיי באַמבלען זיך אויסגעצווינגענע, צעקנייטשטע זעקעלעך, עפּעס נאָגט פון דעם אַ קינד מיט אַ געקרייזלט קעפּל.

אָנגעטאָן אין אַ גאַרטל בלויז אַרום די לענדן, מיט אַ לעדער־נעם פאַרטעכל פון הינטן, מיט האַלז־בענדער, ברוסט־בענדער פון פּאַטשערקעלעך, די קאָלירן האַרמאָניש צונויפגעשטעלט. קופּערנע, דראָטענע רינגען אַרום די פיס ביי די קנעכל און איבער די ליט־קעס — מיט שטאָלצקייט פון אַ האָן — אַזוי שפּאַצירט זיך אַרום דער מאַן. דאָס לייב געאיילט און געצערטלט. די מוסקלען הונדיק און נישט שווער; קאָקעטירט מיט זיינע איינגעהאַלטענע טריט. דאַכט מיר, אַז שטענדיק איז ער מיט דער פלייצע צום ווייב, וואָס שטייט איינגעבויגן איבערן גראָבאייזן.

די זון טוקט זיך אונטער ווייסע וואָלקנס, צעריסענע און צעשפּרייטע איבערן גאַנצן הימל. און די צעבראָכענע געגנט מיגלט זיך אין ליכט און שאָטן־שפּיל. די לופט ווערט אַ ביסל קילער, ווי נאָר דער אָוונט דערנענטערט זיך. קאַפיר־קינדער זיצן אין בינט־לעך אויף דר'ערד, נאַקעט ווי די מאַמע האָט געהאַט, שפּילן זיך. מאַכן אָקסן פון שוואַרצע בלאָטע. פאַנטאַזירן, ווי גרויס זייער עשירות וועט אַמאָל זיין און ווי גרויס זייערע סטאַדעס וועלן זיין, אַז זיי וועלן ווערן אַזוי גרויס ווי די טאַטעס זייערע.

עס לויפט פאַרביי אַ יונג, אָדם־נאַקעט, אַ גלאַנציקער, אַ בראָנזענער, ווי פון אַ פּעדעסטאַל איז ער אַראָפּגעשפּרונגען. טראָגט אַ לעדערנעם שילד און פיילנבויגן, יאָגט זיך גלייך, ווי דער ווינט וואָלט איבערגעטראָגן איבער דעם פאַרטריקנטן פעלד. די יוגנט, סיי בחור, סיי מיידל גייען טאַנצנדיק אַרום אויף גאָטס וועלט.

אַלץ מער און געדיכטער ווערן די קראָאַלן, און אַלץ טיפער און טיפער שניידט זיך דער וועג אַריין אין זולולאַנד. עס ווילט זיך פאַרמאַכן די אויגן און מיטן געדאַנק כאַטש אויף אַ ווײַלע פון זיך אַראָפּוואַרפן די ציוויליזאַציע. אַזוי אָדם־נאַקעט אַריינקריכן אויף אַלע פיר אין איינער פון די קיילעכדיקע בודעס, וואו דאָס קאַפיר־פאָלק וועבט נאָך זיינע ווייטע חלומות. איך ווייס, אַז נאָך אַפילו איצטער וועלן זיי מיך אויפנעמען מיט גרויס פריינטשאַפט. מען

ווערט מיך מכבד זיין פון שענסטן און בעסטן, גאָר נישט קוקנ־
דיק, אַז איך בין דער ווייסער מענטש — זייער שונא.

און ווער ווייסט? אפשר ווען איך וואָלט באמת געווען זייער
שונא, אפשר וואָלט איך מיך מיט אַ רוּיִק האַרץ דערנענטערט צו
זייערע קראַאַלן, ווי עס טוט דער ווייסער מענטש דאָ אין אַפריקע.
עס איז אָבער נישט דאָס געפיל פון שונא, וואָס באַשאַפט אַזאַ
אומעט און טרויער אַרום מיר.

דאָס פּרימיטיווסטע לעבן באַצווינגט דאָס בלוט און וויל דאָ
אַ דערלייזונג פאַר דיר געפינען.

## וואו דאָס פּרימיטיווע לעבן שלאָגט.

האָב מיר אַנידערגעזעצט אויף אַ בערגל אין דער אויפגעכוואַ־
ליעטער געגנט פון זולולאַנד. ווי ווייט דאָס אויג קאָן דערגרייכן,
זיינען צעשאָטן די קאַפּירשע קראַאַלן. וואָס פאַר אַ שטח עס דעקט
זיך אָפּ אַרום און אַרום! עס ווערן אַלע דיינע וועלטן ברייטער
אין די לענדער, וואו די ליפּט איז אַזוי קלאָר.

און דאָ, אין זולולאַנד, וואו דאָס פּרימיטיווסטע לעבן שלאָגט
נאָך אַזוי שטאַרק, וואו די ציוויליזאַציע האָט נאָך כמעט קיין באַ־
זונדערן צוטריט נישט געהאַט — מיט אַזאַ פרעמדן און אַזאַ נאָענטן
געפיל נעמען די בליקן אויף יעדן שאָטן, יעדן ליכט־פלעק, וואָס
שפּילט איבער דער געגנט אין דעם ליכט פון אַפריקעס נאָך־האַלבן־
טאָג. מיין דאָלמעטשער, וואָס באַגלייט מיך, איז אַזוי איבעריק דווקא
דאָ אין לאַנד, וואו איך בין אַרומגערינגלט מיט קינדער פון
אַ שבט, וואָס איך פאַרשטיי נישט זייער שפּראַך. קליינע נאַקעטע
קינדערלעך קלייבן זיך אַרום מיר, קוקן מיט נייגעריקייט צו מיר.
עפּעס לאַכן זיי, איך ווייס גאָר נישט, צי זיי ווילן מיר עפּעס זאָגן.
איך פאַרשטיי די קינדערשע נייגעריקייט און קינדערשן חן, ווער זיי
זאָלן נישט זיין. מען באַמערקט, אַז די קינדער לעבן זיך זייער
אייגענעם לעבן און האָבן זייערע שפּילן, וואָס זיינען אין פיל אופנים
ענלעך צו די אַלע קינדערשע באַוועגונגען אויף גאָר דער וועלט.
מער נישט, וואָס די זאַרגלאָזיקייט ביי די נאַקעטע זולו־קינדער איז

אַ פּולערע, אַ מער קינדערשע און ברייטערע — אַ נאַקעטע און פון דער זון באַלויכטענע.

אויף איינעם פון די בערגלעך באַווייזט זיך אַ מענטש און ער שרייט — עפּעס איז ער מודיע. אַ שטאַפּעט צו די אַנדערע קראָאלן אין דער געגנט. באַלד באַווייזט זיך נאָך איינער, שוין נענטער צו מיר און ער שרייט ווידער אויס זיין רוף אין דער געגנט אַריין. אַלץ נענטער דערנענטערט זיך צו מיר דער רוף און גייט פאַרביי מיר אַוועק ווייטער, ווייטער. פון מזרח קיין מערב האָט דער רוף געצויגן. און אַ ביסל שפּעטער האָט מען באַמערקט, ווי מענער האָבן זיך באַוויזן אָנקומענדיק מיט פאַרשיידענע שטעגן, מיט זיכערע טריט האָט מען זיך געצויגן פון מערב קיין מזרח. ערגעץ־וואו וועט פאָר־קומען אַ פאַרזאַמלונג. דאָס רופט מען אינערגעצן אויף אַן אַסיפה און דאָס איז דער אופן, ווי אַזוי מען לאָזט צו וויסן די איינוואוינער פון דער געגנט. די לופט איז קלאָר און די שטימע טראָגט זיך קלאָר איבער דער אויפגעכוואַליעטער געגנט. דער מענטש און זיין רוף בינדט צונויף קראָאל מיט קראָאל און לאָזט זיי וויסן אַלע קינ־דער פון שבט, וואָס זיין עלטסטער פאַרלאַנגט פון אים.

עס טראָגט אַריבער אין ווייטע, ווייטע וועלטן מיט אַ סך דורות צוריק. וואָרעם אויף וויפל די ווירקלעכקייט האָט מיך נישט אַרומ־גערינגלט אַרום און אַרום, פונדעסטוועגן בין איך אויף לייכטע פליגל אויפגעהויבן געוואָרן און פאַרטראָגן געוואָרן אַהין, וואוהין אונזער חלום בלויז קאָן זיך פאַרטראָגן. צוויי נאַקעטע קינדערלעך, מיידלעך פון אַכט, צען יאָר, זיינען אַרויסגעקומען פון זייער קראָאל און, ווייזט אויס, אויפן באַפעל פון פאָטער, וואָס האָט אונז באַמערקט, האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזן אין אַ ווינטיקן טאַניץ. מיין דאָלמעטשער האָט די גאַנצע אילוזיע צעשטערט, ווען ער האָט זיי אַ וואָרף געטאָן אַ פּאָר קליינע זילבערנע מטבעות און זיי האָבן איבערגעריסן דעם טאַניץ, זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דר'ערד צו כאַפּן די מטבעות. און נאָך ערגער, ווען דער פאָטער האָט זיך אַזועקגעלאָזט אין גע־יעג נאָך די קינדער מיט אַ רוט אין האַנט, דעמאָלט, ווען זיי האָבן אים נישט געוואָלט אָפּגעבן דאָס געלט.

נישט נאָר איין מלחמה האָט זיך געווים אָפּגעשפּילט אין אַלערליי צייטן דאָ אַרום די אַלע בערגלעך. זולולאַנד. עס האָט זיך געשלאָגן שבט מיט שבט און עס האָבן זיך געשלאָגן פּאַראייניקטע שבטים מיט די בורן אָדער מיט די ענגלענדער. דער גייסט פון טשאַקאָ, דער גרויסער מלך זייערער, וואָס האָט דאָ געהערשט אַזוי שטאַרק מיט אַריבער הונדערט יאָר צוריק, אפשר לעבט ער נאָך דאָ און דאָרטן אין דעם קרייז פון די קראַאַלן און זוכט נאָך אַ שטעג ווידער אויפצובורויזן. אויף דעם זאָגט עדות דער רוף, וואָס האָט זיך געטראָגן פון באַרג צו באַרג. ווי וואַך עס איז נאָך דאָס האַרץ פון פּרימיטיוון מענטשן דאָ צו אַזאַ רוף. עס איז נאָר געוווּנדט, ווער עס וועט דעם רוף געבן. אפשר גאָר אַמאָל, אָט די אייגענע, וואָס האָבן שוין ימען איבערגעשניטן און פאַרזוכט דעם טעם פון פולווער ביים אייראָפּעער אויף זיינע שלאַכט־פעלדער. ווייל דאָ און דאָרטן באַגעגנט מען אומגעריכט איינעם אָדער צוויי, וואָס האָט זיך אָנגעקליידט אין די קליידער זיינע, וואָס ער האָט אין מלחמה געטראָגן — דעם אייראָפּעערס מלחמה־קליידער — און עס איז אים אַ שאָד, מיט זיי זיך צו צעשיידן. אפילו זיינע אייגענע קוקן מיט דרך־ארץ אויף אַזוינעם, וואָס טראָגט אויף זיך די זעלנער־קליידער פון ווייסן מענטשן. אפשר קוקט מען אויף אים, ווי אויף דעם צוקונפטיקן דערלייזער. און ווער ווייסט וואָס עס טראַכט אַזאַ איינער, וואָס האָט אויף די אייראָפּעישע שלאַכט־פעלדער זיך געשלאָגן. אפשר האָט ער דאָרט וועגן עפּעס געטראַכט. אפשר האָט אים דער קראַך פון אויפגעריסענע באָמבן וואַך געמאַכט. די שפּליטערן פון צעריסענע שראַפּנעלן האָבן אים אויסגעניכטערט און דווקא דאָרט האָט ער זיך דערזען אַ נאַקעטן אויף זיינע אייגענע שלאַכט־פעלדער אין זיין אייגענעם לאַנד — זולולאַנד. אים האָט דאָך דער ווייסער מענטש געלערנט, ווי אַזוי דעם מעסער גוט צו צילן און ווי אַזוי דעם ביקס צו צילן. דער ווייסער מענטש דאָ איז אים טאַקע חושך, אַז מיט אים וועט ער זיך נאָך אַמאָל באַגעגענען אויף אַפריקעס ערד און עמעצער וועט נאָך דורך פייער און שווערד זוכן גערעכטיקייט.

דערוויל אָבער זיץ איך, דער פרעמדער, צווישן זיי און אין ערגעץ האָב איך מיר אַזוי זיכער נישט געשפּירט ווי צווישן די

פרימיטיווע ברוין־הויטיקע מענטשן דא. אזוי פיל פרידלעכקייט רוט איבער דער געגנט און מיט נאך מער פרידן ווינקט יעדער בוים, יעדער קראאל און די געפלאכטענע בודעס, קיילעכדיקע, ווי בינשטאקן, וואס די ווייבער לייגן אין זיי ארײַן זייער חכמה און בערי־יעשקייט. זיי, די ווייבער, פלעכטן אויס די וואוינונגען און די ארבעט איז א פארענדיקטע. עס וועט דורכן וואנט קיין פליג נישט ארײַנקריכן און עס וועט דורכן דאך קיין רעגן נישט ארײַנגיסן.

אבער די ערד קלאגט זיך פאר מיר, דעם ווייסן מענטשן, וואס מען האט זי איבערגעגעבן אין די הענט פון פרויען מיט קינדער אויף די פלייצעס. די ווייבער מיט די קינדער אנגעבונדענע, ווי א הויקער אויפן פלייצע, האָרעווען ארום שטוב, גראבן די ערד, עפעס זייען זיי. עפעס וואקסט ארויס פון זייער טירחה און ברודיקן שוויס. א ביסל קוקורוזע. א ביסל דערנער און אזוי קרייטעכצער. דער מאן, ער איז פויל. דער מאן, ער איז דער האן, אבער ער פארשטייט נישט, ווי דער האן אמאל צו געפינען א קערנדל פאר זיין ווייב. פארוואס האט די ציוויליזאציע נישט אויסגעלערנט דעם קאפיר צו פארשטיין דעם שמייכל פון מוטער ערד. ווייל דא, אין זיין לאנד, וואו ער צערטלט זיין נאקעטקייט, זעט מען, אז די ערד בענקט נאך דעם מיט די שטארקע מוסקלען, וואס וועט דורך איר מיט דעם אקער זיך דורכשניידן. אבער אין היינטיקע צייטן צייכנט אפילו דער אקעראייזן אויך א קרומען צייכן און אמאל וואקסן קללות ארויס פון ארט, וואו מען האט די ברכה פארזייט. אפשר שפירט עס דער פרימיטיווער מענטש, ווען עס חוש עס איז נאך ווי ביי דער חיה שארף.

עס כאפט ארום א פרייד צו זען, ווי דא און דארטן זיצן ביים עפענונג פון וואוינונג מאמעס מיט קינדער, יונגע מיידלעך און זאלבן זייער לייב מיט אייל. דאס לייב שײַנט אנטקעגן דער זון. אויך דער מאן וואשט זיין לייב אין אייל. דאס לייב זיידיק ווייך און גלאט. דער אייל היט אויס די הויט פון דער ברענענדיקער זון. און דער אייל היט אויס די הויט פון קראנקהייטן. היט אויס דאס קליינע קינד פון קראנקהייטן. קוקסטו צו דעם אלעמען, טראכסטו ווידער — וואס האבן דײַנע מחשבות צו טאן מיט זייערע? און פארוואס ווילסטו דווקא

פאַרבינדן דיין לעבן מיט זייערן? פאַרוואָס ווילסטו אָט דעם פרימי־טיוון מענטשן פאַרפירן אויף דיין אייגענעם וועג און אויך, אַהער ביסטו געקומען צו פאַרצייכענען דיינע טריט. דו מיט דיין בלאַסער הויט — וואַרף אַראָפּ דיינע קליידער און שטעל זיך זייט ביי זייט מיט דעם ברוינעם מענטשן, מאַן אָדער פרוי, מיידל אָדער קינד. אמת, די זון וועט אַלעמען אַרומנעמען. אָבער וועמעס לייב וועט אירע שטראַלן איינזאַפּן און וועמעס הויט וועלן אירע שטראַלן פאַרברענען?

וואָס האָט דער ווייסער מענטש מיט זיינע מחשבות צו טאָן דאָרט, וואו דאָס פרימיטיווע לעבן שלאָגט?

## שיפאָזאַ, אַ זולו־פרינץ.

זיין קראַאַל האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן פון ווייטן. די פעלדער אַרום אַ ביסל קולטיווירט און אַ סך פרוכטביימער האָבן זיך געצויגן באַרג־אַראָפּ צו מערב־זייט. אַ דרייסיק קיילעכדיקע בודעס, געפלאָכטענע און אָן פענסטער, האָבן זיך באַוויזן אין אַ רינג אויס־געבויגן, און אַרום אַ געפלאָכטענער צאַם.

אַ קאַפּיר־מושל האָט נאָך אַפילו היינט אַ גרויסע ממשלה אין זיין לאַנד. און צו אים בוקן זיך נאָך אַלע בערג אַרום. כאָטש שיפאָזאַ איז שוין געווים נישט אַפילו דער שאָטן פון דעם גרויסן טשאַקאָ, וואָס האָט מיט אַ הונדערט יאָר צוריק געשטורעמט מיט זיין היים בלוט איבער דרום־אַפריקע. דעמאָלט זיינען נאָך געווען צייטן גרויסע, צייטן פון מלחמות און נאָר טשאַקאָ האָט געקענט זיינע גיבורים בלויז צו איין שפּיז געבן אין מלחמה אַריין און באַפוילן:

— דער, וואָס וועט זיין שפּיז אין מלחמה פאַרלירן, דער וועט פאַר זיין שפּיז מיטן לעבן באַצאָלן.

דאָס האָט נאָר טשאַקאָ געקאָנט צונויפרופן זיין פאָלק און באַפוילן צו קלאָגן און יאָמערן אויפן הויכן קול וואָכנלאַנג, אַז נאַנדי איז געשטאָרבן — נאַנדי, זיין היים געליבטע מאַמע. נאָר ער האָט געקאָנט דעמאָלט באַפוילן, אַז מען זאָל אויסהרגענען

בײַ אַלע זװיגנדיקע קי זײערע קעלבער, כּדי די קי זאָלן יאָמערן אױפן טױט פון נאַנדי — זײן געליבטע מאַמע.

טשאַקאַ האָט באַפױלן טױזנטער מאַמעס אױסצוטױטן, װײל אױב נאַנדי, די מוטער פון גרױסן מלך, איז טױט, װי אַזױ קאָנען גאָר אַנדערע מאַמעס לעבן אױף דער װעלט? אָבער שיפּאָזאַ, צו װע־מען איך לאָז מיר איצטער, איז אַ יונגער מושל. דעם טעם פון מלחמה װײסט ער נישט. אפשר זײנע אַלטע יועצים דערצײלן אים נאָך מעשיות פון יענע אַלטע און גרױסע צײטן.

מיט אַ מטאַדע הינט און אַ צען פון זײנע לײט, גיבורים, אַלט און יונג איז ער אָנגעקומען, זעט אױס פון געיעג, פּונקט דעמאָלט, װען מײן באַגלײטער און איך האָבן זיך דערנענטערט צו זײן קראַאַל. די הינט האָבן זיך אַ ריס געטאָן צו אונז. אָבער דער יונגער מושל האָט מיט זײן קאַנטשיק אָנגעהױבן צו כװאָשטשען אױף רעכטס און אױף לינקס. די הינט זײנען זיך צעלאָפן און דער מושל האָט זיך אונז ברײט צעשמײכלט, בלאַנקענדיק מיט זײנע צװײ שורות װײסע צײן. אַ יונגער, פון אַ יאָר עטלעכע און צװאַנציק, שטאַרק געבױט, דאָס לײב געצערטלט, געאײלט. מוסקלען פון הענט און פיס געטאָקטע — ער האָט זיך אַרױסגעטײלט פון צװישן זײנע באַ־גלײטער. דער שמײכל איז פאַרשװאונדן פון זײן פּנים און ער האָט אונז אַ ביסל באַטראַכט. מען האָט געקאָנט באַמערקן, אַז ער איז אומרויִק. ער האָט געפרעגט:

— װאָס אַזױנס פאַרלאַנגט איר פון מיר?

און מײן דאָלמעטשער האָט אים אָנגעװיזן אױף מיר און גע־ענטפערט:

— דער דאָזיקער מענטש איז געקומען פון װײט, פון אױף יענער זײט ים. ער האָט געהערט פון דיר און װיל זיך מיט דיר באַקענען.

צװישן זײנע לײט האָט עס אַרױסגערופן גרױס װאונדער. אײ־נער אַ זקן, מיט זײנע האָר אין אַ רינג אױסגעפלאָכטן אױף זײן נעגאָלטן קאָפּ, אַ מענטש פון העכערן מצב, האָט זיך קינדיש צעלאַכט, טרײסלענדיק זײן צעפּאַלדעװעטן בױך. אַ פּאָר ייִנגערע האָבן אָנגעברוגזט די ברעמען, מיט עפּעס געװען אומצופרידן, אָבער

גאָר נישט געזאָגט. ער אַליין איז געוואָרן קינדיש צופרידן מיט די געסט און גייענדיק אַליין פאָראויס, האָט ער אונז פאַרבעטן צו זיך אין הויף אַריין. צוגעפירט צו איינער פון די געפלאָכטענע קיילעכדיקע בודעס, אויפגעעפנט אַ לאָך ביי דער ערד, ווי אין אַ קאַטוך אַריין, איז ער אַהין פריער אַליין אַריינגעקראָכן אויף אַלע פיר און נאָך אים האָבן אַריינגעפויזעט מיין באַגלייטער און איך אין דעם געפלאָכטענעם פאַלאַץ אַריין. שיפּאָזאַ האָט אויסגעשפּרייט אויף דר'ערד פאַר יעדן פון אונז אַ געפלאָכטענע מאַטע פון דינע שטרוי, געבעטן אונז זיצן און אַליין איז ער אין אַ ווילע אַרום אַרויסגעקראָכן. אינעווייניק איז געווען גאַנץ גראַם. ציכטיק. אויפגעראַמט. נאָר עס האָט געשמעקט מיט רויך.

די „הייזער" פלעכטן די ווייבער. און עס איז אַ וואונדער, ווי געדיכט און פיין די היים איז געפלאָכטן. אַזוי קיילעכדיק געמאַכט אַרום און אַרום. ממש ווי אונטער אַ ריזיקן האַלבן אַפּעלסין-שאָלעכטס האָב איך מיר געפונען. די אָסנאָווע איז געפלאָכטן פון גראָבע, לאַנגע ריטער, און דאָס איבעריקע איז אויסגעפילט מיט אַ דינעם לאַנגן גראָז, וואָס וואַקסט דאָ אין דער געגנט, געדיכט געפלאָכטן. טיכטיק צוגעדעקט. זיכער, אַז קיין פליגעלע וועט זיך נישט דורכשלאָגן דורכן געוועב און דער רעגן וועט זיך דורך אויבן נישט דורכרייסן. די פּאָדלאָגע איז פון פאַרהאַרטעוועטער ערד. די ערד שטאַמט פון די מוראַשקע-בערג. זיי, די מוראַשקעס, טראָגן אָן גאַנצע בערג פאַר זייערע פאַלאַצן. דאָ, אין דרום-אַפריקע, זיינען גאַנצע געגנטן מיט מוראַשקעס-בערגלעך פול. די מוראַשקעס אַרבעטן די ערד אַזוי כעמיש דורך, אַז זי ווערט פאַרהאַרטעוועט, ווי מיט צעמענט. פון די מוראַשקע-בערג נעמען די קאַפיר-ווייבער מאַטעריאַל פאַר דער פּאָדלאָגע. די ערד ווערט גענעצט און איינגעקלאַפּט, און אַז עס ווערט טרוקן, ווערט עס פאַרהאַרטעוועט נישט דורכצוברעכן. אין מיטן וואוינונג — אַ פייער-פלאַץ אויף דער הוילער ערד, און אַז מען הייצט, פילט אָן דער רויך יעדן שפּעלטעלע אינעווייניק און זוכט אַ וועג אַרויסצוגיין אויף דער פרייער וועלט. דעריבער איז אינעווייניק בלוילעך-שוואַרץ. פאַררויכערט. און דאָך האָט

עס מיט זויבערקייט געוואונקען פון יעדן ווינקעלע. דאָך אַ היים פון אַ פּרינץ.

קיין עשירות האָט זיך דאָ נישט אָנגעזען. אַ עטלעכע זאַכן, וואָס האָבן צו טאָן מיט קאַפּיר=קונסט, זיינען געווען צעוואָרפן אין די ווינקלען, אויף די ווענט און אַראָפּגעהאַנגען פון דער סטעליע; אַלערליי קאַליבאַשעס פאַר וואַכער צו טרינקען. די קאַליבאַשעס — אַ געוויקס אַזאַ, אונטן ברייט און אויבן מיט אַ שמאָל העלזל — זיינען באַצירט מיט אויסגעברענטע צייכענונגען, חיות, מענטשן, פאַנטאַסטישע באַשעפעניש. קוקורוזעס האָבן זיך אין ווינקלען געטריקנט. אַ ביסל אַפּעלסינען. אַ פּאָר צעבראָכענע האַסיגייס פאַרזשאַווערטע, און עפּעס אַ צעבויגענע שווערד. ערדענע כלים און דאָס גלייכן. נישט געווען קיין באַזונדערע זאַכן, וואָס זאָלן צוציען דעם בליק. קיינער איז צו אונז נישט אַריינגעקומען און דאָס זיצן אינעווייניק איז געוואָרן לאַנגווייליק.

מיר זיינען אויף אַלע פיר צוריק אַרויסגעקראָכן פון זיין פּאַלאַץ אויף דער ליכטיקער וועלט אַרויס. אויפן הויף האָט זיך שטאַרק געדודערט. עס זיינען אָנגעקומען נאָך עטלעכע פון זיינע לייט. האָבן זיך פאַרזאַמלט אין אַ קרייז און געפירט אַ היציקן שמועס. דער שמועס האָט געהאַט צו טאָן מיט אונז. אַלטע ווייבער, מאַמעס פון קראַל, זיינען פון ערגעץ אַרויסגעקראָכן און מיט גרויס חידוש אונז באַטראַכט. די הינט זיינען געלעגן אָנשטענדיק און פון ווייטן שווייגנדיק געקוקט אויף אונז.

שיפּאָזאַ איז נאָך יונג און מער ווי דריי ווייבער האָט ער נאָך דערווייל נישט. צוויי זיינען געבליבן לעבן אים די גאַנצע צייט און שווייגנדיק קיין אויג נישט אַראָפּגענומען פון אונז. די ייִנגערע, פון אַ יאָר אַכצן, בלו־לעך=שוואַרץ, מיט מעסיקע שטריכן און חן, מיט אַ ווייסן האַלז=באַנד געהאָפטן פון פאַטשערקעס. זי האָט אונז מיט אַ געוויסן אומעט באַטראַכט. די דריטע אָבער, די גרעסטע פון זיי, האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן, אַריינגעקראָכן צו זיך אין שטוב אַריין. געווען צו דערקענען, אַז זי קלייבט זיך צו ווערן אַ מוטער. קאַפיר=ווייבער היטן זיך אין יענער פּעריאָדע פאַר פרעמדע מענטשן. היטן זיך איבערצוגיין אַ פרעמדנס וועג אָדער אַ פרעמדער זאָל זייער

זועג איבערגיין. וואָרעם אפשר איז דער פרעמדער אַ קראַנקער און לאָזט נאָך זיך אַ קראַנקן סליאַד, לאָזט חולאתן נאָך זיך.

די צוויי אַלטע, ביינערדיקע, אײַנגעבויגענע ווייבער האָבן זיך נאָך נענטער צו אונז צוגערוקט און האָבן זייער ווינציק פריצישקייט אַרויסגעוויזן מיט זייער האַלטונג. אַפילו דאָ אין דעם פרינצס הויף האָט מען זיי מיט קיין גרויס כבוד נישט באַהאַנדלט.

שיפּאָזאַ האָט זיך פונדעסטוועגן אַ ביסל באַאומרויִקט, האָט זיך אָנגענומען מיט כוח און געפרעגט:

— איך וויל וויסן, וואָס דער אומלונגו, דער ווייסער מענטש, איז געקומען אַהער?

האָב איך געהייסן אים זאָגן:

— איך בין אַ ווייסער מענטש פון אַ ווייט לאַנד, וואָס ליגט העט ווייט אויף יענער זייט ים, און איך בין צופרידן צו זיין אין זולולאַנד. און דאָרטן אין לאַנד, פון וואַנען איך קום, דאָרטן זיינען פאַרהאַן אַ סך מער קאַפירס, ווי דאָ אין זולולאַנד. איך וועל זיי דערציילן, אַז איך האָב דיך געזען.

האָט ער זיך פאַרוואונדערט:

— אַ סך קאַפירס?! האָבן זיי אַ לאַנד?

— יאָ, זיי לעבן אינאיינעם מיט דעם מענטשן, מיט דעם אומלונגו.

— פאַרהאַן ביי זיי אַ מלך, אָדער אַ טשיף?

— אַלע האָבן איין טשיף, די קאַפירס און אומלונגוס.

— וואוינען זיי אין קראָאלן, — ווי מיר דאָ?

— וואוינען אין גרויסע הייזער, ווי די אומלונגוס דאָ אין לאַנד.

ער האָט זיך אומעטיק פאַרטראַכט, און איינער פון זיינע לייט, אַ ריז מיט אַ ברוסט אַ האָריקע פון אַ לייב, האָט זיך אַזוי צעלאַכט, אַז איך האָב געמיינט — אָט, אָט וועט זיין טונקל קופּערנע ברוסט צעשפּרונגען ווערן.

זיין יינגסטע ווייב איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף איר איינענעם אָרט אָנגעשפּאַרט אין וואַנט פון איר הויז און נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון אונז. די בענקשאַפט האָט אַרויסגעקוקט פון איר פּנים. אפשר האָט זי ערנסט דורכגעטראַכט יעדן וואָרט פון אונזער

שמועס. דער ווייסער האַלו=באַנד האָט איר צוגעגעבן חן. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל זיך שטעלן צווישן זיינע ווייבער און איך וועל אים פאָטאָגראַפירן.

— צוליב וואָס איז דאָס? האָט ער געפרעגט קוקנדיק אַ ביסל אומרויִק אויפן פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט.

מען האָט אים דערקלערט, אַז דאָס מיינט מען אים, חלילה, נישט קיין בייז. געגעבן אים צו פאַרשטיין, ווי אַזוי עס וועט פון דעם ווערן אַ בילד און דאָס וועט דער אומלונגו, דער ווייסער מענטש, האָבן אַ מתנה צום אָנדענקען.

גאַנץ אונטערטעניק האָט ער זיך געלאָזט מושטירן ווי אַזוי צו שטיין, בשעת מען האָט אים מיט זיינע ווייבער געפּאָטאָגראַפירט. איינער פון זיינע לייט איז געשטאַנען פון ווייטן און האָט זיך שטאַרק אויפגערעגט. זעט אויס, אים איז נישט געווען געפעלן, וואָס זיין מושל שטייט אַזוי אונטערטעניק. ער האָט אַ שפּיי געטאָן און איז ערגעץ פאַרשוואונדן.

דער פאַרנאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איבער דער געגנט. פון ווייטן אין מזרח=זייט האָבן זיך געצויגן שורות בערג. איין שורה אונטער דער אַנדערער, איין שורה אַהינטער דער אַנדערער און אַ דורכזיכטיקע בלויקייט האָט זיי איינגעוויקלט. די גאַנצע געגנט אַ בערגיקע און דאָך אַזאַ ברייטע. עס האָט שוין געאָטעמט מיט דער פאַרנאַכטיקער שטילקייט. קוקנדיק אויף די בערג, האָט אַרומגעכאַפּט אַזאַ טונקעלער אומעט. עפּעס האָב איך אים שוין מער נישט געקענט פרעגן. אַ צייט בין איך געשטאַנען שטום און ער האָט מיך אויך אַזוי שטום אָנגעקוקט. מיין בליק איז געפאַלן צום גרויסן קיילעכדיקן געפלאָכטענעם צוים, וואָס איז אין מיטן הויף — אַ פלאַץ פאַר הונדערטער בהמות. די ערד צעטראָטן פון בהמהשע טריט. די סטאַדע זיינע האָט נאָך געצופּט די פאַרטריקנטע גראָזן אין די אַרומיקע פעלדער, און זיך פאַמעלעך געצויגן אַהיים. דאָ אין שטאַל זיינען בלויז געבליבן אַ ווייסע ציג מיט צוויי שניי=ווייסע קלאָרע ציגעלעך, וואָס האָבן געזויגן ביי דער מוטער.

אַ יינגערער ברודער זיינער האָט געבראַכט צוויי יינגלעך פון דריי=פיר יאָר אַלט. אַזוינע פעטע, נאַקעטע בייכלעך מיט גרויסע

שטאַרקע קעפּ. ער האָט זיך מיט זיי אַנידערגעשטעלט אַנטקעגן מיר, געוואָלט, אַז איך זאָל זיי באַמערקן. ער איז געווען צופרידן, ווען איך האָב זיי פאָטאָגראַפירט. די הינט האָבן זיך אויך דערשפּירט היימיש און זיך צוגערוקט נענטער. די שטילקייט איז געוואָרן אַ ביסל אָנגעצויגן און שווער. מיין בליק איז ווידער געפאַלן אויף דער שורה בערג אין מזרח-זייט, וואָס באָדן זיך אין דער פאַרנאַכטיקער גרויסער רו. איך האָב געהייסן אים זאָגן, אַז איך בין אים מקנא, וואָס ער האָט אַזאַ שיין לאַנד און וואָס אַזוינע שיינע בערג רינגלען אַרום זיין לאַנד.

— איך האָב ליב די בערג, האָט ער געזאָגט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

— ווען האָסטו זיי ליבער — באַגינען, ווען די זון גייט אויף, אָדער פאַרנאַכט, ווען די זון פאַרגייט?

— איך האָב זיי שטענדיק ליב, האָט ער קורץ געענטפערט.

אויף זיין בראָנזן לייב האָט זיך געלייגט דער פאַרנאַכט און איז נאָך בראָנזיקער געוואָרן. אויפן געדאַנק איז ווידער געקומען דער גרויסער טשאַקאָ, דער גרויסער מלך, וואָס האָט שיר נישט פאַרנומען גאַנץ דרום-אַפריקע אונטער זיין ממשלה, נאָר זיינע אייגענע לייט האָבן אים דערשטאָכן מיט דריי און ניינציק יאָר צוריק. זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען:

— וואָס טוט איר, קינדער פון מיין פאָטער? מיינט נישט, אַז איר וועט געוועלטיקן. איך זע, ווי דער ווייסער מענטש קומט אויסצושפּרייטן זיין ממשלה איבער אייך.

שיפּאָזאַ טראָגט שוין דעם יאָך פון ווייסן מענטשן אויף זיינע פּלייצעס.

## אַ קאַפיר-טאַנץ.

ביי די ציוויליזירטע פעלקער גייען ביסלעכווייז אונטער די גרויסע טענץ, וואָס האָבן פון אוראַלטע צייטן געקוואָלן פון מענטשנס וועזן אַרויס. זייערע וואָרצלען ציען שוין נישט די יניקה פון דעם

אייגענעם בּלוט-קוואַל, וואָס בּיים פּרימיטיוון מענטשן. טאַנץ איז געוויס עלטער פון וואָרט און זיין געשליפענעם אויסדרוק. ריטם און טאַקט איז געווען דאָס ערשטע, וואָס דער צווייפיסיקער האָט דערשפּירט אין שטויס פון זיין בּלוט אין די אָדערן. היינטיקע טענץ זיינען בּלאַסע, בּלוטלאָזע. האָבּן נישט קיין קשר מיט דער נאַטור און אירע דערשיינונגען. אין היינטיקע טענץ פון ציוויליזירטן מענטשן איז נישטאָ קיין בּין-השמשות. נישטאָ קיין זון-אויפגאַנג און זון-אונטערגאַנג.

היינט האָבּ איך שוין אַליין געזען מיט מיינע אויגן, ווי פאָרלעך האָבּן אין אַ וועט געפּרוווט טאַנצן שוין די דרייסיקסטע שעה, און דאָס, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט שטעלן אויף דער מדרגה פון אַ טאַנץ, איז נאָך טויטער געוואָרן. איז נאָך פאַרחלשטער געוואָרן. פיס האָבּן זיך געשלעפּט אָן אינהאַלט. טאַקט און ריטם איז אַרויסגעקומען פון אַ שטייענדיק בּלוט אַרויס. און דאָס רופט מען דאָך אָן טאַנץ בּיי אונז. פאַר מיר איז דער וועט-טאַנץ געווען, ווי אַ סימבּאָל צום אונטערגאַנג פון די פּרימיטיווע טענץ אין אונזערע טעג איבּער גאָר דער וועלט, וואו די גרויסע שטאָט שיקט אירע אומבּאַמערקטע שליחים צו יעדן ווינקל פון אונזערע מוחות, דאָרטן צו אַטראָפירן יעדן לעבּעדיקן צאַפּל, וואָס האָט ריטם בּאַשאַפן, וואָס האָט דעם טאַקט געשפּייזט און צום טאַנץ אַרויסגערופן.

עס קומען מער נישט אַרויס די שענסטע און שטאַרקסטע פון דער מחנה. אין פרייען פעלד אַרויס דורך טענץ און האַלבּ-טענערדיקן געזאַנג דעם טראָט צו פאַרשענערן, דעם בּויג פון קערפּער בּויגיקער מאַכן און אַזוי אויך לאָזן דעם אינערלעכן טאַקט אויסקלאַפּן. האַמערן — אַזש פון ווייטן זאָל דער עכאָ אים אַנטקעגן קומען. ווי שטעלט דען זיינע טריט דער מאָדערנער מענטש פון דער גרויסער שטאָט? און וואָס האָט מען דען געוועקט אין די מוסקלען פון דעם יונגגמאַן, וואָס האָט אין פאַרלויף פון אַ יאָר, צוויי אָדער מער אין מיליטער זיך געמושטירט. געשפּרייזט אין טאַקט און זיין גוף מעכאַניש געבּראָכן און געבּויגן אָן דעם רוף, וואָס האָט צו אים פון בּלוט אַרויסגערופן? דער טאַנץ, ווען ער האָט קיין

אינהאַלט, איז טויט. און דער אינהאַלט באַדאַרף זיין אַ גרויסער. אַ פרימיטיווער. דער טאַנץ פון געוויטער. דער טאַנץ פון קאָרנפעלד. דער טאַנץ פון ים. דער אָדלער־טאַנץ. דער זונען־טאַנץ!

אין אמתן שטאַרבן שוין אויס די גרויסע טענץ אַפילו פון צווישן די פרימיטיווע שבטים און פעלקער, וואָס האָבן זיך אונטערגעגעבן צום אייראָפּעער. דען וואָס איז שוין איצטער ווערט דער טאַנץ פון דעם רויטן אינדיאַנער אין אַמעריקע? וואָס פאַר אַ געזאַנג קען שוין איצטער אַרויסקוועלן דעם טאַנץ ווינעם צו באַגלייטן, ווען זיין בלוט זשאַווערט שוין אין די אָדערן, ווען אונזער סם האָט אים אָפּגעסמט יעדן קוואַל, וואו זיין פרימיטיווער לעבן האָט זיך יעדן פרימאָרגן געטובלט.

דער טאַנץ האָט ביי די פרימיטיווע פעלקער געוועקט דאָס בלוט אין מלחמה אַריין. דער מלחמה־טאַנץ איז אפשר געווען דער עיקר פון עיקרים. אין אים האָבן זיך פאַראייניקט די נשמות פון אַלע טענץ באַזונדער. אָבער נישט, וויל מען האָט דעם פרימיטיוון שבט פאַרבאָטן צו גרייטן זיך אויף מלחמה מיט פייל אָדער האָסיגיי און געגעבן אים אין האַנט מאָדערנע וואָפן, וואָס שיסט מיט פולווער, קנאַלט און רויכערט — נישט דאָס איז די סיבה, וואָס טאַנץ און ריטם שטאַרבט אויס אין זייערע מתנות. דאָס קומט מיט דעם אַלגעמיינעם אונטערגאַנג, וואָס דער ווייסער מענטש האָט ביי אים פאַרפלאַנצט. וויל די וואָרצלען פון פרימיטיוון מענטשן, כמעט אויף גאָר דער וועלט, וואו די ציוויליזאַציע מיט איר פאַרפעסטעטן גראָב־אַייזן האָט דערגרייכט, כמעט אומעטום זיינען שוין די וואָרצלען אונטערגעהאַקט און פאַרסמט.

דער קאַפיר איז געוויס דער, וואָס האָט אונטער אַפריקעס הימלען נאָך אינגאַנצן זיין קאָפּ נישט געבויגן. די שוואַרץ־הויטיקע פון דרום־אַפריקע וועלן געוויס איבערלעבן די מאַאָרים פון ניי־זעלאַנד, אָדער אַלע אַנדערע גרעסערע און קלענערע פרימיטיווע שבטים אויף די דרומדיקע אינזלען. עס קען גאַנץ גוט באַווייזן די שטאַרקייט פון קאַפיר, ווען מען באַטראַכט דעם נעגער אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון נאָרד־אַמעריקע, דעם לייבלעכן ברודער פון דעם דרום־אַפריקאַנישן קאַפיר. אויך ער, דער אַמעריקאַנער גע־

צער, האָט מיט זיינע טעניץ באַאיינפלוסט דאָס גאַנצע לאַנד און געמאַכט, אַז די ווייסע פאָרלעך זאָלן אָן טעם און אָן לעבן איבערשטעלן די פיס אויף דעם געוועקסטן דיל אין די טאַנץ-זאַלן. אָבער פאַר קיין פאַל קענט איר נישט פאַרגלייכן דעם דזשיג פון נעגער מיט דעם קאַפיר-טאַנץ פון אַפריקעס קינדער, דאָרט ביי זיך אין דער היים. נישט די היגע נעגערס זיינען בכוח אָנצוציִען אַרום זיך אַזאַ פלאַקער מיט זייער טאַנץ און נישט די היגע נעגער קענען מיט זייער טראָט אַזוי מאַכן ציטערן דאָס האַרץ פון דער ערד פאַר פרייד.

דאָס איז געווען אין אַ ברענענדיקער שעה פון נאָך האַלבן טאָג, אין ראַיאָן פון די גאָלד-מינען אין טראַנסוואַל, ווען פאָרשטייער פון אַלערליי שבטים, נאָר וואָס אַרבעטן אין די טויזנטער אין די גאָלד-מינען פון טראַנסוואַל, האָבן זיך געצויגן צו אַ פריי פעלד אונטער דער ברענענדיקער זון. דאָס האָבן די פאָרשטייער פון די גאָלד-מינען געוואָלט פאַרשאַפן פאַרגעניגן דעם פאַרטרעטער פון דער ענגלישער רעגירונג, אַ פרינץ, און האָבן לכבוד אים באַפוילן די קאַפירס, וואָס זיינען אונטער זייער האַנט און וואָס טאָרן נישט אין פאַרלויף פון זייער דריי-יעריקן טערמין אַרויסגיין נאָך דער אַרבעט ווייטער פון דעם אַרומגעצאַמטן מינען-ראַיאָן, אַז איצטער מעגן זיי דאָס האַרץ לאָזן קלאַפן פרייער און דאָס בלוט ברויזן שטאַרקער. טאַנצן!

נאָך מיט אַ צייט פריער האָבן זיך באַוויזן פון ווייטן די אָפּטיילונגען טענצער, צו צוויי אין דער ברייט, מאַרשירנדיק פון די גאָלד-מינען צום טאַנץ-פּלאַץ. אויסגעפּוצטע אין האַלז-בענדער, ברוסטבענדער פון אַלערליי קאָלירטע פּאַטשערקעס. קופּערנע דראָט-אָרעם-בענדער, בראַסלעטן און דראָטרינגען אַרום די פיס, ביים קני און נענטער צום קנעכל צו. רינגען איבער די קנעכל פון אַזאַ געוויקס מיט קערנדלעך טרוקענע אינעווייניק, וואָס באַשאַפט אַ גערויש, ווען מען שטעלט דעם טראָט. דאָס אָנגעאיילטע לייב, דאָס נאַקעטע און גלאַנציקע האָט זיך געמיגלט אין דער זון. די מוסקלען אויף הענט און פיס צערטלען זיך און באַוועגן זיך שפּילעוודיק. די ברוסט פאָראויס און מיט פעדערן אין די געקרייזלטע האָר פון קאָפּ. אַנדערע האָבן

די פיס, פון קני נידעריקער ביז צום טראָט, באַפּאַרבט מיט אַלערלײ־װײסע סימעטרישע ליניען און רינגען. אַזױ פיל געזונטע גאװה איז געלעגן אין דער גאַנצער האַלטונג, אין דעם בליק און בױג פון קערפּער.

יעדע אָפּטײלונג באַזונדער מיט איר אָנקומען האָט געבראַכט מיט זיך אַ װעלט אַ מיסטעריעזע. זײער אָנקומען איז געװען מיט אַ פּאָרסירטן טראָט. װיכטיק. ערנסט. פֿאָראױס גײט דער פירער און בלאָזט אַרױס פון אַ גרױסן אָקסן־האָרן אַזאַ טיפן געברום, צום טאַקט פון טענצער. דער האָרן רופט, װעקט, רײצט און באַפעלט. אַ צװײטער טראָגט אַ שטומפּן הילצערנעם פּױק און קלאַפּט אַרױס אַ טעמפּן קלאַנג פון פּױק אַרױס.

און אַזױ האָבן זיך שורות טענצער געזאַמלט און פאַרזאַמלט און זיך אױסגעשטעלט אין צװײ געגנערישע, דאָפּלטע און דרײ־פאַכיקע שורות. שורה אַהינטער דער אַנדערער. קענטיק, אַ מלחמה־טאַנץ גרײט זיך. אָן געװער. אָן בלוט־פאַרגיסונג. אין טאַנץ װעט דער געפעכט זײן. די אָנפירער פון בײדע צדדים אײלן פון שורה צו שורה, זאָגן גאָרנישט. נאָר מיט די אױגן באַפעלן זײ. מיט די בליקן היפּנאָטיזירן זײ די טענצער. די מוסקלען װערן נאָך שטײפער. די פיגור ציט זיך אױס נאָך שטרענגער און בראָנזיקער. אַ װינק מיטן אױג און אַ װילד־װאָרצלדיקער אָפּגעריסענער געזאַנג רײסט זיך אַרױס פון אײנעמס האַלז אַרױס און באַלד כאַפּן אונטער די איבעריקע מיט אײן טאַקט, אָדער מיט אַ צװײיענדיקן טאַקט, און די רעכטע פוס פון הונדערטער טענצער טוט זיך עלעקטריש, מיט אַ כוח פון אַ בלוט־שטראָם אַ ריס אָפּ הױך פון דער ערד און טוט זיך צוריק מיט פעסטער גבורה רונדיק אַ שטעל אױף דער ערד. די רינגען אױף די פיס פון די טרוקענע קערנדלעך ענטפערן מיט אַ טרוקענעם גערױש.

באַלד טוט זיך נאָך אַמאָל אַ ריס אָפּ די רעכטע פוס און װידער אַ שטעל צוריק מיט גבורה. באַלד אָבער לאָזן זיך אַװעק בײדע פיס אין געיעג אײנס נאָכן אַנדערן, אַ װילדער גאַלאָפּ אױף אַן אָרט שטײענדיק. זעץ־זעץ אָן דער ערד, זעץ־זעץ אָן דער ערד און די ברױנע ערד אונטער די פיס גיט זיך אונטער. װען אַמאָל צװאַנ־

ציק טוט דער טראָט אַ קלאַפּ מיט גבורה הין און צוריק, רעכטס, לינקס, רעכטס, לינקס — ווערט אַ טיפער גראָבן אויסגע־דאַקט אין דער ערד אונטער די פיס פון די טענצער. באַלד טוט דער גאַנצער קערפער אַ שוואונג פאָראויס, אַ ריס זיך אין דער לופטן. נישטאָ קיין הונדערטער, נאָר איין קערפער איז פון די הונדערטער געוואָרן. איין פוס־פאָר פון די הונדערטער פאָרן. און די גבורה איז אַ מעכטיקע. אַ מעטאַל בויגיקע, וואָס ווערט מיט דער געוואַלדיק־סטער לעבנס־נערגיע געבייטשט און מיט הייסע בלוט־כוואַליעס פון אינעווייניק געטריבן און געשטויסן. און אַז דער טאַנץ שטאַרקט זיך און שטאַרקט זיך און ווען דער שונא קומט אַנטקעגן און וואַרפט זיינע טענץ־שפּיזן אין נעגערס ברוסט אַריין און ציט דעם בויגן שטאַרקער — אַך, ווי די אויגן ברענען און די ווייסע ציין בלאַנקען, בלאַנקען!

דאָס געזאַנג רייסט זיך אַלע מאָל מיט עקסטאַז אַרויס און ווערט פון אייגענעם עקסטאַז איבערגעריסן. דאַכט זיך, אַ וואַלד שלאַנקע סאָסנעס האָט זיך פון אַ שטאַרקן שטורעם געגומען וויגן. דאַכט זיך בראָנזענע מענטשן שטייגן פון דער ערד אַרויס און קע־נען זיך פון דער ערד נישט אָפּרייסן. דאַכט זיך, אַ וואונדער־לעכער דור האָט זיך פון דער ערד אָפּגעריסן, רייסט זיך צום הימל, אָבער די ערד בענקט נאָך זיינע טריט און ווינקט:

— טיפער, טיפער האַק אויס דיין ריטמישן טראָט. טיפער, טיפער קריץ איין דיין הייסן טראָט.

און די טריט בייטן זיך. שנעלער, שנעלער. איינס־צוויי — איינס־צוויי: און איינס־ביז צוואַנציק — זעץ־זעץ און ווידער בויגן זיך, בויגן זיך די שורות. הענט ציען זיך פאָראויס, בויגן זיך אין רונדע קרייזן, ווי עס בויגן זיך באַמבוק־ביימער, ווען אַ ווינט כאַפּט זיך אַריין און וויגט זיי, וויגט זיי.

און כאָטש שטראָמענווייז רינט דער שוויס איבער די מוסקלען פון הענט און פיס, אָבער די אויגן האָבן זיך נאָך נישט אויס־געלאָשן. דער פלאַם, וואָס קאָכט דאָס בלוט, איז נאָך אַלץ שטו־רעמדיק און עס וואָלט דער טאַנץ קיין גרעניץ נישט געפונען, ווען איין צד הויבט זיך נישט אָן אונטערצוגעבן. דער אייגענער

עקסטאַז הייבט אָן דעם ווען צו פאַרשלייערן. און ווי עס פאַרגייט דער טאָג פלוצלונג אין דרום-אַפריקע, אַזוי איז דער שטראָם אונטער דעם אייגענעם דרוק פון לוסט און גבורה מיט אַמאָל שטיל געוואָרן.

עס האָבן זיך שפּעטער נאָך אַמאָל אינדיווידועלע טענץ אַנטוויקלט. דאָס פייער האָט זיך ווידער אויף אַן אַנדער אופן צעפלאַקערט און פון דעם אַלעמען האָט זיך נאָך אַזוי קלאָר באַוויזן דער אָנהייב פון מענטשנס נשמה, ווען זי האָט זיך אין טענץ געבאָדן. דער אָנהייב פון מענטשנס טראָט, ווען ער האָט די ערד אונטער זיינע פיס דערשפּירט. ווי שיין איז געווען צו זען די ליכטיקייט פון טאָג, ווי עס שפּיגלט זיך אין די קאָנטורן פון די בראָנזענע מוסקלען!

עפּעס האָט געבענקט און געקלעמט אין האַרצן. עפּעס האָט געמאָנט אַזוי טיף-שטיל און אַזוי הויך. מיט אַ בלעכענעם קלאַנג האָט אין מוח געקלימפּערט:

צי-ווי-ליזאַ-ציע. צי-ווי-ליזאַ-ציע.

# די איזראַעליטן.

נישט מיט קיין יידישע סעקטע איז פאַרלאָפן דאָ נישט לאַנג אַזאַ טרויעריקע געשיכטע אין דרום-אַפריקע. אין אייראָפּע האָט מען געמיינט, אַז אַ גרופּע יידן האָבן רעוואָלטירט אַנטקעגן דער מלוכה. געטראָפן האָט עס מיט אַ נעגערשער סעקטע. קריסטן האָבן זיך געוואָלט אַליין לייטערן און לייטערן די אמונה, וואָס איז צו זיי געקומען דורך אַלערליי מיסיאָנערן. איזראַעליטן. אַזוי האָבן זיי זיך אַ נאָמען געגעבן.

פאַר די פּרימיטיווע ראַסן און אונטערדריקטע פון דער קריסטלעכער וועלט איז צום ווייניקסטן פאַרשטענדלעך די קריסטלעכע תורה פון אייביקער און געלייטערטער ליבע. און אַפילו דער פּרימיטיווער צוויי-פיסיקער פרעגט געווים אין האַרצן ביי זיך טיף אַלערליי קשיות, ווען דער מיסיאָנער דויבעט אים אין קאָפּ אַריין מעשיות

פון דעם הייליקן, דעם זון, פון גאָט און זיינע גרויסע מופתים.
דער קאַפיר, וואָס נעמט אָן אין פאַרלויף פון זיין לעבן אַזוי פיל ווייבער, וויפל ער קען נאָר באַווייזן צו באַצאָלן צו די טאַטעס פון די מיידלעך — דאָס אַליין שטייט דעם קריסטנטום אין וועג. צום שווערסטן איז דאָך איבערצוגעבן דעם שוואַרצן מענטשן די תורה, אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך, ווען ער זעט מיט זיינע אויגן, אַז אַלע מענטשן זיינען נישט גלייך.

עס איז שוין אַפילו פאַרפלאַנצט געוואָרן צווישן די שוואַרצע אַ לעגענדע, אַז גאָט אַליין האָט זיי, די שוואַרצע, געשטעלט נידעריקער פון דעם ווייסן. אָט אַזוי דערציילט דער קאַפיר:

צוויי ברידער זיינען אַמאָל געווען. איינער ווייסע מענטשן. רופט זיך צו זיי אָפּ גאָט און זאָגט אַזוי: „דאָ האָט איר ביידע צו ביכער אַזוינע, וואו איר וועט געפינען, ווי צו לעבן אויף דער ערד. זעט, איר זאָלט היטן די ביכער. האָט איין ברודער געטראָגן זיין בוך אויפן קאָפּ און דער אַנדערער האָט עס געטראָגן צום האַרץ שטאַרק צוגעדריקט.

מיט אַמאָל איז אַראָפּ אַ שלאַקס רעגן. איז דער, וואָס האָט געטראָגן זיין בוך צום האַרצן צוגעדריקט, האָט נישט דערלאָזן, אַז דער רעגן זאָל צום בוך צוקומען, אָבער דער אַנדערער, וואָס האָט דעם בוך געטראָגן אויפן קאָפּ — מיט אים איז געווען שלעכט. דער רעגן האָט צעווייקט זיין בוך אינגאַנצן און פון אים איז גאָר נישט געבליבן. און גאָט האָט צוגערופן ביידע און אַזוי געזאָגט: „דערפאַר, וואָס דו האָסט באַשיצט מיין בוך פון רעגן, און דו האָסט אים געטראָגן נאָענט צום האַרצן, דעריבער וועסטו בלייבן דער ווייסער מענטש און דער שטאַרקער. און דו, ווייל דו האָסט געטראָגן מיין בוך אויפן קאָפּ און געלאָזן, אַז דער רעגן זאָל אים צעווייקן, דעריבער וועסטו ווערן שוואַרץ און אייביק וועסטו באַדאַרפן זיין אונטערטעניק צו דיין ווייסן ברודער.

אַזוינע טראַדיציעס זיינען געווים באַשאַפן געוואָרן אין דער אַטמאָספערע פון די קריסטלעכע מיסיאָנערן און זייערע תורהס. אָבער דאָס אמתע פרימיטיווע בלוט ווייסט נישט פון אומבאַגרעניצטער אונטערטעניקייט. און עס זעט געווים דער שוואַרצער מאַן שיינקייט אין

דער שוואַרצער פרוי, פונקט ווי עס זעט דער ווייסער מאַן אין דער ווייסער פרוי. אין מוח פון די שוואַרצע קריסטלעכע מיסיאָנערן, וואָס האָבן שוין פון גאָטס חסד געטרונקען, ביי זיי קריגט גאָטס חסד גאָר אַן אַנדער פּנים.

און דער שוואַרצער מיסיאָנער ענאַך, דער גרינדער פון דער סעקטע איזראַעליטן, ער האָט זיין תורה באַקומען אין דער אַמעריקאַנער מיסיאָנערישער אָפּטיילונג גאָטעס קירכע און קריסטוסעס היילי קע. אָבער ענאַך האָט פאַרמאָגט פאַנטאַזיע. געווען אַ בעל־חלומות און ער האָט אויף זיין אייגענעם אופן געלערנט תורה מיט זיינע תלמידים און תלמידות. אים האָבן זיך געחלומט צוויי חלומות:

דער ערשטער חלום איז געווען, ווי אַ גרויסער שטיין האָט זיך געקייקלט באַרג־אַראָפּ און האָט זיך אַרויפגעקייקלט און צעשמעטערט אַלע ווייסע איינוואוינער ביים צופוסנס פון באַרג. און דער אַנדערער חלום איז געווען, ווי אַזוי אַ באַבון, אַ גרויסע דרום־אַפריקאַנישע מאַלפּע, האָט זיך געשלאָגן מיט צוויי ווייסע ציגעלעך, און דער באַבון האָט די ציגעלעך צעריסן.

דער באַבון, דאָס מיינט מען דעם שוואַרצן מענטשן, און די צוויי ווייסע ציגעלעך — די צוויי ווייסע פעלקער, וואָס באַהערשן דרום־אַפריקע.

דעם מיסיאָנער ענאַכס בלוט האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן, אַז דער ווייסער מענטש איז דער שטאַרקסטער. אַז דער ווייסער מענטש איז דער גערעכטיקער. ער האָט זיך דערוואוסט פון דעם אין דעם נאָמען פון דעם גאָט פון ישראל. ער איז געווען זיכער, אַז דער גאָט פון ישראל וועט אים קומען צו הילף, ווען אַפילו דער ווייסער מענטש וועט עס וועלן אים פון זיין קאָפּ אַרויסשלאָגן.

ענאַך און זיינע נאָכפאָלגער האָבן זיך באַזעצט אין קאַפּ־לאַנד. אַ געגנט אַ וויסטע, וואָס האָט נאָך צו קיינעם נישט געהערט, האָבן זיי אָפּגעשניטן פאַר זיך און דאָרטן געבויט אַ שטאָט. בולהאַק, אַזוי האָט געהייסן די שטאָט. דאָרטן האָט ענאַך און זיינע משרתים געהאַט אַן אוהל און פון אוהל אַרום איז אַרויסגעקומען אַ געלייטערטע תורה. די ליבע צו פרויען האָט זיך דאָרט גע־

לעבט איר נאַטירלעך לעבן. מען האָט אין ביידע תורהס געקענט געפינען אַ באַווייז, אַז מען מעג. סיי אין דעם אַלטן, סיי אין דעם נייעם טעסטאַמענט. די איזראַעליטן און זייערע מעשים וואָלטן אפשר קיינעם נישט אָנגעגאַנגען, ווען זייער צאָל זאָל נישט וואַקסן און ווען ענאַכס תורה וואָלט נישט געפונען קיין וועגן און קיין שטעגן ווייטער פון בולהאַק, דער אָרט, וואו זיי האָבן זיך פאַרפלאַנצט. מען דערציילט, אַז דאָס לעבן אין יענעם ווינקל איז געווען אַ מוסטער פון אָרדענונג און ריינקייט. זייער שטאָט איז געוואַקסן אַלץ גרעסער און גרעסער. נישט געווען קיין אָרעם און רייך. אַלע גלייך. אַלע גלייך ביי זייער גאָט.

האָט זיך די רעגירונג דערשראָקן און באַפוילן די איזראַעליטן דעם אָרט צו פאַרלאָזן. די איזראַעליטן האָבן געטענהט, אַז דאָס לאַנד איז נאָך פון קיינעם נישט געווען פאַרנומען און אַז קיינער ביז די איזראַעליטן האָט נאָך נאָך נאָך קיין גראָב-אײַזן אין דער ערד נישט אַריינגעשטעקט. הפקר. דעריבער קען מען זיי פון דאָרט נישט הייסן גיין.

די רעגירונג האָט שטרענגערע באַפעלן צו זיי אַרויסגעשיקט. אָבער די איזראַעליטן האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט. אַריבער צוויי טויזנט נפשות זיינען זיי געווען און ענאַך האָט באַפוילן נישט צו פאָלגן, ווייל גאָט האָט צווישן זיי אַנידערגעשטעלט זיין שטול. זייערע חיילות וועט פירן גאָט פון ישראל אַליין, אויב דער שונא וועט זיך דערנענטערן צו זייערע טויערן.

אַז די רעגירונגס-אַרמיי האָט זיך שוין דערנענטערט און זיך אויסגעלייגט אין אַ לאַגער אַרום דער שטאָט בולהאַק, האָט ענאַך געלאָזט וויסן, אַז ער האָט נישט קיין מורא. אויב מלחמה — זאָל זיין מלחמה. גאָט פון ישראל איז מיט זיי. און צו זיינע חיילות, וואָס זיינען געווען באַוואָפנט מיט שטעקנס און בלעכענע שווערדן, האָט ער געזאָגט:

האָט נישט קיין מורא. זאָל אײַער האַרץ נישט ווייך ווערן פאַר דעם שונא, וואָס איז כלומרשט שטאַרקער פון אײַך, און וואָס האָט קאַנאָנען אַרויסגעשטעלט אַנטקעגן אונזערע מחנות. וואָ-

דעם זייערע קאַנאָנען װעלן נישט שיסן מיט קױלן און פײַער. גאָט װעט פאַרװאַנדלען די קױלן אין װאַסער. אַז דער שונא װעט שיסן, װעט עס שיסן מיט װאַסער.

װען די לעצטע התראה האָט נישט געהאָלפן און די װײַסע חיילות האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט אויף דעם באַפעל פון זײער קאָמאַנדיר, איז פון דער שטאָט בולהאַק אַרויס. אַנטקעגן ענאַכס חיילות, באַװאָפנט מיט שטעקנס, בלעכענע שװערדן און אַלטע פאַרזשאַװערטע ביקסן אָן פולװער און קױלן. דאָס זײַנען נישט געװען די אַמאָליקע קאָפּירשע קריגערס און גיבורים באַפליגלט מיטן שטורעם־װינט. דאָס זײַנען געװען איזראַעליטן מיט אַ טונקעלן גלויבן. מיסטיקער. און דער ערשטער זאַלפּ פון די מאַשין־ביקסן האָט זײ אויסגעלײגט, װי די טרוקענע זאַנגען אין פעלד אין שניט־צײַט. מיט די קאַנאָנען האָט מען אַראָפּגעשאָסן די הײזער זײערע און צעשטערט די גאַסן. און נישט קײן װאַסער האָט געשאָסן פון ביקס און קאַנאָן — שראַפּנעלן האָבן זיך געריסן און פאַר־שפּרײט אַ העליש פײַער אַרום. אין אַ קלײנער װײַלע איז בול־האַק חרוב געװאָרן. די װ ײַ ס ע צ י ג ע ל ע ך האָט גאָרנישט גע־שאַט. אָבער דער מעכטיקער באַבון איז געבליבן מיט צעבראָכענע הענט און פיס.

שפּעטער איז נאָך געװען אַ משפּט איבער דעם גרויסן נביא און זײַנע משרתים. ער האָט דערצײלט זײַנע חלומות. גערעדט אין נאָמען פון גאָט פון ישראל. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. ענאַך און זײַנע צװײ מקורבים האָבן געקראָגן צו זעקס יאָר שװערע אַרבעט אין תּפיסה. זעקס און צװאַנציק פון די קלענערע לײַט — צו דרײַ יאָר תּפיסה. צװײ און זיבעציק — צו אַכצן חדשים. און אַכצן אַלטע לײַט און אַ ביסל יינגלעך און קריפּלס — צו צװעלף חדשים תּפיסה.

אָבער דער גרעסטער טײל, װאָס האָט זיך אין נאָמען פון גאָט פון ישראל געשטעלט אַנטקעגן — איז אַװעקגעשיקט געװאָרן אויפן עולם־האמת. דאָס איז געטאָן געװאָרן אין נאָמען פון גרויסן גאָט, דער גאָט פון ליבע, װאָס האָט אַלעמען אויף אײן אופן ליב.

אָט דאָס איז אין קורצן די טרויערדיקע געשיכטע פון די איזראַעליטן, וואָס איז פאַרלאָפן אין דער צייט פון מיין זיין אין דרום־אַפריקע.

## אומאָפּאָזאַ און אַראָמאַ.

אַז מען וואוינט פאַרוואָרפן ווייט פון פריינט און באַקאַנטע און דער פאַרלאַנג הייבט אָן צו זוכן אַרום, עמעצן צו געפינען, איז גוט אַמאָל, אַז אַ בוים אַ גרינער טוט זיך אַ נייג צו דיר אָדער אַ ווינט אַ פריינטלעכער רידט אָן די הויט פון דיין פּנים.

אַזוי איז געווען מיט מיר, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל איבערגעטראָטן דעם שוועל פון מיין איינזאַמען צימער, אין אַ נידעריקער, הילצערנער הויז, נישט ווייט פון ברייטן וועג, אין נאַטאַל, וואָס איז דרום־אַפריקע. עס איז שוין געווען פאַרנאַכט און די געגנט האָט זיך שנעל געוויקלט אין די לאַנגע פאַרנאַכטיקע שאָטנס. איך האָב נאָך קיין צייט נישט געהאַט זיך אַרומצוקוקן, אַפילו נישט באַמערקט די אַפּעלסינען־ביימער, אָנגעלאָדענע מיט צייטיקע אַפּעלסינען, וואָס האָבן זיך אָפּירגענייגט צו שטוב. דער ערשטער, מיט וועמען איך האָב זיך באמת באַקאַנט און צונויפגערעדט אָן צופיל ווערטער, איז אַ ריז אַ יונג, פון אַ יאָר צוואַנציק, אַ זולו. בלויז אין אַ פּאָר קורצע, ווייסע קינדערשע הויזלעך איז ער געגאַנגען און זיין גאַנצער אָפּגעדעקטער טייל קערפּער איז געווען אויסגעגאָסן, ווי פון סאָלידן באַקופּערטן טשוגון. דער פּנים ברייט, אַ פלאַטשיקע נאָז און צוויי שורות ווייסע ציינער מיט גלאַנציקע שוואַרצע אויגן. אַ פּרימיטיווע גוטסקייט האָט פון אים אַראָפּגעקוקט און איך האָב תּיכף צו אים באַקומען אַ צוטרוי. ער האָט באַדאַרפט זיין מיין באַדינער.

— סאַקאַבאָנאָ, באָס, — האָט ער געזאָגט. דאָס איז די געוויינלעכע קאַפירשע באַגריסונג, און געוואַרט, איך זאָל אים עפּעס באַפעלן צו טאָן.

— ווי רופט מען דיך? — האָב איך אים געפרעגט.

— אומאָפּאָזאָ, באָס, — האָט ער געענטפערט.

געוויינלעך, גיט דער ווייסער מענטש אַליין אַ נאָמען דעם קאַפיר, ווען ער פאַרשרייבט אים אין דער פּאָליציי, אָדער דאָרט, אין פּאָליציי־אַמט גיט מען אים שוין אַ גרינגערן נאָמען. און כּדי נישט צו ברעכן זיך דעם קאָפּ מיט נייע נעמען קלייבט מען שוין אויס איינעם פון די פּאָר סקאַרבאָווע נעמען, ווי דזשים אָדער דזשאַן. אויך ער האָט געהאַט דעם נאָמען דזשאַן, אָבער מיר איז פיל ליבער געווען זיין אמתער נאָמען:

אומאָפּאָזאַ.

זאָג איך צו אים:

— זעסט, אומאָפּאָזאַ, אָט דאָ וועל איך וואוינען און דאָס דיינען אַלע מיינע זאַכן, זאָלסט אויף זיי אַכטונג געבן.

— יאָ, באָס, — זאָגט ער, — איך וועל אָפּהיטן דיינע זאַכן.

זאָג איך צו אים ווידער:

— ווייסט, אומאָפּאָזאַ, אַז טיר און פענסטער וועל איך האַלטן אָפן, וועל קיינמאָל נישט פאַרשליסן און דו וועסט שוין אַכטונג געבן, אַז מיינע זאַכן זאָל קיינער נישט טשעפּען.

ענטפערט ער:

— יאָ, באָס, קיינער וועט נישט טשעפּען. איך נעם קיינמאָל נישט גאָרנישט ניט פון אַ באָס, נאָר די טיר זאָלסטו האַלטן פאַרמאַכט. די פענסטער, באָס, האַלט אָפן, אָבער די טיר זאָלסטו פאַרמאַכן.

פרעג איך אים:

— וועט מען דאָך אַריינקריכן צו מיר דורכן פענסטער?

ענטפערט ער:

— שלאַנגען, באָס, קריכן נישט דורכן פענסטער אין שטוב אַריין. שלאַנגען, באָס, קומען דורכן טיר אין שטוב אַריין. אַ סך שלאַנגען שוין געקומען דורכן טיר אין שטוב אַריין. אַ סך שלאַנגען געהרגעט אין שטוב. אַלע געקומען דורכן טיר.

דאָס, וואָס ער האָט מיר דערציילט פון שלאַנגען, וואָס קריכן אַריין דורכן טיר אין שטוב אַריין, איז מיר גאָרנישט געפעלן געווען. ווען ער איז אַרויס, האָב איך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן אין אַלע ווינקעלעך און אונטערן בעט, טאָמער האָט זיך ערגעץ־וואו טאַקע

אַ שלאַנג אויסבאַהאַלטן. און דאָס איז זייער אמת. מענטשן זוכן תמיד אויף עמעצן אַ חשד צו געפינען. געוויינלעך זוכט מען דעם חשד אויפן ברודער-מענטש. אָבער דאָרט, וואו זיין שונא ווערט אַ שלאַנג, אַ סקאָרפּיאָן אַ טויזנט-פיסיקער, אָדער גאָר די טאַראַנטעלע, די ביייזסטע פון אַלע שפּינען, דאָרטן קוקט דער מענטש אויס פיל האַרציקער און בעסער. און אַז אומאָפּאָזאַ איז אַ ווײַלע שפּעטער אַריינגעקומען און געבראַכט אַ בונט ווילדע בלומען און דערצו נאָך אַ ליכט מיט שוועבעלעך און אַ ברייטן שמייכל אַ ווייסציינערדיקן — האָב איך זיך גלייך דערשפּירט צו אים זייער נאָענט. דאָס האָט מיך באַרויִקט, כאָטש די נאַכט האָט זיך שוין כמעט אינגאַנצן אַראָפּגעלאָזט איבער דער אומבאַקאַנטער געגנט. און כאָטש אומאָפּאָזאַ האָט דער עיקר געדינט ביי די באַלעבאַטים פון הויז, יונגע שאָטלענדער. וואָס האָבן דערביי געהאַט אַ מין שענקל מיט געטראַנקען ביים ברייטן וועג, פונדעסטוועגן האָב איך אין זיינע אויגן געלייענט:

— באָס, דו געפעלסט מיר און פאַר דיר וועל איך טאָן אַלצדינג אין דער וועלט.

די ערשטע נאַכט האָט זיך געשלאָפן אומרויִק. דורך די אָפּענע פענסטער האָט זיך געריסן אַ געדיכטער זשומען און גרינצלען פון אַן אָנצאָל גרילן. עפּעס אַ פויגל האָט אויפן דאַך זיך געריסן אויפן האַלז מיט אַן אָפּגעריסענעם, מיסטעריעזן הייזעריקן קול. באַגינען, אַ שפּרונג אויף טאָג, האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צו מיין שטוב אַלטע, שלעפּעדיקע טריט און דאָס קערן פון אַ בעזים, באַגלייט פון אַן אָריענטאַלישן ניגון. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך אַריבערגעבויגן אין פענסטער און אַריינגעקוקט אין שטוב אַריין אַ קליינע, ברוינע, אַלטע, צעקניטשטע און בלאָטיקע פיגור פון אַן אַלטן, אָפּגעריסענעם, אין שמאַטעס איינגעוויקלטן אינדוס.

— גוט מאָרנינג, — האָט ער אַריינגעשריען.

— גוט מאָרנינג. און ווער ביסטו, וואָס דו לאָזט שוין אַזוי באַגינען ניט שלאָפן?

— איך בין אַראַמאַ, פון אינדיען, באָס. איך ראַם דאָ די מיסט, טראָג וואַסער און קען זייער גוט טאַנצן.

און טאַקע באַלד האָט ער זיך אַוועקגעלאָזן אַ טענצל מיטן בעזים אונטערן אָרעם. עפּעס האָט ער געמיינט אויסצוטאַנצן, עפּעס האָט ער געוויס געקענט אין די יונגע יאָרן, נאָר איצטער איז שוין זיין טאַנץ געווען אַזוי אומגעלומפּערט — און נאָך אַזוי באַגינען, אַ שפּראָנץ אויף טאָג! ער האָט צוגעזונגען און זיך איבערגעשטעלט פון פוס אויף פוס און די קנעכל האָבן געציטערט. ער האָט געטרייסלט מיט די טראַנטעס און די בלאָטיקע האַנט אַרויסגעשטרעקט פאַראויס נאָך דער מטבע.

מיט אַמאָל האָט זיך צעקייקלט אַ שטראָמיקער געלעכטער הינטערן פענסטער און אַראַמאַ האָט אויפגעהערט טאַנצן. דאָס איז געווען אומאָפּאָזאָס געלעכטער, וואָס האָט איבערגעריסן דעם אַלטנס טאַנץ. אַראַמאַ האָט זיך נאָך מער צונויפגעקנייטשט, ווען אומאָפּאָזאַ האָט זיך דערנענטערט. דער יונגער זולו האָט אים אָנגעקוקט מיט עקל און מיט זיין שוימיקן געלעכטער האָט ער דעם אַלטן אַראַמאַ פאַרטריבן פון הינטערן פענסטער.

— דו גיב אים גאָרנישט, — האָט אומאָפּאָזאַ געזאָגט, — ווייל ער קען נישט טאַנצן און ער ראַמט נאָר דאָס מיסט אַרום שטוב און פון די אומריינע ערטער. אַ זולו ראַמט נישט דאָס מיסט פון אומריינע ערטער — האָט ער מיט שטאָלץ געזאָגט — נאָר די אינדוסן ראַמען און זיינען בלאָטיק.

אין אַ געוויסער מאָס איז עס טאַקע געווען אמת. דער זולו איז אַ גרויסער מפונק אין פאַרגלייך מיט דעם אינדוס פון נידעריקן קלאַס, נאָר דער אַלטער אַראַמאַ איז שוין געווען מיט זיין בלאָטיקייט גאָר אַ גרויסער אויסנאַם. און אַז ער האָט זיך אָנגעהויבן אַרומדרייען אַרום די פענסטער, זוכנדיק אַ געלעגנהייט צום טאַנצן, האָב איך אים אַליין געגעבן דאָס, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט און מוחל געווען אים דעם טאַנץ. איך האָב עס נאָך אָפּגעטאָן ביי טאָג, כדי ער זאָל נישט ווערן מיין חלום פון באַגינען.

אין דער אייגענער צייט אָבער האָט זיך אומאָפּאָזאָס פריינטשאַפט צו מיר פאַרגרעסערט. פיל מאָל דורכן טאָג איז ער אַריינ-

געקומען אין שטוב, זיך אַרומגעקוקט, צי אַלצדינג איז אין אָרדענונג. האָט אויפגעפּאַכט, אַז בײַ מיר אויפן טיש און אויף די פענסטער זאָלן שטיין בלומען. האָט זיך אָפּגעגעבן מיט כּוונה, אַז די בלומען זאָלן זיך האַרמאָניש צונויפגיסן מיט זייערע קאָלירן. און מען מוז מודה זײַן, אַז ער האָט אַרויסגעוויזן אַ פֿײַנעם געשמאַק בײַ דעם. ער האָט געוואוסט, וואו אַמאָל איז גענוג איין בלימל, אַ פּאָר גראָזן, אַ צווייגעלע, אינאיינעם אַרײַנשטעלן אין אַ וואַזע אַרײַן און דאָס זאָל זײַן שיין. איך האָב מיך געוואונדערט, ווי ער האָט באַמערקט אַ סך פֿון מײַנע שוואַכקייטן און זיך געסטאַרעט מיך צופרידנשטעלן. ער איז אין דער שטיל גאַנץ אָפּט געקומען און דערציילט מיר בסוד פֿון אַלץ, וואָס ס'איז זיך פֿאַרלאָפֿן אַרום שטוב און בײַם באַלעבאָס, דעם שאָטלענדער. איינמאָל איז ער געקומען אַן אויפגערעגטער, אַזש שווייס האָט אים אַרויסגעזעצט אויפן שטערן פֿאַר גרויס אויפרעגונג:

— דער באָס האָט זיך אָנגעשיכּורט און האָט געשלאָגן זײַן ווײַב. יאָ, געשלאָגן זײַן ווײַב.

ער האָט זיך נישט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז אַזויגס זאָל טרעפֿן בײַם אומלונגו, בײַם ווײַסן מענטשן. איך האָב נישט געהאַט מיט וואָס צו לינדערן זײַן אויפרעגונג. איינמאָל איז ער געקומען און דערציילט אין דער שטיל, אַז דאָס ווײַב פֿון באָס האָט געשמיסן דעם אַלטן אַראָמאַ, פֿאַרוואָס ער האָט נישט געהאַט קיין כּוח צו טראָגן שווערע עמערס וואַסער.

אָבער זײַן צוגעבונדנקייט צו מיר איז אַריבער אַלע גרעניצן, ווען איך האָב אים איינמאָל געבראַכט פֿון שטאָט אַ קינדערשע מויל-האַרמאָניקע. איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן זײַן שמחה, זײַן פֿרייד. אין וואָס פֿאַר אַן עקסטאַז ער איז אַרײַנגעפֿאַלן, ווען ער האָט די האַרמאָניקע אַ פּרוּוו געטאָן און אַרויסגעלאָזט די ערשטע פּאָר האַרמאָנישע קלאַנגען! ער האָט זיך צעטאַנצט און צעבריקעוועט, ווי אַ יונגער, ווילדער פֿערד. געשפּילט און געטאַנצט און מיטן נאָז נאָך צוגעזונגען; געטאַנצט אַזש די ערד האָט אונטער אים געציטערט.

ער, פון זײן זײט, האָט זיך אויך געוואָלט אויספּײַנען. געזען
אַז איך האָב נישט קײן לײטישן שטעקן און אַז איך מאַטער מיך
אויסצושניצן אַ שטעקן פון אַ יונגן אַפּעלסינען־בוימל, איז ער
אַוועק צו גוטע ברידער און האָט פאַר מיר געבראַכט אַן אמתן
קאַפיר־שטעקן, גראָב ווי אַ וואַלגער־האָלץ און וואָס האָט מיר ביז
צו די אַקסלען דערגרייכט. ער האָט אַכטונג געגעבן, אַז איך זאָל
אים מיטנעמען, ווען איך לאָז מיך אין ערגעץ אַוועק שפּאַצירן. האָט
מיך געלערנט, ווי אַזוי אַ שלאַנג צו דערהרגענען מיטן שטעקן,
טאָמער באַגעגן איך זיך מיט איר.

איך ווייס נישט, ווי ווייט די גוט־פריינטשאַפט און די איבער־
געבנקייט זיינע וואָלט גרייכן, ווען ניט עטלעכע קליניקייטן, וואָס
ער האָט באַמערקט אין מיין אויפפירונג, וואָס אים איז עס געווען
נישט פאַרשטענדלעך.

גאָר צום ערשטן האָט ער באַמערקט, אַז איך האָב געכאַפּט
אַ גרויסע פראָש און געבראַכט אין שטוב אַריין. דאָס איז אים
נישט געפעלן געווען. עפּעס האָט ער געזען, אַז איך גיב מיר אָפּ
מיט דער טאַראַנטעלע, און אַז איך קלייב מיר כאַפּן די גרויסע,
בלוי־קעפּיקע יאַשטשערקע, וואָס האַלט זיך אויף אַקעגן די פענס־
טער אויפן מאַנגאָ־בוים. ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי
איך גיב מיך אָפּ מיט אַזעלכע העסלעכע זאַכן. זיין גרעסטע ערשטוי־
נונג איז געווען, ווען איינמאָל, אַריינקומענדיק אין שטוב אַריין, האָט
ער באַמערקט, אַז ביי מיר איבערן טיש הענגט אַ צווייג צוגעבונדן
מיט אַ שטריקל צום פּאָלאָפּ און אויפן צווייג קריכט אַרום פּאַוואָ־
ליע אַ גרויסער, גרינער קאַמעליאָן — אָט דער קאַלטער קאַמעליאָן,
וואָס בייט זיינע קאָלירן און כאַפּט פליגן מיט זיין לאַנגער צונג.

— מיר האָבן פיינט קאַמעליאָנען — האָט ער מיט עקל גע־
רעדט. — אַז מיר כאַפּן אַ קאַמעליאָן, שפּייען מיר אים אָן אין
מויל און וואַרפן אַוועק.

און זינט דער קאַמעליאָן איז אָנגעקומען אין שטוב אַריין,
האָב איך באַמערקט, אַז אומאָפּאָזאַ האָט זיך אָנגעהויבן צו דער־
ווייטערן פון שטוב. אַז ער איז אַריינגעקומען אויפראַמען, האָט ער
זיך ווייניקער, ווי זיין שטייגער אויפגעהאַלטן. ער האָט זיך נישט

באַמיט צו מאַכן אין ישטוב אַזוי ריין, ווי ער האָט פריער ליב געהאַט צו טאָן. און אפשר האָט נאָך געדינט פאַר אַ סיבה דאָס, וואָס איך האָב אויפגעהערט אַזוי אָפט צו באַנוצן זיין מתנה, דעם שטעקן — און אפשר האָט דערצו גורם געווען מיין גוטע באַציִונג צום אַלטן אַראָמאַ, און דאָס, וואָס דער באַלעבאָס, דער שאָטלענדער, האָט אַליין אָפטער אָנגעהויבן צו שיכורן און שלאָגן זיין ווייב און זי, נישט האָבנדיק צו וועמען אויסצולאָזן איר ביטער האַרץ, האָט אומאָפּאָזאַ פון איר דעם חלק געכאַפּט.

פונדעסטוועגן, אַז איך האָב אים מודיע געווען, אַז איך קלייב זיך שוין פון דאַנען, איז ער זייער אומעטיק געוואָרן. טראָפּנס שוויס, ווי אַרבעסן גרויסע, האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף זיין שטערן. ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן און ער האָט נישט געקאָנט. ביים געזעגענען זיך האָב איך אים צווישן אַנדערע זאַכן געגעבן אַ מתנה זיין אייגענעם שטעקן, נאָר איך האָב אים אָפּגעפאַרבט אויף רויט. ער איז אַזוי געווען איבערראַשט פון קאָליר, אַז אים איז גאָרנישט איינגעפאַלן זיך צו באַליידיקן, וואָס איך קער אים אום זיין אייגענע מתנה. איך האָב נאָך חשק געהאַט פאַרן אַוועקגיין פון דעם אָרט צו זען דעם אַלטן אַראָמאַ און בעטן, ער זאָל פאַר מיר נאָך צום לעצטן מאָל טאַנצן, ווי ער האָט עס געטאָן דעם ערשטן באַגינען מיט אַ חדשים פיר צוריק. אָבער אַראָמאַ איז שוין נישט געווען. ער איז איינמאָל ביינאַכט אַנטלאָפן, לאָזנדיק זיינע קאַרגע שכירות, נאָך דעם, ווי מען האָט אים שטאַרק אָנגעבראָכן די אַלטע ביינער ביי זיינע באַלעבאַטים. וואו ער איז אַהינגעקומען איז שווער געווען צו וויסן.

אָבער אומאָפּאָזאַ האָט מיר פאַרטרויט, ווען ער האָט מיך אַרויסבאַגלייט אויפן וועג אַרויס.

— באָס, איך גיי אַוועק פון דאַנען צוריק קיין זולולאַנד. שווער צו זיין ביים אומלונגו. אַמאָל טרעפט אַ גוטער מענטש און אַמאָל טרעפט, אַז נישט. בעסער גיין קיין זולולאַנד. דאָרט אין מיין היים.

לאַנג, לאַנג האָט ער מיר נאָכגעקוקט, ווען מיר האָבן זיך צעשיידט.

# טעג און נעכט.

נאָך קיינמאָל האָט דער טאָג נישט געהאַט איבער מיר אַזאַ עזותדיק-ליכטיקע ממשלה, ווי אין דרום-אַפריקע, אין די אַליין-מיט-זיך-געלעבטע חדשים פון מיין לעבן אין נאַטאַל. און נאָך קיינמאָל איז די נאַכט פאַר מיר נישט געווען אַזאַ אומרויִקער סוד, ווי יענע נאַכט, וואָס האָבן מיט אַזוי פיל פאַרבאָרגענער און אײַנגעוויקלטער חוצפה פאַרנומען די ממשלה פון מיינע טעג.

דער בין-השמשות האָט זיך אָפּגעטאָן פון דער דאָזיקער געגנט. טאָג און נאַכט באַגריסן זיך נישט פון ווייטן. פלוצלונג און אומגעריכט איינער פאַרן אַנדערן טרעפן זיי זיך אויפן שאַרף פון אַ שווערד ביים שוועל פון פינסטערן אָפּגרונט. די נאַכט שטייסט דעם טאָג צום אָפּגרונט אַראָפּ און פאַרנעמט זיין פּלאַץ.

נישט איינמאָל האָב איך זיך פאַרקליבן אויפן שפּיץ פון די שלאַנקע, בויגיקע אָבער קרעפטיקע באַמבוק-ביימער, כדי זיך שטאַרקער צו זעטיקן מיט דעם, וואָס דער טאָג האָט פאַר מיר אַנטפּלעקט. און נישט איינמאָל האָב איך פאַרשטעלט דעם וועג פאַרן שלאָף, ער זאָל מיר נישט אין אַפריקע נעכט מיינע געדאַנקען פאַרשלייערן.

דער ברייטער, בלאַסער, שטויביקער וועג, וואָס נישט ווייט פון מיין הויז, איז אין פאַרלויף פון טאָג געווען מיינער. מיין פריינטלעכער וועג. איז אָנגעקומען די נאַכט, האָט זי מיר פאַרפרעמדט מיין פריינטלעכן וועג. מיט איר שוואַרצן כישוף אַליין זיך אויף אים אַראָפּגעלאָזן. ביי טאָג האָבן זיך די בערג אַרום געקייקלט צו מיין שוועל, האָבן זיך געדוידעט אין ליכט פון האַלבן טאָג. און אויך די שאַרלעך-רויטע פויגל-בלומען אויף די קאַפיר-ביימער. און די פאַראַזיטישע מימאָזע, וואָס וויקלט זיך מיט אירע טרוקענע מוסקלען אַרום שכן-בוים און דערשטיקט דעם שכן אַליין בליענדיק — און די רויטע אייביסקאָס-בלום, וואָס וואַרעמט מיט איר גליענדיקן קאָליר די לופט אַרום, און די העל-פּורפּורנע-בויגנוויליע, וואָס גיסט איר בלומען-שטראָם אַראָפּ פון די פּלויטן ביים וועג — און אויך

די ווילדע טיגער-ליליע, וואָס שטעקט איר קאָפּ אַרויס פון צווישן ווילדע קוסטעס אַפיר, אָדער די גראָבע, פעטע שלאַנגען-ליליע, וואָס באַהאַלט זיך אַהינטער די קוסטעס — עס האָט דער טאָג יעדן איינציקן פון זיי דערנענטערט צו מיר.

אַפילו די דריי שווערע, געדיכטע מאַנגאָ-ביימער, געדיכט און שווער, ווי מיט יאָרן זאַטע לינדנביימער, נאָר מיט פעטע אָוואַל-בלעטער, וואָס שפרייטן שאָטנס אַנטקעגן מיין שטוב — איך ווייס, אַז צווישן די בלעטער אינעווייניק, אין דער געדיכטעניש הענגען פלעדערמייז מיטן קאָפּ אַראָפּ און קאַמיליאָנען פאַרמאַסקירן זיך צווישן די גרינע בלעטער. איך ווייס פון זיי אַלעמען. איך ווייס אַפילו, וואו עס וואוינט די גיפטיקע גרינע שלאַנג און איך האָב נישט קיין מורא צו שטיין ביים שוועל פון איר נאָרע. דער טאָג וועט מיך באַשיצן און אפשר וועט גאָר דער טאָג שלום מאַכן צווישן אונז.

איך האָב דרך-ארץ קוקנדיק אויפן האָטענטאָטן-גאָט — אָט די קליינע מימיקריע, ווי אַ דין היישעריקל, וואָס האָט לאַנגע, לאַנגע פאָדערשטע פיס און קורצע הינטערשטע, אַ לאַנג-לאַנג העלזעלע מיט אַ דרייעקיק קעפעלע אויפן דינעם העלזעלע און מיט צוויי פינטעלעך-אייגעלעך אין די שפיצן פון קעפעלע, — וואָס קריכט אַרום צווישן די גראָזן, נאָר אַז מען וויל עס בייז טאָן, זעצט זיך עס אויפן האַרצן און טוט תפילה — אַזוי פיל דרך-ארץ האָב איך פאַר אים אין אַזאַ טאָג.

און די פאָפּאָ-ביימער, מאַן און פרוי, מיט די ברייטע אָרום-געשפיצטע בלעטער אויף גרין-גראָזיקע צווייגן, מיט דעם האָניק-זיסן ריח זייערן פון די בליעכץ, ווי טובעראָז-בלומען, און וואָס „זי" טראָגט אירע גרויסע פירות צום שטאַם צוגעוואָקסענע, געשמאַקע, פול מיט זאַפטן זיינען זיי, און דער „ער" מיט זיינע פירות, וואָס הענגען אויף בייטשן אַראָפּ אַרום שטאַם, נישט צום עסן און נישט צום הנאה האָבן — אויך בויגן זיך אונטער זייער משא ביי מיין טיר, שורות, שורות אַפעלסינען-ביימער און די אַפעלסינען גיסן אַרויס זייער ליכט פון צווישן די גרינע בלעטערדיקע צווייגן.

עס ברענגט אַרויס דער טאָג מחנות יאַשטשערקעס פון זייער באַהעלטעניש זיך צו שפּילן אַנטקעגן מיין טיר און פענסטער. און דער קאַמיליעבוים מיט די אַלבאַסטער־ווייסע בלומען, וואָס ווערן געל פאַרוועלקט, ווי נאָר אַ האַנט האָט זיך צו די אַלבאַסטער־בלעט־לעך צוגערירט — און די בייזע טאַראַנטעלאַ־שפּין, וואָס שטייט פאַר־גליווערט אויף מיין וואַנט שטיל, אויסגעשפּרייט אַלע אַכט לאַנגע האָריקע פיס אויף מיין וואַנט, פאַרטיפט אין אירע מחשבות — קיינעם, קיינעם בין איך אין אַזאַ טאָג נישט חושד. קיינעם נישט. קיינעם נישט.

וואָרעם, צי דען קען איך חושד זיין די קאַפּירס, מענער אָדער פרויען, וואָס גיין טאָג איין טאָג אויס פאַרביי מיטן וועג? זיי טוען דאָך קיין שלעכטס נישט קיינעם. דער מאַן, וואָס טראָגט אַ דריי, פיר שטעקנס מיט זיך, און די פרוי מיט אַ קינד אויף דער נאַקעטער פלייצע מיט אַ טוך אונטערגעבונדן, אָדער די האַלב־נאַקעטע מיידל מיט אירע מיידלשע חנען צום טאָג אַרויסגעפירטע — אָדער די ברוינע, איינגעטריקנטע אינדוסן, מענער מיט בלאָטי־קע ליילעכער אַרום די היפטן און ביז די קני אַרומגעוויקלט און אויסגעוויקלט ווי הויזן, און זי אין דער לאַנגער סאַארי, אַ שטיק צייג אָדער זייד געבלומט, אָדער גאָלדיק אויסגעשטריקט, וואָס וויקלט איין איר קאָפּ, ברוסט, און ביז צו די טריט פאַרוויקלט עס איר, מיט אירע נאָזרינגען, אוירינגען און פוסרינגען — זיי שפּרייזן מיט דראָבנע, שנעלע טריט פאַרביי מיין וועג, קייען אַ רויטן וואָרצל און שפּייען מיט אַ רויטקייט צום וועג אַרויס. — —

זאָל איך די אַלע חושד זיין אין אַזאַ טאָג?

מיינע פענסטער זיינען שטענדיק אָפן און פונקט ווי דער טאָג וועט גאָרנישט רויבן פון מיין נאַרישן פאַרמעגן, אַזוי וועט דאָך בוים, קאַפּיר, האָטענטאָטן־גאָט און הינדו מיין נאַרישן פאַרמעגן נישט אָנרירן, און מיך אַליין אויך לאָזן אַ זיכערן אויף גאָטס וועלט.

פאַרדאַן נאָך גאָר נישט וויט פון מיין שטוב סימנים פון אַ דזשאָנגל, אַ געדיכטעניש פון ביימער, נישט דורכצוקוקן און נישט דורכצוקריכן, וואו העלפאַנד, לייב אָדער לעמפּערט האָבן מיט עט־

לעכע צענדליק יאָר צוריק געוואוסט פון זיינע סודות און וואָס איצט האַלטן זיך דאָרטן אויף רויט-געפליגלטע פויגל און מאַלפּעס פון אַלע מינים. אָט האָב איך אין איין טאָג צוגעקוקט צו דער מחנה באַבונעס, וואָס איז פון וואַלד אַרויסגעקומען, געפירט פון עלטסטן און שטאַרקסטן, לאַנג-נאָזיקן באַבון צו פאַרזאָרגן זיך מיט חיונה אין דעם נאָענטן באַנאַנע-גאָרטן. און וואָס האָבן זיך די נאַראָנים דערשראָקן פאַר מיר נאָך איידער יעדערער פון זיי האָט צייט געהאַט פאַר זיך אָנצורייסן גענוג באַנאַנעס אויף איצטער און אויף שפּעטער? דערשראָקן זיך פאַר מיר, גענומען און אַנטלאָפן. עס האָט דער טאָג פון מיר יעדע בייזקייט אַרויסגעטריבן, און פון זיי אפשר אויך, און זיי נעמען און אַנטלויפן, שרעקן זיך פאַר מיר.

איך האָב נישט איינמאָל אויף יענעם שטעג דערקענט דעם סליאַד פון אַ ריזיקער דערשטיקער-שלאַנג, וואָס זי האָט נאָך זיך אין זאַמד איבערגעלאָזן. ווי ליב איז מיר געווען דאָס סקריפּען פון די באַמבוק-ביימער, ווען דער ווינט האָט זיי געוויגט און איינס אָן אַנדערן געריבן.

דער טאָג האָט אַלץ און אַלעמען באַלויכטן און מיך — מיט אַלץ און אַלעמען פאַרחברט.

וואָלט אָבער דער טאָג מיט דער נאַכט אַ ביסל מער זיך דערנענטערט און זיך באַגעגנט אויף אַ ברייטער גרעניץ, וואָלטן צווישן טאָג און נאַכט געקומען די קינדער פון טאָג-און-נאַכט זיך שפּילן מיט שאַרלעך-וואָלקנס און מיט אָוונט-געזאַנג — וואָלט דער פאַרנאַכט פריער געקומען צו קלאַפּן אין מיינע שויבן און שפּעטער באַמאָלן מיינע ווענט מיט אָראַנזש און פּורפּור. אפשר וואָלט איך דעמאָלט געשטאַנען אויף דער שוועל און געוואַרט אויף דער נאַכט, ווי אויף מיינער אַ שוועסטער אַ נאָענטער און ווייטער, אָדער ווי אויף מיין חלום, וואָס וויגט זיך צווישן טאָג און נאַכט. — טרעפן זיך אָבער טאָג און נאַכט אויפן שאַרף פון אַ שווערד און די נאַכט, זי שטויסט דעם טאָג אין פינסטערן אָפּגרונט אַראָפּ.

אַזאַ נאַכט איז זיך שווער צו פאַרטרויען. נישטאָ די טיר צו

אירע באַהעלטעניש. מיט איר גאַנצער שווערקייט און כּישוף דער־נענטערט זי זיך צו מיין הויז און שפּאַרט זיך אָן אַין מיינע ווענט— אַזש די ווענט זיי קרעכצן.

וואו וואוינען זיי אָט די אַלע גרילן אַ גאַנצן טאָג, וואָס קומען אַזוי אין דער נאַכט אַרויס און הייבן אָן אַזאַ זעגעדיקן גרילצן? איך האָב אַזאַ איינעם אַפילו אויסגעגראָבן בייטאָג פון דער ערד אַרויס, אַ גרויער און אַ שטומער איז ער געווען — האָט ער עס מיליאָנען מיליאַסן צו זיך, וואָס פאָלגן נאָך דעם רוף פון דער נאַכט? זייער גרילצן וויגט זיך אין דער לופטן און שטייגט אַרויס פון דער ערד, וויגט זיך, וויגט זיך אין לופטן און לאָזט זיך צוריק צו דער ערד אַראָפּ.

איינגעשלונגען זיינען געוואָרן אַלע בערג אַרום. און ווער ווייסט? אפשר האָט זיי די נאַכט מיט זיך מיטגעבראַכט צו מיינע פענסטער? דער בלאַסער, ברייטער וועג, מיין וועג, כאָטש איך זע אים נישט איצטער, פונדעסטוועגן שניידט ער זיך אַריין אין מיין דמיון אַריין מיט נאָך מער בלאַסקייט און טרוקנקייט. און וואָס טוט זיך איצטער אויפן וועג? געווים האָט זיך די ביינאַכטיקע שלאַנג אַרויסגעשלייכט פון איר נאָרע אַרויס און לאָזט זיך נאָכן סליאַד פון מויז, פראָש און פויגל.

זינגט עמעצער אויפן וועג מיט אַזאַ גבורה. מענערשער גבורה און אַזוי אויפן הויכן קול. אָבער אַזוי פיל אומרויִקייט און שרעק מישט זיך צונויף מיטן געזאַנג. איצטער האָט דער קאַפּיר אויך מורא צו גיין אַליין מיטן בלאַסן וועג. דאָס זינגט ער אַזוי אויפן הויכן קול, זיין אייגענעם פּחד איבערצושרייען און צו פאַר־טרייבן די רוחות און שדים, וואָס פויזען אים נאָך פוןביידע זייטן וועג. דער קאַפּיר קען שוין גוט די שדים, וואָס קומען אַרויס ביינאַכט צו טאַנצן מיט די שאָטנס פון דער נאַכט, און ער ווייסט שוין מיט וואָס פאַר אַ געזאַנג מען קען די שדים פאַרטרייבן.

איך וויים אַליין, אַז נישט קיין העלפאַנדן טראַמפּלען איצטער אַרום מיין שטוב. איך וויים, אַז דאָס איז בלויז די נאַכט, וואָס האָט זיך מיט אירע אָרעמס אַרומגעוויקלט אַרום די אַפּעלסינען־

ביימער און די אַפּעלסינען, ציטיקע און מיט זאַפטן פולע, פאַלן צו דער ערד.

אָבער דער בין־השמשות איז מיר נישט געקומען צו הילף, האָט מיך נישט גענומען ביים האַנט און נישט אַוועקגעפירט פאַמעלעך, טריט ביי טריט פון טאָג און זיין שוועל און איבערגעגעבן אין די אָרעמס פון דער נאַכט.

דעריבער האָט אַזוי פיל מאָל געטראָפן, אַז איך האָב מיך שפעט ביינאַכט אומגעקערט אַהיים און האָב נישט דערקענט מיין שטוב, די איין־און־איינציקע שטוב אויף אַזאַ ווייטן שטח. דעריבער האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דער קליינער האָטענטאָטן־גאָט, וואָס איך האָב בייטאָג געזען מיט פאַרלייגטע פיס אויפן האַרצן, זיצנדיק אויף אַ גראָז און פאַרטיפט אין זיין תפילה — אַז דאָס האָט ער זיך גאָר בייטאָג פאַרשטעלט פאַר אַ קליין קריכערל — איצטער גאָר איז ער אויסגעוואַקסן נאָך גרעסער פון מיר און האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף מיין שטול, דרייט דעם דרייעקיקן קאָפּ אויפן דינעם האַלדז און נישט קיין תפילה טוט ער מיט זיינע לאַנגע פיס פאַרלייגט אויפן האַרצן, נאָר ער וואַרט אויף מיר, און ער ווייסט שוין, וואָס צו טאָן מיט מיר. אומזיסט איז ער האָטענטאָטן־גאָט. אפשר האָבן די האָטענטאָטן געוואוסט פון זיין גבורה און כישוף.

איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדער באַלויכטונג, ווי אַ פּשוטע ליכט. און איך האָב דאָך געקענט אַמאָל אין דער היים מיט אַזאַ ליכט די פינסטערניש פאַרטרייבן פון שטוב אַרויס. די נאַכט האָט זיך אונטערגעגעבן אַ פּשוטער חלבנער ליכטל — און דאָ ווערט די שיין פון ליכט דערשטיקט. קיינמאָל אַזוינע שאָטנס נישט געזען אויף מיינע ווענט. אַפילו מיין אייגענער שאָטן איז אַ שטיק פון דער נאַכט, וואָס האָט אָנגענומען די קאָנטורן פון מיין געשטאַלט און וויגט זיך אויף מיינע ווענט.

און אַזאַ גערויש מאַכן די אַפּעלסינען פאַלנדיק פון די ביימער, און פאַרוואָס דווקא ביינאַכט פאַלן זיי אַזוי פון די ביימער?

אַפריקעס טעג און אַפריקעס נעכט — אויפן שאַרף פון אַ שווערד באַגעגענען זיי זיך און מיך און מיין גאַנצן מהות האָבן זיי אויפן שאַרף פון שווערד אַרויסגענומען.

# דער בושמאַן.

אָט די אַלע רעשטלעך פון פּרימיטיווע פעלקער און שבטים, וואָס שטאַרבן אויס און גייען אונטער אויף דעם דרומדיקן טייל פון דער וועלט, זיי וועקן אויף און לאָזן איבער אַזאַ טיפן טרויער אין האַרצן.

אויף מיין לעצטער רייזע אַרום דער וועלט איז מיר נישט איינמאָל אויסגעקומען זיך אָנצושלאָגן אויף זייערע וועגן, וואָס ווערן אַלץ קירצער און שמאָלער. ווי אַ ליכט גייען אויס די ליכטיקע פּאָלינעזער שבטים אויף די אינזלען פון שטילן דרום-אָקעאַן. פאַרשווינדן די מאַאָרים פון ניי-זעלאַנד. ווערן צו נישט די איינגע-בוירענע קינדער פון אַוסטראַליע — די פּאַפּואַנער. שוין פאַר-שוואונדן אינגאַנצן דער לעצטער פּרימיטיווער מענטש פון טאַסמאַניע און אויך דער בושמאַן פון דרום-אַפריקע האָט שוין באַלד דערגרייכט דעם ברעג, פון וואַנען ער וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן צוריק.

ווען דער ווייסער מענטש, דער האָלענדער בור, איז אָנגעקומען קיין דרום-אַפריקע מיט געניוע דריי הונדערט יאָר צוריק, דעמאָלט האָט נאָך דער בושמאַן ברייט און לאַנג דורכן לאַנד זיינע טריט פאַרצייכנט. דער בושמאַן, וואָס מאַכט דעם איינדרוק, אַז ער איז געווען דער לעצטער זיך אויפצוהויבן פון אויף-אַלע-פיר און אָנצו-לאָזן זיך אויף צוויי פיס שפּרייזן, ער האָט אין די אַלטע צייטן באַהערשט כמעט גאַנץ דרום-אַפריקע מיט זיינע גיסטיקע פיילן. אָבער איצטער, זעלטן, זעלטן ווען מען טרעפט אים — דעם קורצן, בריט-פּלייציקן, לאַנג-הענטיקן בושמאַן מיט זיין טאַבאַק-קאָלירענער הויט און ברוינלעכע אויגן. ערגעץ אין קאָלאָהאַרי-מדבר לעבט נאָך זייער נישטיקע צאָל און וועבט נאָך שוואַכע חלומות.

אין זייער אונטערגאַנג איז נישט שולדיק אַזוי פיל דער ווייסער מענטש. דעם בושמאַן אומצוברענגען האָט יעדער איינער פון אַפריקע זיך פאַרמאָסטן. אַפילו די האָטענטאָטן האָבן דעם בושמאַן באַטראַכט פאַר אַ חיה, וואָס מען באַדאַרף פאַרטיליקן. און אַז די שטאַרקערע שוואַרצע שבטים האָבן זיך פון צפון-זייט אַראָפּגעלאָזן,

האָבן זיי די בושמאַנען געריייניקט ווי מייז. בלויז די בושמאַן=
מיידלעך האָבן זיי איבערגעלאָזן און גענומען פאַר ווייבער און
דינסטן. אַזוי האָט זיך דאָס בלוט אין דער מיידלס אָדערן אַסימי=
לירט און עד=היום קוקט עס אַרויס פון נישט ריינעם האָטענ=
טאָט, קאַפיר אָדער מאַליי. אָבער נישט גאָר קליין איז דער חלק
פון בור אין דער פאַרניכטונג פון בושמאַן. דער בור האָט אים
געוואָלט לערנען דרך=ארץ און פאַרטרייבן איננאַנצן פון דער וועלט.

אָבער דווקא דער בושמאַן האָט נאָך זיך אַזוי פיל שפורן גע=
לאָזן איבער גאַנץ דרום=אַפריקע, וואָס דורות וועלן די שפורן נישט
אָפּמעקן. און ממש נישט צום באַגרייפן, וואו האָט דער בושמאַן
גענומען אַזאַ פיינעם געפיל צום צייכענען און מאָלן. אַ סך פעלזן
און אַריינגאַנגען צו היילן זיינען באַצירט מיט דעם בושמאַנס קונסט.
אין קייפּטאָנער מוזעאום זיינען אויסגעשטעלט פליטן גראַניט, וואָס
מען האָט פאָרזיכטיק אויסגעהאַקט פון די פעלזן, וואו די בושמאַנען
האָבן זיך אויפגעהאַלטן, און אויף די גראַניט=פליטן צייכענונגען און
געמאָלעכצן, וואָס קאָנען אָן ספק זיך פאַרגלייכן מיט די פיינע
מוסטערן פון צייכענונג פון די אַלטע עגיפּטער. דער אופן, ווי
אַזוי דאָס בילד איז פריער אויסגעהאַקט געוואָרן פון שטיין און
שפּעטער מיט דער ברוינער פאַרב אויסגעפילט, איז אויך דער אייגע=
נער. די יאַגד=בילדער זיינען פולקום, כמעט ווי ביי די אַלטע
עגיפּטער. צום מערסטן פיגורירט אויף די יאַגד=בילדער דער קרעפּ=
טיקער עלאַנד, אפשר דער פיינסטער פון די אַנטילאָפּן. די מאַיעס=
טעטישע קאָנטורן פון דעם עלאַנד מיט זיין קרעפטיקן קאַרק און
לאַנגן גוידער, מיט זיין קרעפטיקן געבוי און גראַציעזע פיס און
הערנער — דער עלאַנד איז מייסטערהאַפט געצייכנט. —

אָט איז אַ גאַנצע מחנה עלאַנדס, טראָגט זיך אין איין אויס=
געצויגענעה שורה, קוקט אַרויס איין קאָנטור פון אַהינטער אַ קאָנטור,
פיס פון אַהינטער פיס, קעפּ פון אַהינטער קעפּ — אַזוי גראַציעז
געצייכנט. און געוויס האָט מען דאָך מיט קיזל=שטיין אין גראַניט
געהאַקט. און דער ברוינער קאָליר ווייכט אַזוי אָפּ די צייכענונג.
אַזאַ ווייכע שאַטירונג. עס קומען הירשן און שטרויסן. עס קומען
גאָרל=חיות און בושמאַנען אַליין. אָבער קיין זאַך איז נישט מיט

אַזױפֿיל ליבע געצײכנט װי דער עלאַנד. בײם צײכענען אַ מענטשן, װײזט דער בושמאַן אַרױס פֿיל הומאָר און קײן שום אַכטונג פֿאַר דער ענלעכקײט. אַזױנע געמעלעכצן זײנען צעזײט און צעשפּרײט איבער גאַנץ דרום=אַפֿריקע.

פֿון זײנע לעגענדן און פֿאָלקס=מעשׂיות איז צו דערקענען, אַז דער בושמאַן איז נישט געװען קײן מענטשן=פֿרעסער. װײל װי די לעגענדע דערצײלט, איז דער האָז אַמאָל געװען אַ מענטש, נאָר די בײזע לבנה האָט אים מיט אײן קלאַפּ פֿאַרװאַנדלט אין אַ האָז. און ביז צום האָז איז נישט געװען אַזאַ זאַך װי טױט. דער מענטש איז געשטאָרבן און איז צוריק לעבעדיק געװאָרן. נאָר דער האָז=מענטש האָט דערפֿון נישט געװאָלט װיסן: אַז זײן מאַמע איז געשטאָרבן, האָט ער אָנגעהױבן װײנען אױפֿן הױכן קול און קלאָגן אָן אַ שיעור. זאָגט צו אים די לבנה: הער אױף צו װײנען, װײל דײן מאַמע איז נישט אַװעק אױף שטענדיק. זי װעט נאָך קומען צוריק. האָט דער מענטש נישט געװאָלט הערן און אַלץ נאָך געװײנט און געװײנט. האָט די לבנה נאָך אַמאָל אַ געשרײ געטאָן: הער אױף צו װײנען! אָבער דער מענטש האָט אַלץ געװײנט. האָט די לבנה אים געגעבן אַ קלאַפּ איבערן פּנים און פֿון אים איז געװאָרן אַ האָזן=פּנים. און מענטשן זײנען שױן מער נישט געקומען צוריק פֿון יענער װעלט. קומען שױן מער קײנמאָל נישט פֿון יענער װעלט און דעריבער טאָר דער בושמאַן נישט עסן די מאָגערע פֿלײש פֿון האָז, װײל דאָס איז מענטשן=פֿלײש. מענטשן=פֿלײש טאָר דער בושמאַן נישט עסן.

פֿון דעם בין איך זיך משער, אַז זײ זײנען נישט קײן קאַניבאַלן. און דאָס איז אַ הױכע מדרגה, װאָס קוקט אַרױס פֿון זײן סאַמע פּרימיטיװן לעבן. זײנע חושים זײנען געװען, װי בײ אַ חיה אַנטװיקלט, און פֿונדעסטװעגן טאָר ער נישט עסן די פֿלײש פֿון האָז, װאָס בײ אים איז עס געגליכנט צו מענטשן=פֿלײש.

אַז דער בושמאַן איז געלעגן לעבן זײן הײל און זיך צוגעהערט, צי עס דערנענטערט זיך עפּעס אַ זאַך צום פֿאַנגען, האָט נישט נאָר זײן אױער פֿאַרנומען, נאָר מיטן נאָז האָט ער דערשמעקט. זײן גאַנץ לײב האָט געשפּירט די דערנענטערונג. אַז אַ הירש האָט זיך

דערנענטערט, האָט ער דערשפּירט אַ טרוקענעם גערויש אין זיינע פיס — דעם אייגענעם גערויש, וואָס דער הירש באַשאַפט לויפנדיק דורך די קוסטעס. עס האָבן אים ווי געטאָן די ווינקלען קאָפּ, ווען ער האָט ביים הירש די הערנער אָפּגעהאַקט. ער פילט דעם הירשס אָנקומען דורך דעם, וואָס אויף זיין פּלייצע שפּירט ער אַ וואַרעמען שטראָם בלוט, וואָס עס גיסט זיך פון הירש בשעת ער טראָגט אים אַ געהרגעטן אויפן פּלייצע. אין דעם בויג פון זיין קני שפּירט ער דעם בלוט־שטראָם, וואָס גיסט זיך פון הירש, אַז ער טראָגט אים אַ טויטן. ער שפּירט די דערנענטערונג פון שטרויס, ווייל אים הייבט אָן צו בייסן אין פּלייצע, גלייך ווי אַ שטרויסן־לויז וואָלט אים געביסן. ער האָט די ליפּס געשמעקט, פּונקט ווי יעדע ווילדע חיה טוט עס, זוכנדיק די שפּורן פון שונא אין ווינט. און דאָך האָט ער אַזוי באַגריפן אויף אונזער אופן די שיינקייט פון ליניע און פאָרם.

וויפל שיינקייט ליגט אין דעם גלויבן, אַז די זון איז אַמאָל, גאָר אַמאָל געלעגן אויף דר'ערד און דעריבער איז געווען קאַלט אויף דר'ערד. פינסטער אויף דר'ערד, נאָר קליינע קינדער האָבן זיך צו־נויפגעקליבן און האָבן די זון אַרויפגעשליידערט אין דער הויך צום הימל און געמאַכט, אַז זי זאָל שיינען איבער דער גאַנצער ערד. געמאַכט, אַז זי זאָל וואַרעמען אַ גאַנצן טאָג. קליינע קינדער האָבן באַשאַפן די ליכטיקייט אין אונזער לעבן. און די בושמאַנער זיינען דאָך געווען זייער גאַנץ לעבן קליינע, קליינע קינדער, כאָטש זיי האָבן פאַרשטאַנען, ווי אַזוי פיילן צו מאַכן און האָבן געוואוסט צו געפינען דעם געפערלעכסטן .סם די פייל־שפּיצן צו פאַרסמען.

איך בין אַמאָל געווען באַקאַנט מיט אַ קינד פון אַ יאָר פינף, וואָס האָט פון אַלע נאַטור־דערשיינונגען אַרום זיך נישט אַראָפּגע־לאָזט קיין אויג און האָט אויף אַלץ געפרעגט שאלות און אַליין גע־ענטפערט. ביים ברעג ים, אַז מיר זיינען געשטאַנען, האָט ער מיך געהאַלטן פאַרן מינדסטן פינגער פון מיין רעכטער האַנט און מיר אַלץ דערציילט פון די כוואַליעס. ער האָט דעם גאַנצן ים געזען אין געשטאַלט פון איין גרויסער מאַמע־כוואַליע און די קלענערע וועלן ביים ברעג זיינען אירע קינדערלעך.

— אַז די מאַמע־כוואַליע שלאָפֿט און וואָרפֿט זיך נישט, קומען די קליינע קינדערלעך אירע צום ברעג און שפּילן זיך מיט די שטיינדלעך און ים־שיסעלעך, אָבער אַז זי כאַפּט זיך אויף, ווערן זיי דערשראָקן און אַנטלויפֿן פֿון ברעג. די מאַמע־כוואַליע לאָזט אירע קינדערלעך נישט שפּילן זיך ביים ברעג.

דער הימל איז אין זיינע אויגן נישט געווען אַזוי ווייט פֿון אים. מיט אַ גרויסן לייטער וואָלט מען געקאָנט צום הימל דער־גרייכן. אַז ער וועט זיין אַ גרויסער און אַ שטאַרקער, וועט ער עס טאָן. און פֿאַרוואָס מען הענגט אויף די עלעקטרישע לאָמפּן אין גאַס אויף די דראָטן צווישן צוויי סלופּעס, אָדער אויף איין סלופּ, און נישט אויף אַ שטריקל צום הימל געבונדן. דאָס האָט ער אויך אויף זיין אופֿן פֿאַרשטאַנען. נישט חלילה, ווייל עס איז שווער צום הימל צו דערלאַנגען. נאָר פּשוט:

— אַז מען וועט וועלן אָנהענגען די לאָמפּן צום הימל אויף אַ שטריקל, וועט מען באַדאַרפֿן אַריינשלאָגן אַ טשוועקל אין הימל, און טאָמער וועט דאָס טשוועקל אַמאָל אַרויספֿאַלן, וועט דאָך בלייבן אַ לאָך אין הימל און דורך דער לאָך קאָנען די קליינע, קליינע מלאָכימלעך אַרויספֿאַלן.

ער האָט מיט פֿייגעלעך גערעדט, ווי מיט זיין גלייכן. ער האָט זיי עפּעס געפֿרעגט און אַליין פֿאַר זייערטוועגן געענטפֿערט און זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז די פֿייגעלעך ענטפֿערן אים. און דאָס איז ווייט נישט קיין אויסנאַם. אַז מען הערט זיך אונטער צו די אינטימע שמועסן פֿון קינדער צווישן זיך, ווען זיי באַטראַכטן די וועלט, פֿילאָסאָפֿירן און פֿאַנטאַזירן, זעט מען פֿאַר זיך דעם באַגינען פֿון מענטשנס געדאַנק. דער סאַמע אָנהייב פֿון געדאַנקען — געוועבט פֿון פּרימיטיוון מענטשן.

דאָס איז מיר געקומען אויפֿן געדאַנק דורכקלייבנדיק זיך דורך די מעשיות און באַטראַכטונגען פֿון דעם בּושמאַן אין דרום־אַפֿריקע, וואָס האָט דעם באַגינען און אָוונט פֿון זיין לעבן אינאיינעם געוועבט. ווי נאָענט זיינען ביים בושמאַן הימל און ערד! און ווי קליין־גרויס זיינען די גרויסע דערשיינונגען אין דער הויך איבער זיין קאָפּ. אין די אַלטע צייטן האָבן קינדער ביי זיי אַלץ אויפֿגעטאָן.

אַפילו די זון האָבן קינדער אויפן הימל אַרויפגעוואָרפן, און די שטערן האָבן אויך קינדער פאַרשליידערט אין הימל אַריין. פשוט: די קינדער האָבן געשאָטן צום הימל גליענדיקע אַש פון פאַרברענטע קוסטעס און די פונקען זיינען אויף אייביק געבליבן הענגען אין הימל.

די זון איז אַ גוטע. זי טריקנט זייערע רייז. זי טריקנט די ערד. מאַכט, אַז וואָרעם זאָל זיין, אָבער די נאַכט איז אַ מיסטעריע, און די לבנה וואַרפט אויף זיי אָן אַ פחד.

דער בושמאַן באַטראַכט די לבנה פאַר זיין שונא. מען טאָר נישט טאָן קיין איין קוק אויף דער לבנה, אַז מען גייט אַרויס אויף יאַגד. וואָרעם דעמאָלט, אַז מען וועט פאַלן, וועט דער לייב אָדער לעמפּערט אַרויסקומען און דעם פאַר־וואונדעטן הירש פאַר זיך צונעמען. די לבנה גיסט פון זיך אַזאַ דינעם, קאַלטן וואַסער און, אַז מען קוקט אויף דער לבנה איידער מען גייט אויף יאַגד, דעמאָלט קומט דאָס קילע וואַסער פון דער לבנה און קילט אָפּ די גיפט, וואָס אויפן שפּיץ פייל. דער הירש, אַ פאַרוואונדעטער, וועט אַוועקגיין מיט דער פייל אין לייב און דער גיפט וועט נישט קענען טויטן דעם הירש. דער הירש וועט אויך אַזוי פאַמעלעך גיין, גיין, פונקט ווי די לבנה גייט פאַמעלעך אַרום אין דער הויך. ביים בושמאַן איז דער בליץ נישט מער, ווי אַ פייער־דיקער רעגן און מען טאָר נישט קוקן אין דעם רעגן אַריין, ווען ער ברענט מיט פייער. און דער דונער: — דאָס שלאָגן זיך ערגעץ קינדער מיט דונערן. איין קינד דונערט צום אַנדערן. איין קינד דונערט צום אַנדערן.

אָבער דאָך איז דער בושמאַן געוואַקסן אין דעם לאַנד פון דעם מלך פון די חיות. דער לייב, כאָטש ער האָט זיך מיט אים נישט איינמאָל באַגעגנט ביז דער ווייסער מענטש האָט אים אַ ביסל צו צפון־זייט פאַרטריבן, דער לייב איז ביים בושמאַן לעגענדאַריש. אַ סך מעשיות האָט ער צו דערציילן פון לייב. און דער עיקר, וואָס אין בושמאַנס פאַנטאַזיע איז דער לייב אַמאָל געווען אַ מענטש און גע־רעדט מיט אַ מענטשישער שפּראַך. ווען דער אַמאָל איז גע־ווען — ווייסט קיינער נישט, אפשר נעכטן און אפשר אייערנעכטן.

אַזוי גלויבט דער בושמאַן: איז דער שטרויס אַמאָל אויך

געווען אַ מענטש. און אַ סך אַנדערע פייגל האָבן געקאָנט רעדן. און אפשר קאָנען זיי נאָך עד־היום רעדן. אין דער לעגענדע ווערט דער שטרויס הויך אָוועקגעשטעלט. דער שטרויס האָט זיך מיטן לייב געקאָנט פאַרמעסטן אין גבורה:

— אַמאָל, גאָר אַמאָל האָט אַ גרויס געשלעג אויסגעבראָכן צווישן לייב און שטרויס און דער לייב האָט דעם שטרויס נישט ביי־געקומען, בלויז אַ פינגער האָט ער דעם שטרויס אָפּגעבראָכן און דער שטרויס איז עד־היום געבליבן מיט איין פינגער און איין לאַנגן נאָגל. און די מלחמה צווישן לייב און שטרויס האָט אויסגעבראָכן צוליב די זי־לייבן. די זי־לייבן האָבן זיך פאַרליבט אין דער זיסער שטימע פון שטרויס און האָבן פון זייערע מענער, די לייבן, חוזק געמאַכט: —

— איר האָט נישט אַזוינע קלינגענדיקע שטימען, ווי די שטרויסן, ווייל זיי זינגען פון זייערע לונגען אַרויס און איר זינגט מיטן האַלז און אייער שטימע קלינגט, פּונקט ווי איר וואָלט זיך אַריינגעשטעקט דעם ווידל אין מויל אַריין. אַזוי האָבן פון זייערע מענער די לייבעכעס געחוזקט. און דאָס האָט שטאַרק פאַרדראָסן די לייבן־ערן. זיי האָבן אָפּגערעדט אַרויסצוגיין אויף אַ מלחמה מיט די שטרויסן, זיי צערייסן און אויפעסן זייערע לונגען, דעמאָלט וועלן זיי קריגן אַזוינע קלינגענדיקע שטימען, ווי די שטרויסן, און די לייבן זיען וועלן זיי ליב קריגן.

אָבער דער לייב האָט פון שטרויס קיין לונגען נישט באַקומען. זיין שטימע קלינגט נאָך אַלץ צום בושמאַן, גלייך ווי דער לייב וואָלט דעם עק אַריינגעשטעקט אין מויל אַריין. אפשר איז די גאַנצע לעגענדע אויסגעוואַקסן פון דעם, וואָס דער שטרויס האָט מער נישט ווי איין לאַנגן פינגער אויף יעדער פוס און ביים זייט פינגער אַ צייכן, ווי עס וואָלט אַמאָל דאָרט נאָך אַ פינגער געווען. פונדעסטוועגן עסט דער בושמאַן די לונגען פון שטרויס און גלויבט, אַז דורך דעם וועט ער קריגן אַ קלינגענדיקע שטימע. דער זיידע הייסט די קינדער, זיי זאָלן עסן די לונגען פון שטרויס רוי און שלינגען שטיקער, דעמאָלט וועלן זיי געוויס קריגן אַ שיינע שטימע. דעם שטרויס האָט דער בושמאַן מנצח געווען. אָבער דעם לייב — ניין. דער

לייב איז פֿולער פֿון זיין פֿאַנטאַזיע. דער לייב איז פֿאַר אים אַ שטיק אַפֿריקע. נישט שטענדיק קאָן מען זיך פֿון אים אויסבאַהאַלטן. אין דער פֿאַנטאַזיע פֿון בושמאַן האָט דער לייב געקענט ריידן. דער לייב וויל און ווייסט, וואָס ער וויל:

עס ווערט דערציילט, אַז איינמאָל האָט אַ יונגער בושמאַן זיך געלייגט אונטער אַ בוים שלאָפֿן און איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן. איז געקומען אַ לייב, האָט אים אַרומגעשמעקט און האָט געמיינט, אַז ער איז טויט. דער לייב האָט אים אָנגענומען מיט די ציין און שוין געוואָלט אַוועקטראָגן. אָבער דער לייב איז געווען זייער דאָרשטיק, האָט ער געטראַכט: איך וועל בעסער גיין פֿריער זיך גוט אָנטרינקען אין טייכל, וואָס הינטערן בערגל, און דערנאָך וועל איך אים אַוועקטראָגן און אויפֿעסן, וואָרעם דער טאָג איז זייער ברענענדיק הייס און אַז איך וועל נישט טרינקען, וועל איך אפֿשר קראַפּירן — אַזוי האָט געטראַכט דער לייב. האָט ער דעם יונגן בושמאַן אַנידערגעלייגט צוריק און אַליין אַוועק צום טייכל. האָט זיך דער לייב פֿלוצלונג אומגעקוקט און געזען, אַז דער מענטש האָט זיך אַ ריר געטאָן, האָט ער זיך צוריק צו אים אומגעקערט, געפּרוווט אים בייסן. אָבער דער מענטש האָט זיך נישט גערירט. נאָר טרערן האָבן גערונען פֿון זיינע אויגן. האָט דער לייב די טרערן אָפּגעלעקט און איז אַוועקגעגאַנגען טרינקען. אַז דער לייב איז שוין געווען אויף יענער זייט, הינטערן בערגל, האָט זיך דער יונגער בושמאַן אויפֿגעהויבן און איז אַנטלאָפֿן אין איין געלויף אין דאָרף אַריין. ער האָט דערציילט, וואָס מיט אים האָט געטראָפֿן און האָט באַפֿוילן, אַז מען זאָל אים איינוויקלען אין אַ סך האַרטע, גראָבע פֿעלן. האָט מען אים איינגעוויקלט, איינגעוויקלט אין אַ סך פֿעלן, כּדי דער לייב זאָל צו אים נישט קאָנען צוקומען. אָבער דער לייב האָט דערשמעקט, וואוהין דער יונגער בושמאַן איז אַנטלאָפֿן געוואָרן, און ער איז אָנגעקומען צום בושמאַן־דאָרף און געפֿאָדערט, אַז מען זאָל אים אָפּגעבן דעם יונגנמאַן, ביי וועמען ער האָט געלעקט די טרערן פֿון די אויגן.

האָט מען אָנגעהויבן צו שליידערן אין לייב גיפֿטיקע פֿיילן, אָבער די פֿיילן האָבן אים אויך נישט גענומען. מען האָט אים

געשטאָכן מיט האָסיגייס און די האָסיגייס האָבן אים אויך נישט גענו־מען. פרעגט מען דעם לייב:

— ווילסטו קינדער קליינע, וועלן מיר דיר געבן.

— ניין — ענטפערט דער לייב — איך וויל דעם יונגנמאַן, וועמעס טרערן איך האָב געלעקט!

— מיר וועלן דיר געבן יונגע מיידלעך.

— ניין, איך וויל דעם יונגנמאַן, וועמעס טרערן איך האָב געלעקט!

האָט מען דעם יונגנמאַן געמוזט אַוועקגעבן צום לייב. דער לייב האָט זיך אויף אים אַ וואָרף געטאָן און צעריסן. און דע־מאָלט, אַז דער לייב איז שוין געלעגן אויפן טויטן מענטשן, האָט מען ווידער אין אים אָנגעהויבן שליידערן גיפטיקע פיילן. די פיילן האָבן אים גענומען. דער לייב איז געפאַלן טויט אויפן טויטן יונגן בושמאַן. און פון דעמאָלט אָן איז דער לייב שוין שוואַכער גע־וואָרן. מען קאָן אים שוין בייקומען. אַזוי דערציילט קינדיש־נאַיִוו דער בושמאַן.

אַפילו דער פּחד פאַרן ווייסן מענטשן האָט זיך שוין אויך אין אַ לעגענדע אַריינגעפלאָכטן. און דער פּחד פאַר אים איז אפשר דער שטאַרקסטער. דער פּחד פאַר אים איז פאַרן בושמאַן אַ אייבי־קער. דער בושמאַן דערציילט, אַז אַמאָל איז געפלויגן אַ פויגל, וואָס איז געוועזן צו גאַסט ביים ווייסן מענטשן און האָט געטראָגן מעל אין אַ זעקעלע. דאָס האָט ער געקראָגן אַ מתּנה ביים ווייסן מענטשן. האָבן אים באַגעגנט די באַבון־מאַלפּעס און געהייסן אָפּגעבן דאָס זעקעלע מעל. דער פויגל האָט זיך מיט שטאָלץ אויסגעלאַכט פון די באַבונעס און דערצו זיי באַליידיקט, אַז זיי האָבן שטערנס, וואָס הענגען אַריבער די אויגן, ווי שטיינער. זיינען די באַבונעס בייז געוואָרן און געוואָלט צערייסן דעם פויגל. און די קליינע באַבון־קינדער האָבן זיך געפרייט, ווי אַזוי זיי וועלן זיך שפּילן מיטן קאָפּ פון פויגל. אָבער פּלוצלונג האָט דער פויגל אַ געשריי געטאָן:

— אויב איר גייט נישט אַוועק, וועל איך אָנהויבן שרייען ביז דער ווייסער מענטש וועט דערהערן און ער וועט זיך אַ לאָז טאָן צו אייך!

אַפילו די באַוואונעס האָבן שוין באַגריפן דעם כּוח פון ווייסן מענטשן. און אַזוי איז דאָך עס. ווייל מער ווי טויט־שרעק האָט דער אייראָפּעער אין ערגעץ נישט געבראַכט פאַרן פּרימיטיוון מענטשן, וואָס לעבט זיין באַגינען מיט זיין אָוונט איבער אין אונזערע טעג.

אַז מען וואַנדערט אַרום איבער דרום־אַפריקע, וואו זיבן צי אַכט מיליאָן טונקל־הויטיקע מענטשן געפינען זיך — אַז איר זעט זיי אין די אַלטעגלעכע וועגן, אָדער ווען איר זעט זיי בשעת דאָס בלוט שטראָמט הייסער און מען וואַרפט זיך אין עקסטאַז־טאַנץ — דעמאָלט פאַלט גאָר נישט איין צו טראַכטן פון בושמאַן. דעמאָלט פעלט ער נישט. אָבער אַז מען שלאָגט זיך אָן אויף די אויסגעהאַקטע און געקאָלירטע עלאַנדס אין די פעלזן אויסגעהאַקטע, דעמאָלט כאַפּט אַרום דעם ווען אַ שטילער, טיפער טרויער, וואָס די בושמאַן־ראַסע פאַרשווינדט אַזוי פון דער ערד.

# אויצהאָרן.

מען האָט מיר פיל דערציילט פון דער 'שטאָט אויצהאָרן, וואָס ליגט אין אַ בערגיקער געגנט אין קאַפּלאַנד. מען האָט מיר דערציילט, אַז יידן זיינען דאָרט געקליבענע, געזונטע און גאָטספאָרכטיקע. דער אמתער שבת, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט קיין דרום־אַפריקע, האָט אויך אַוועקגעבלאָנדזשעט אַזש קיין אויצהאָרן. צו יענע יידן, וואָס גיבן זיך אָפּ אין די וואָכעדיקע טעג מיט שטרויסן און שטרויס־פעדערן. דאָרטן, אין אויצהאָרן, איז דער גרעסטער שטרויסן־צענטער פון דרום־אַפריקע, וואו מען האָדעוועט די שענסטע שטרויסן און וואַנען די שענסטע פעדערן קומען.

עטלעכע פריינטלעכע בריוו האָבן צו מיר דערגרייכט. מען האָט מיך געבעטן, איך זאָל אַהין פאָרן. דער וועג אַהין פון קייפּטאָון דויערט ביי אַ מעת־לעת צייט מיט דער באַן און דאָס איז איינע פון די שענסטע רייזעס, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט אין דרום־אַפריקע.

דרום=אַפריקעס ווילדע און טרוקענע נאַטור האָט זיך דאָ אין דער געגנט פאַרצערטלט. די בלויקייט, וואָס וויקלט אַיין די שורות בערג פון אַלע זייטן, איז די אייגענע, וואָס אין פוגלם פליגל אונטער אַפריקעס הימלען. כאָטש די היץ איז אַ געדיכטע און אַ שווערע, פונדעסטוועגן ליגט אויסגעשפּרייט אַ קילקייט אויף די בערג=קאַנטורן. אין די טאָלן גרינען גוט=באַאַרבעטע און קולטיווירטע פעלדער. ציען זיך באַרג=אַרויף ווײַן=גערטנער און די ברוינקייט פון די בלעטער טראָגט אין זיך דעם קאָליר פון ווײַן. עס באַווייזן זיך פויערשע הייזער, גוט=געבויטע, די פליגל פון ווינט=פּאָמפּעס דרייען זיך, פּאָמפּען וואַסער פון דער טרוקענער ערד אַרויס. ביים זון=פאַרגאַנג האָבן זיך צעשפּילט די פאַרבן אין מערב=זייט. אַ סימן פון בין=השמשות. אַזאַ זעלטנהייט. און כאָטש נאָר אַ קליינע ווײַלע האָט דער פּורפּור און אָראַנזש געשפּילט בײַ די ברעגעס פון מערב=זייט, פונדעסטוועגן האָט עס געמאַכט אַפריקעס רחבות פיל ברייטער און די בערג אַרום האָבן זיך געוואָרפן אַנטקעגן דעם פאַרנאַכטיקן ליכט. נישט ווילנדיק האָט זיך געטראַכט אָן אויפהער פון אונזערע יידן=וואַנדערער, האַלבע אַוואַנטוריסטן, וואָס קיין זאַך איז פאַר זיי נישט שווער און ווי אין חלום קומט פאָר זייער וואַנדערן.

וואָרעם וויפל מאָל איך האָב נישט פאַרפירט אַ שמועס מיט אַ יידן, וואָס איך האָב געטראָפן ערגעץ אין עק וועלט, געוואָלט בײַ אים אויסגעפינען די סיבות פון זײַן וואַנדערן, האָט דער שמועס ווייט נישט פאַרפירט. דער ייד איז נישט ביכולת מיט זײַן השגה אַרומצוכאַפּן די גרייס פון כדור=האָרץ, וואָס ער האַלט כסדר אין טרעטן אויף אים זײַנע וועגן און שטעגן. אַ ייד, אַבי ער האָט זיך שוין אַריבערגעכאַפּט אויף דער אַנדערער זייט ים, ווי ברייט דער ים זאָל נישט זײַן און וויפל טעג אָדער וואָכן זײַן רייזע זאָל נישט געדויערן — אַלץ איינס:

אַ ייד געדענקט פון וואַנען ער איז געקומען. די אַלטע היים שטייט פאַר די אויגן. און ווען ביידע ברעגעס שטעלן זיך אַוועק פאַרן בליק — איז שוין נישט ווייט פון איין ברעג צום אַנדערן.

דער געדאַנק דערנענטערט זיי און אַלע געאָגראַפישע ווייטקייטן זייגען אַ שפּאַן און נישט מער.

עס איז געווען אַרום נאָך האַלבן טאָג אויף מאָרגן, ווען אין דער געגנט האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן מחנות שטרויסן אויף אַרומגעצאַמטע פעלדער. די שוואַרצע ערן מיט די ווייסע בינט פעדערן פון אונטער די שוואַרצע פליגל און מיט דעם ווייסן בינטל פעדערן אַרום עק האָבן זיך געהוידעט אויף די לאַנגע פיס אַנטלויפנדיק אין איין מחנה מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווען אונזער צוג איז פאַרבייגעלאָפן. אַזאַ הילפלאָזיקייט ליגט אין זייער אַנטלויפן. און ווער ווייסט, ווי ווייט זיי וואָלטן געלאָפן, ווען נישט דער דראָטענער צאַם פון פעלד, אין וועלכן די גאַנצע מחנה יאָגט זיך אַריין און שלאָגט זיך אָפּ. און ערשט דעמאָלט, ווען ס'איז שוין נישט פאַרהאַן וואוהין צו לויפן מער, ציט מען אויס די העלזער און מען גלאָצט אין דער וועלט אַריין, פון וואַנען דאָס אומגליק קומט. וואָס מער מען האָט זיך דערנענטערט קיין אויצהאָרן, אַלץ געדיכטער איז געוואָרן די שטרויסן-וועלט. אין די צענדליקער טויזנטער האָבן זיי זיך געצויגן.

צום וואָקזאַל, וואָס ליגט אַ שטיק הינטערן שטאָט, איז אַרויסגעקומען אַ יידישער עולם און די שלום-עליכמס זיינען געווען וואַרעמע און ברייטע. די זון האָט געברענט און געבלענדט, אָבער אין דער הויך פון דריי טויזנט פוס איז די היץ גרינג צו פאַרטראָגן. אַ וואונדער געווען צו קוקן אויף דעם געזונטן און געקליבענעם עולם יידן, איינער אין איינער. גלייך און שטאַרק מיט סימנים פון גבורה.

ווי דער שטייגער, האָט זיך דער שמועס אָנגעהויבן אויף אַ צעבראָכענעם ענגליש מיט אַ בורישן אַקצענט. אַזוי הייבט זיך דאָ אָן צו פאַרבינדן אַ שמועס, ווען יידן באַגעגענען זיך. פּאַסט נישט גלייך אָנצוהויבן רעדן יידיש. קאָוונער יידיש. בלויז איינער, אין די מיטעלע יאָרן, וואָס איז געזעסן מיט מיר אין אַוטאָמאָביל, ווען מען איז געפאָרן פון באַן, ער אַליין האָט גלייך פון אָנהייב אָנגעהויבן צו רעדן יידיש צו מיר. די שפּראַך און די אויסשפּראַך דיין, מיט אַ צומיש פון העברעישע ווערטער. אָבער דאָס איז נישט

געווען קיין ייד. אַ פּולבּלוטיקער קריסט, דער שטאָט־מעיאָר פֿון דער יידישסטער פֿון אַלע שטעטלעך. ער איז אַרויסגעפֿאָרן באַגעגענען דעם יידישן שרייבער און אָפּגעבן אים כּבֿוד. יאַנקעלע — אַזוי רופֿן אים די יידן. ער איז זייערער. בּיי זיי און מיט זיי אויסגעוואַקסן. זיי האָבן אים געהאָלפֿן צו ווערן דער מעיאָר פֿון אויצהאָרן. ער האָט שפּעטער ניט פֿאַרפֿעלט קיין איין לעקציע מיינע.

אָבער גאָר אַ באַזונדערן אײַנדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דאָס שטעטל אַליין. כּמעט יידיש אינגאַנצן. די לעגענדע פֿון זייער רייכקייט איז שוין פֿאַרבּיי. דער גרעסטער טייל אָפּגעקומענע גבֿירים. באַלעבאַטים מיט שיינע הייזער פֿון דרויסן און מיט אָרעמקייט אינעווייניק. ווייל די מלחמה האָט געמאַכט אַ סוף פֿון די שטרויס־פֿעדערן־גליקן, צעשטערנדיק דעם מאַרק אין צענטראַל־אייראָפּע. די שטרויסן, וואָס האָבן געבראַכט עשירות, פֿאַרדינען איצטער ניט אויף זייער עסן. פֿונדעסטוועגן האַנדלט מען נאָך און מען וואַנדלט. אַז עס קומט אָן דער טאָג, שיטן זיך אַלע יידן אַרויס אויף דער הויפּט־גאַס, די בּירזשע, און מען טומלט זין נאָך. פֿאַראַנען נאָך אַ פּאָר לייט, וואָס האַלטן אָן דאָס שטריקל מיט אויסלאַנד, און עס שמעקט אַ ביסל מיט ווינט צייטנווייז. אַרום אַזוינע יידן דרייען זיך אַרום די, וואָס האָבן שוין נישט קיין אייגענע שטרויסן צו פּליקן פֿון זיי די פֿעדערן. זיי גייען שוין אַרום אין דער געגנט און קויפֿן אויף פֿעדערן פֿון די, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין כּוח צו געזעגענען זיך אויף אייביק מיט די געליבטע פֿייגלען. אַז מען באַטראַכט נאָך איצטער די פֿעלדער אַרום אויצהאָרן און די הונדערטער און טויזנטער שטרויסן, וואָס ווערן נאָך געהאַלטן אויף אָפּגעצאַמטע קלעווער־פֿעלדער, באַמערקט מען, מיט וויפֿל מי און טירחה, דורך אַ שורה פֿון יאָרן, יידן האָבן דאָ סיסטעמאַטיש אַנטוויקלט אַ געגנט. כּמעט אויפֿגעבויט אַ שטאָט אין דער בערגיקער געגנט און אַנטוויקלט דעם וועלט־צענטער פֿאַר שטרויס־פֿעדערן.

איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך נענטער מיט אויצהאָרנער קהילה און באַמערקט, אַז אַהין האָט געצויגן זייער אַ געקליבענער עולם. צווישן זיי תּלמודיסטן און אינטעליגענטן פֿון דער הײם. פֿאַראַן בּיי זיי אַ אמת־אָרטאָדאָקסישע שול מיט אַ רבֿ

פון אַלטן שניט. עס איז געווען כמעט די איינציקע שטאָט אין דרום-אַפריקע, וואָס דעם גאַסט און יידישן שרייבער האָבן זיך באַמיט מקרב-צו-זיין אַפילו דער עלטערער קלאַס יידן. צוביסלעכווייז איז פאַרשוואונדן געוואָרן דער בורישער ענגליש און די היימישע שפּראַך האָט געלעבט אַרום מיר. זיי זיינען ביי מיר פיל חשובער געווען יעדעס מאָל, ווען די אויגן זיינען געפאַלן אויף דער שורה בערג, וואָס קייטלען זיך כמעט פון אַלע זייטן אויצהאָרן. די לויטערקייט פון די טעג איז דאָ גאָר אָן אַ סוף. די גרויסע נעכט אַזוינע אויסגעשטערנטע און קילע. אַפריקעס חן האָט זיך דאָ אויף דער געגנט מיט אַ פולער האַנט אויסגעגאָסן, און עס וואָלט געווען אַ גרויסער שאָד, אויב די צייט וועט צווינגען די פּאָר טויזנט נפשות אונזערע צו זוכן זייער מזל ערגעץ-וואו אַנדערש.

יענע שיינע געגנט איז דורך יידן אויפגעריכט געוואָרן. גוט ווען זי האַלט אויף לאַנגע יאָרן יידן אין אירע רחבותדיקע אָרעמס.

## שטרויסן.

שעהנווייז בין איך געשטאַנען אונטער דער ברענענדיקער זון און נישט געקאָנט אָפּרייסן מיינע אויגן פון די שטרויסן, וואָס פּאַשען זיך גאַנצע מחנות אַרום אויצהאָרן. זייער ווילדקייט איז אַ פולבלוטיקע, און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס געטרייע הענט האָבן זיי אפשר שוין דאָ אויסגעהאָדעוועט, אָבער דער מדברדיקער שוואונג ליגט אין זייערע טריט און אין דעם גלייכן, אויסגעצויגענעם האַלז און אין דעם שטענדיק צעשראָקענעם בליק. ער און זי צעשיידן זיך זייער שטאַרק, נישט אין זייער גרייס און וואוקס. נאָר אין דעם קאָליר:

ער איז בלוילעך-שוואַרץ און זי — גרוילעך-ברוין. פון זיין קאָליר קוקט אַרויס גלאַנץ און שפּיגל, פון איר ברוינקייט קוקט אַ בלאָטיקייט אַרויס.

דעריבער מאַכט ער מער איינדרוק, ווען זיינע צייטיקע פאַנטאַזיע-פעדערן הענגען אַרויס אין צוויי אַלבאַסטער-ווייסע בינט פון

אונטער די שוואַרצע פליגלען, און דער ווייסער בונט פעדערן אויף זיין עק. שוואַרץ און ווייס, — וואָס פאַר אַ שטאַרקער און לעבעדיקער קאָנטראַסט! און ער שפירט זיין רייכקייט. מיט גאווה טראָגט ער זיך אַרום פעלד און פאָכעט מיט די פליגלען, לופטערט זיינע ווייסע, צאַרטע פעדערן. איר ברוינער קאָליר בויט שוין נישט אויס אַזאַ שאַרפן קאָנטראַסט, און דערצו זיינען אירע ווייסע פעדערן שוין נישט אַזוי קלאָר ווייס ווי זיינע. אין אירע פעדערן כאַפּט זיך אַריין אַ גרויקייט.

אָבער אויף יעדן טריט און שריט איז צו דערקענען די הילפלאָזיקייט פון שטרויס. שוין אין זיינע אויגן ליגט שרעק. הילפלאָז זעט אויס זיין שווער געבוי, וואָס הוידעט זיך אויף די צוויי לאַנגע, לאַנגע פיס. זיין איינציקע פאַרטיידיקונג אין דער צייט פון סכנה, אָדער אין דער צייט, ווען ער נעמט זיך אָן מיט כעס עמעצן צו באַפאַלן, דער איינציקער וואָפן איז דעמאָלט דער לאַנגער שאַרפער נאָגל אויף זיין איינציקן שטאַרק אַנטוויקלטן פינגער. מיט דעם נאָגל קאָן ער אַ פערד דעם בויך אויפרייסן און נישט איין מענטש האָט אַזאַ סוף געהאַט פון אַן אויפגערעגטן שטרויס. ווען ער יאָגט נאָך, איז דאמאָלסט בלויז איין מיטל פאַרהאַן. אויב מען קאָן נישט אַנטלויפן, איז דאָס בעסטע אַנידערצופאַלן אויף דער ערד און דער שטרויס מיט זיין אימפעט לויפט אַריבער, און נישט אַזוי פלינק קערעוועט ער זיך אויס צוריק ווידער נאָכצויאָגן. זיין פוס איז שטאַרק און דער שטויס איז מיט גרויס כוח, אָבער די אייגענע פוס קאָן מען צעשטערן און צעקרישלען, אויב מען דערלאַנגט אַפילו מיט אַ קליין שטיינדל שטאַרק אין איר אַ שליידער. קאָמיש, ווי עס איז גענוג אַ פויגל זאָל דורכפליען און אַ פאַטש טאָן מיט די פליגלען, אַז די גאַנצע מחנה פון עטלעכע הונדערט שטרויסן זאָלן נעמען לויפן אין אַ ווילדן שרעק מיט פאַרמאַכטע אויגן. גענוג איין שטרויס זאָל זיך דערשרעקן און כאַפּן לויפן, אַז אַלע זאָלן זיך אין געלויף טראָגן וואוהין די פיס, און נישט די אויגן וועלן פאַרטראָגן. און עס טרעפט, אַזוי לויפנדיק מיט פאַרמאַכטע אויגן לויפט מען און מען שלאָגט זיך אָן מיט אַמאָל אָן אַ פּלייט.

ווערט צו באַמערקן, אַז דאָ האָט מען דעם שטרויסן־מין גע־

בראַכט צו דער העכסטער מדרגה. פונקט ווי מען קלייבט אָפּ פאָרזיכטיק די בעסערע און שטאַרקערע אין די פערד־שטאַלן, ווען מען ברענגט־אויף גוטע דורות פון געיעג־פערד, אַזוי באַגייט מען זיך מיט די שטרויסן. ס'זיינען שוין פאַראַן צווישן זיי גרויסע פריצים, וואָס גייען אַרום אויף אַ באַזונדער שטיקל פעלד, מיט דעם בעסטן קלעווער, און פאַשען זיך און ברענגען פון זיך אַרויס בעסערע דורות. פון די בעסערע ווערן ווידער די בעסטע און געלונגענסטע אויסגעקליבן און אויף זייער גורל פאַלט ווידער אויס אויפצוברענגען שטרויסן מיט די פיינסטע פעדערן, און עס איז צו באַוואונדערן, צו וואָס פאַר אַ מדרגה מען האָט די שטרויסן דערהויבן, ווען מען פאַרגלייכט געוויסע שטרויסן פון אויצהאָרן, מיט די ווילדע שטרויסן, וואָס מען באַגעגנט אַמאָל אין די וויסטעניש, — גרעסער, העכער, קרעפטיקער און גאָר אַן אַנדער גלאַנץ איז אין די פעדערן. אויב איך מאַך נישט קיין טעות, ווערן פון זיי אָפּגעשניטן זייערע צייטיקע פעדערן אַרום יעדע אַכט חדשים. אַמאָל פלעגט מען ביי זיי די פעדערן אויספליקן, אָבער דאָס איז טאָפּלט פאַרווערט געוואָרן. ערשטנס, לאָזט עס נישט די געזעלשאַפט פון צער־בעלי־חיים, און צווייטנס, האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז דאָס שאַדט דעם פויגל, ווייל די פעדערן זיינען אין דער שענסטער מדרגה איידער זיי ווערן אינגאַנצן צייטיק. און אַז מען רייסט אַמאָל אויס אַ פעדער פונם פויגלס לייב אַרויס, בלוטיקט דער פלאַץ און די שטרויסן האָבן אויף אַזאַ אופן בלוט פאַרלאָרן און געוואָרן אָפּגעשוואַכט. איצטער שניידט מען אָפּ די פעדערן מיט אַ פּאָר חדשים פריער, און שפּעטער קומען שוין די וואָרצלען אַליין אַרויס, ווען זיי ווערן צייטיק, און מען ציט זיי גרינג, אָן בלוטפאַרגיסונג אַרויס.

אָבער צו נעמען די פעדערן ביים שטרויס, איז נישט אַזוי גרינג. מען באַדאַרף זיך היטן פאַר זיין שאַרפן און קרעפטיקן נאָגל, און דערצו האָט ער גענוג גבורה אין זיין ברוסט אויך. פאַרטרייבט מען זיי אין אַ ענגערן פלאַץ, מען פאַריאָגט דעם שטרויס אין אַ קלעם אַריין און מען טוט אים אָן אַ זעקל אויפן קאָפּ. און אַז די אויגן זיינען פאַרמאַכט, קאָן מען שוין מיט אים טאָן, וואָס מען וויל. אַז מען נעמט פון אים צו די פעדערן, לאָזט מען אים לויפן זיין

צאַרישן געלויף, אַן אָפּגעפליקטן און באַראַבעוועטן אָן זיינע פּע־דערן.

כאָטש זייער פיל אַפּאַטישעס דריקט אויס דער גאַנצער גוף פון שטרויס, ווען ער זיצט אויף דער ערד און רוט, אָבער ווילד, מיט אַ ווילדער ענערגיע לאָזט דער ער זיך אַוועק אין אַ ליבעס־ערקלערונג: ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני. דער בויג פון פוס ביים קני ברענגט די פיס אַרויס אויף פאָרנט. ער צעשפּרייט זיינע פליגלען און הייבט אָן צו הוידען זיין קאָפּ און לאַנגן האַלז רעכטס און לינקס, מיט אַזוי פיל דביקות, מיט אַ מדבּרדיקן עקסטאַז. דאַכט זיך, אַז באַלד וועט זיך זיין גאַנצער קערפּער צעוויגן און צעפאַלן ווערן אויף שטיקער. צייטנווייז גיט ער אַרויס אַזוינע שטומפּיקע קולות, ווען ער וויגט זיך אַזוי. עס דויערט אַמאָל עטלעכע מינוט דער עקסטאַז־אויסדרוק. אַ סך פון זיינע ווייבער הייבן זיך אָן צו דערווייטערן און אַנטלויפן פון זיין זייט. מיט איין שוואונג טוט ער זיך אַ שטעל אויף און לאָזט זיך אַוועק אויסצוקלייבן זיין געליבטע, וואָס צייטנווייז קומט זי אים אַליין אַנטקעגן. און ווי נאָר די ליבע־שאַפט איז אַריבער, לאָזט ער זיך לויפן אין אַ ווילד געלויף, פונקט ווי אַ שונא וואָלט אים באַפאַלן.

עס איז אָבער שיין צו זען, ווי ער און זי טיילן זיך ביידע מיט דער זאָרג אויפצוברענגען אַ נייעם דור.

אויף אַ ספּעציעל אָפּגעצאַמט שטיקל פעלד האָט זיך די פּאָר איר דעכעלע, און אונטערן דעכל — די נעסט, וואו זי לייגט די אייער. פופצן אייער און אַמאָל אַ פּאָר מער אייער ליגן אין נעסט. און כאַראַקטעריסטיש, וואָס דעם גאַנצן טאָג זיצט זי אויף די אייער און ער שפּאַצירט אום נישט ווייט, גיט אַכטונג, אַז קיינער זאָל זיך צום נעסט נישט דערנענטערן. און אָך און ווי איז צו דעם, וואָס וועט זיך לאָזן עפּעס בייז טאָן צו דער זי, וואָס וואַרעמט מיט איר שווערן גוף די אייער. אָבער ווי נאָר די זון פאַרגייט, רעמאָלט טרעט זי איר פּלאַץ אָפּ פאַר דעם ער, אַ גאַנצע נאַכט זיצט ער אין נעסט.

איך האָב געפרעגט דעם אַלטן בור, אין וועמעס פעלד איך האָב פאַרבראַכט, ער זאָל מיר דערקלערן, פאַרוואָס דער ער פאַר־

נעמט דעם פלאַץ פון דער זי אין נעסט, ווי נאָר די נאַכט באַדאַרף אָנקומען? דער פאַרמער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער ער פאַרמאָגט מער וואַרעמקייט אין זיין לייב, און, ווייל די נאַכט איז קילער פון טאָג, דעריבער בייט זיך, דער ער מיט דער זי און פאַרנעמט איר פלאַץ ביינאַכט.

עס איז אָבער נאַיִו אַזוי צו טראַכטן. גענוג צו זען, מיט וואָס פאַר אַ באַוואוסטזיין דער ער שפּרייזט אַרום דעם גאַנצן טאָג אַרום דעם פלאַץ, וואו די זי זיצט אויף די אייער, מיט וואָס פאַר אַ שטרענגע בליקן ער קוקט אויף רעכטס און לינקס און ווי ער הערט זיך אַיין צו יעדן שאָרך, וואָס קומט פון ערגעץ און די גרייטקייט זיינע צו גיין אין סכנה, אַבי די נעסט צו פאַרטיידיקן — גענוג דאָס אַליין צו באַטראַכטן, און מען קען זען, אַז ער פאַרנעמט די נעסט ביינאַכט, בלויז דערפאַר, וואָס ביינאַכט איז מער סכנה אַרום. אַלץ קאָן זיך ביינאַכט גיכער דערנענטערן און בייז טאָן, ביינאַכט — אַלערליי באַשעפענישן קומען אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און קאָנען בייז טאָן. דעמאָלט טרויט ער נישט די נעסט אָן דער זי. ער פאַרנעמט אַליין דעם פלאַץ, און זאָל עמעצר קומען זיך פאַרמעסטן מיט זיין גבורה.

עטוואָס אַריבער דרייסיק טעג בייטן זיך ער און זי, וואַרעמענדיק די אייער אין נעסט, ביז די קליינוואַרג פּיקן זיך אַרויס. אַלע געלבלעכע, ווי גרויסע נייגעבוירענע שוואַנען. אָבער אין אַ פיר-פינף וואָכן זעט מען שוין אַרויס אין דער גרויס, אַז דאָס וואַקסן שטרויסן. אין פאַרלויף פון דעם ערשטן יאָר האָבן ביידע, ער און זי, אַ גרוילעך-ברוינעם קאָליר. און דער האַלז איז נישט גרוי און באַדעקט מיט אַ פיינעם פוך, ווי ביי די אַלטע שטרויסן; דער לאַנגער האַלז פון יונגען איז געפלעקט ווי די פעל פון אַ לעמפּערט, מיט טונקעלע פלעקן, ווי אַ שלאַנגען-האַלז זעט עס אויס פון ווייטנס.

אַמאָל איז געווען מזל און ברכה, ווען עס איז געלונגען צו דערציען נייע דורות שטרויסן. אָבער איצטער האָט מען זיי אָנגעהויבן צו פאַרנאַכלעסיקן. איצטער לוינט כמעט נישט זיי צו האָדעווען און האַלטן פאַר זיי פעלדער מיט קלעווער. זייער גורל איז איצטער געפאַלן און עס טרעפט, אַז אַ פויער ווייסט שוין נישט,

וואָס צו טאָן מיט זיינע שטרויסן, הרגעט ער זיי און דאָס פלייש, וואָס איז האַרט און נישט צום עסן, ווערט געטריקנט און מען פאַרקויפט עס אָנשטאָט געטריקנטע הירשנפלייש.

עס איז מיר אָבער ליבער געווען צו באַגעגענען דאָ און דאָרטן אַ ווילדן שטרויס אין די מדבּרדיקע געגנטן, וואָס האָט זיך געטראָגן ווי אַ ווינט איבערן זאַמד, און די אַלבאַסטער-ווייסע פעדערן אונטער זיינע פליגלען — אפשר נאָך דער ווינט האָט געוואָרט אויף זיי.

# די קאָנגאָ-הייל.

עס האָט די ערד די גרעסטע אוצרות אין איר טיפעניש באַהאַלטן, און נאָך זיי יאָגט זיך דער מענטש. זיינע אוצרות. ער האָט אַ חלק אין זיי. ער האָט באַשטימט זייער ווערט, ער איז מפקיר זיין לעבן פאַר זיי און ער ברענגט זיי אַליין אַרויס אויף די מערק פון אונזער לעבן און האַנדלט מיט זיי. ווייסן מיר פון גאָלד, קופּער, שטאָל, זילבער. ווייסן מיר פון אַלערליי מעטאַלן און מינעראַלן. ווייסן מיר פון אַלע מינים איידלשטיינער, וואָס טיף, גאָר טיף באַדאַרף מען זיך אין דער ערד אַריינגראָבן, דורך גראַניט זיך דורכקלייבן, ביז מען הייבט אָן צו זעטיקן דעם קיינמאָל-ניט-אַיינגעשטילטן הונגער. ווייל דער עיקר איז אַלץ נאָך געבליבן אין דער טיפעניש באַגראָבן און מיט סודי-סודות פאַרחתמעט. נאָך מער זיינען פאַרן מענטשן פאַרבאָרגן די וועלט-גרויס-שיינע נאַטור-דערשיינונגען, וואָס באַהאַלטן זיך אויס אין די טיפסטע טיפענישן. ווי וואונדערלעך עס זיינען דאָך די וועגן, וואָס די אייביקע קוואַלן באַשאַפן אין זייער אייביקן שטרעבן אין די טיפסטע טיפענישן פון דער ערד.

אָבער עס טרעפט, אַז די נאַטור האָט זיך געוואָלט אַנטפּלעקן און ערגעץ-וואו אַ קליין טירעלע אויפגעעפנט, כדי אַ דרויסנדיקע אויג זאָל אין האַרצן אַריינבליקן און דאָס אייגענע האַרץ זאָל קלאַפּן שטאַרקער און בלוט זאָל שטאַרקער געטריבן און געבייטשט ווערן פון אומגעריכטע סודות.

אַזוינע מחשבות דערוועקן זיך, ווען מען קומט אַריין אין דער
עפענונג צו די קאַנגאָ-היילן, וואָס אין דער בערגיקער געגנט פון
קאַפּלאַנד, אַ מייל צוואַנציק פון אויצהאָרן.

ווער ווייסט, וויפל דורות די בושמאַנען האָבן זיך דאָ אויפ-
געהאַלטן און די הייל האָט זיי געדינט פאַר אַ שוץ פון אַלערליי
אָנפאַלן. זייערע געמעלעכצן אין דעם גראַניט ביים אַריינגאַנג אין
הייל אַריין זאָגן נישט אויס, ווען דאָס איז געווען. איצטער איז
זייער שפור דאָ דער איינציקער געבליבן אין געשטאַלט פון די
ברוינלעך-שוואַרצע פיגורן אין גראַניט, וואָס די צייט האָט זיי נאָך
נישט אַראָפגעוואַשן. די געגנט איז אויסבאַהיט פון מענטשנס הענט,
ווילד און שטיינערדיק. דערנערדיקע געוויקסן דערנערן זיך פון
דעם טרוקענעם באַרגיקן גרונט און מאַלפעס פון אַלערליי מינים
קאָן מען אין דער געגנט אָנטרעפן. געווים האָבן זיך אין די פריער-
דיקע צייטן דאָ אויפגעהאַלטן אַפריקעס גרעסטע און שטאַרקסטע
חיות. איצטער קאָן טרעפן אַמאָל, אַז דער דורכפאָרער אָדער דורכ-
גייער, ווען ער קומט אַהין, וואו דער וועג איז אין דער טיף גע-
שניטן צווישן צוויי העכערע, בערגיקע פאַסן, אַז פון אויבן זאָל אויף
אים אַ באַבון מיט אַ שטיין אַ שליידער טאָן. אונטן איז אַ וואַ-
סערל, און זיי קומען אַהער טרינקען. צוויי באַבון-מוטערס האָבן
מיר טאַקע איבערגעשלאָגן זייער טרינקען. איינע, מיט אַן עלטער
קינד אויפן רוקן, און די אַנדערע מיט גאָר אַ יונג קינד אונטערן
בויך אָנגעהאַנגען, האָבן ברוגז איבערגעריסן זייער טרינקען אין מיטן
און האָבן זיך אַרויפגעדראַפעט באַרג-אַרויף און געברומט, אַלע ווילדע
אומצופרידענע בליקן אונז נאָכגעוואָרפן.

ביי אַ צוואַנציק זיינען מיר געווען. מענער און פרויען. אַ יונ-
גער, קרעפטיקער בור מיט אַ קריסטוס-בערדל און מיט לאַכנדיקע
אויגן — ער האַלט זיך דאָ אויף און ער איז דער וועג-ווייזער דורך
די קאַנגאָ-היילן. מיט אָנגעצונדענע ליכט און בענגאַל-פייערן האָט
זיך דער עולם אַריינגעריסן אין דער שטילקייט אַריין מיט אַ גע-
פילדער און געלעכטער. מיט דער מונטערקייט, וואָס די ליכטיקע
געגנט, אַריבער דריי טויזנט פוס הייך, האָט געוועקט אין בלוט.
אָבער אַנטקעגן איז געקומען פון די היילן אַרויס די אייביקע שטיל-

קייט מיט איר פאַרבאָרגענעם צאַפּל און האָט אונזער נישט-נייטיקן געפּילדער איבערגעריסן. פון דער טיפעניש האָט צו אונז געצויגן אַ שטילקייט אָנגעלאָדן מיט פלאַטערדיקע סודות. די פלעמלעך פון די ליכט האָבן זיך געוויגט און געלעקט די פינסטערניש און אַלע מאָל דער פינסטערניש זיך אונטערגעגעבן. דער דרויסנדיקער גערויש האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין פון גאַנצן וועזן אַרויס און די אויגן זיינען שאַרפער געוואָרן און האָבן געגנישטערט אַרום פונאַנדערצורייסן די פינסטערניש. איך הונדערטער פוס הויך, ברייט און לאַנג איז די ערשטע פּאָדערשטע הייל. קרישטאָלענע זיילן שפּאַרן אונטער די ווענט און קרישטאָלענע זיילן הענגען פון אויבן אַראָפּ און דערגרייכן נישט צו דער ערד. אַזוי, דורות-לאַנג פאַרמירן זיי זיך פון דער פליסיקייט טראָפּן נאָך טראָפּן. און דורות שפּעטער, וועט מען די קרישטאָלענע זיילן טרעפן, ווי זיי הייבן זיך אויף פון פון דער ערד און דערגרייכן שוין ביז צום קרישטאָלענעם געוועלב אויבן.

און אַז מען צינדט אָן אַ בענגאַל-ליכט, רייסט עס אויף די פינסטערקייט און מוראדיק איז די רחבות אין דעם ערשטן פּאַלאַץ צווישן די אָנגעוואָרפענע קרישטאָל-אַרקעס, זיילן און קרישטאָל-פּאָרהאַנגען. די צייט פורעמט עס פאַר זיך. פורעמט און צעשטערט אין דער פינסטערניש, וואו קיין איין שטראַל פון דער זון קומט קיינמאָל נישט צו.

אָבער דער וועג הייבט זיך ערשט איצטער אָן. די שורה נייגעריקע פלעמלעך פון די ליכט טוקן זיך, און, דאַכט זיך, אָט באַלד וועט די שטילקייט און די פינסטערניש די פלאַמען דערשטיקן. ווייטער, ווייטער אין דער טיף פון באַרג ציט זיך דער קילער, פרעמדער און נאָענטער הויך. און וואָס-ווייטער מען גייט, אַלץ מער ווילט זיך פאַרגעסן, פון וואַנען מען איז געקומען. מען דערנענטערט זיך צום אייז-פּאַלאַץ. די הייל האָט זיך אויסגעברייט און אויפגעהויבן און אין דער שיין פון ליכט, און אפשר פון די אייגענע אויגן אַרויס שטראַלט שוין אַרויס דאָס ליכט אַליין פאַר זיך אָפּצודעקן. אין סאָלידע מאַסן ליגן גרודע אויף גרודע קרישטאָל ווי אייז-גליבעס. דער אַייז-פּאַלאַץ.

עס האָט דער פירער אונזערער אַזוי דעם פּאַלאַץ אָנגערופן. אַזוי האָט עס אים זיין פאַנטאַזיע אונטערגעזאָגט. פאַרליבט איז ער אין די קאָנגאָ-היילן. און ווי אַ פאַרליבטער רעדט ער פון יעדן ווינקל אונטער דער ערד. און פאַרוואָס זאָל איך אים נישט גלויבן? און פאַרוואָס זאָל איך נישט אָננעמען זיין צוגעקלערטן נאָמען? און מיר ווילט זיך גלויבן, אַז ערגעץ אין אַ ווינקל ליגט צונויפגעקנוילט און שלאָפט אַ ווייסער בער, און אפשר מער ווי איינער באַהאַלטן זיך דאָ אויס. דאָ אין צענטער איז אַ וואַסער פאַרהאַן. אַ שטיל, רויִק וואַסער און אַז מען צינדט אָן בענגאַל-ליכט, שפּיגלט זיך אין וואַסער-שפּיגל אָפּ דער קרישטאָלענער געוועלב אויבן. פון אים הענגען אַראָפּ קרישטאָלענע צעפּ, פּונקט ווי די גרויסע אייז-צעפּ, וואָס איך האָב ווינטער-צייט געזען אַרום דעם ניאַגאַראַ-וואַסער-פאַל.

דער וועג הייבט אָן צו ווערן שווערער. דער טונעל, וואָס פירט אין דער טיף, ווערט פון צייט איבערגעריסן און אָפּגעבראָכן. עס קומט אויס צו דראַפּען זיך שווער באַרג-אַרויף ערטערווייז, ביז מען קומט צו אַ שמאָלן דורכגאַנג, וואָס פירט אין נייע פּאַלאַצן. קרישטאָלענע פּאַלאַצן. און אַזוי קומט מען אָן צום ט ר אָ ן-צ י מ ע ר.

מען צינדט אָן בענגאַל-ליכט, און דאָס בילד איז אַזוי שיין, אַזוי שיין!

די שווערע פרענז, וואָס ציִען זיך און פאַלן אַראָפּ פון אויבן אין אַלע זייטן, און די טעראַסן-אַרטיקע קרישטאָל-פלאַכן, וואָס הייבן זיך פון אונטן און פלעכטן זיך אַריין אין די פרענז אַריין אויבן, די אַזוי-איידל-אויסגעצויגענע, דורכזיכטיקע פאָרהאַנגען, וואָס רייסן זיך ברייט און לאַנג — אַזוי פיל סימעטרי און האַרמאָניע קוקט פון דעם אויבן אַרויס! אין סאַמע צענטער הייבט זיך אויף פון דער ערד אַ קרישטאָלענער טראָן. אין פיר שטופן, פון אונטן ברייט און שמעלער אויבן, דערהויבט זיך דער ריזיקער טראָן. זיין קאָלטע און פראָסטיקע ווייסקייט רופט צו זיך:

— אַזוי פיל דורות טראָפּן נאָך טראָפּן האָט עס געטריפט און אויסגעטריפט און אויסגעפורעמט מיינע קאָנטורן. אויב דו ווילסט, בין איך אַ טראָן. איך קאָן אויך דיין טראָן זיין. קלייב זיך אַרויף

איך מיר, און אין דער פרעמדער־פאַר־דיר־שטילקייט קאָנסטו זיין הערשער אַפילו איבער דעם קלאַפּ פון דיין אייגן האַרץ.

שלעכט איז אָבער, וואָס די נאַטור אין די פאַר־אונז־פינסטערע היילן האָט זיך צופיל אַראָפּגעלאָזן צו אונזערע נישט־זיכערע קאַפּריזן: ביי די פאָרהאַנגען שוועבט פאַר איינעם אַרויס דאָס געשטאַלט פון אַ קיניגין. די אַנדערע דערקענען אַן אַפּאָסטאָל. אַ דריטער דערקענט דאָס פּנים פון משה רבינו. אַפילו אין דער פינסטערניש אַ פּאָר מייל וויט, וויט אונטערן באַרג, האָט די אומבאַקאַנטע און שווערע שטילקייט נישט אַרויסגעפּרעסט פון די נערוון אַרויס די געשפּענסטער פון דורות אַהינטער אונז. אין דער קרישטאָלענער אונטערערדישער וועלט קלינגט דער קול קלאָר און ענטפערט אים פון פאַרבאָרגענע ווינקלען אַ ווידער־קול. און אַז איינער שרייט אויס: אַפּאָסטאָל! ענטפערט דער ווידער־קול דאָס אייגענע. און וואָס דער מענטש זאָל דאָ נישט אויסרופן, ענטפערט דער ווידער־קול און איז מסכים מיטן מענטשן. דער טראָן־צימער געפעלט אַלעמען אַזוי שטאַרק. אַ טייל פון אונזער קאָמפּאַניע פילט זיך מיד, און באַשטימט מער נישט צו גיין, בלייבן מיט זייערע ליכט אין טראָן־צימער.

אָבער אונזער פירער דערציילט פון דעם וויטן און שווערן וועג, וואָס מען באַדאַרף נאָך דורכמאַכן ביז מען קומט צו זיין באַליבטן זאַל — צום חופּה־זאַל.

צום חופּה־זאַל. עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם. די שורה ליכטלעך וויגט זיך, וויגט זיך, בויגט זיך אויס און גלייכט זיך אויס, ווערט צעבראָכן און ציט זיך ווידער אין אַ פּראָצעסיע אויס. דער ברייטער וועג ווערט אָפּגעהאַקט און מען מוז אויפן בויך זיך לייגן און זיך אַדורכשאַרן דורך אַ ענגער, ענגער לאָך. עס ליידן די קני. שאַרפע קרישטאָל־צעפּלעך רייסן די קליידער. דערקלייבן זיך טיפער צום לייב. אויסגעשמירטע, אין שטויב און ליים, אָבער מען קלעטערט און מען דראַפּעט זיך אַלץ ווייטער. שוין געווים מער ווי אַ מייל וויט אַוועק. דאַכט מיר, אַז מען קען שוין אויסלעשן די ליכט. גענוג ליכט זיפּט זיך שוין פון וועגן אַרויס און עס וויגן זיך פאַרן אייגענעם ליכט אַלע ניואַנסן און פיינע קאָנטורן פון דער פינסטער־

ניש אַליין. די שטילקייט האָט אַ געשטאַלט אָנגענומען און יעדן איינעם באַגלייט זיין שטילקייט. און אַזוי דערקלייבט מען זיך צום חופּה=זאַל.

נישט גאָר גרויס איז די הייל. אָבער עס איז ווערט געווען אַהער זיך צו דערקלייבן און הערן, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט. אַלבאַסטער=ווייס איז דער זאַל, ווי פון איין פורעם אויסגעגאָסן געוואָרן. פאָרהאַנגען. פאָרהאַנגען. איינער אַהינטער דעם אַנדערן.- איינער פאָראויס דעם אַנדערן, ברייט און לאַנג, אַזוי דין געצויגן, אַזוי פיין דורכגעפלאָכטן. און אַזוי לייכט! וואו איז דער לאַסט פון דורות? נישטאָ. וואו זיינען די סימנים פון די הונדערטער טויזנטער יאָרן? אַזוי לייכט זיינען די סימנים, אַזוי גרינג רוען די דורות. וואָס איז אַ טוי=שטויבעלע? גאָרנישט. און טויענווייז, טויענווייז האָבן זיך געפאָרמירט די פאָרהאַנגען. און פון פייכטן אָטעם פאָרמירן זיך אויס די פאַר=אונז=אַזוי=מיט=וואונדער פולע הייל. קרישטאָלענע הייל.

— דער חופּה=זאַל!

און ווער מיט וועמען וועט דאָ אונטער דער חופּה שטיין? און ווער מיט וועמען וועט זיך דאָ פאַרקנסן? עס ברעכט הענט און פיס און די פייכטקייט קלייבט זיך אַריין אין וועזן אַריין. דאָס ווייסע לעבן, וואָס קוועלט אַרויס פון דער קאַלטקייט, וויל זיך דאָ מיט אונז פאַראייניקן און פאַרקנסן אויף אייביק.

און די שורה ליכט=פלעמלעך וויגט זיך, וויגט זיך און טוקט זיך און זוכט דעם וועג צוריק. עס איז שוין געווען פאַרנאַכט. ווען אָנגעלאָדענע מיט שטילקייט און אומבאַגרייפלעכע סודות האָבן מיר זיך צוריק אַריינגעוואָרפן אין דער רוישיקער ליכטיקייט פון אַפּריקעס פאַרבייגייענדיקן טאָג.

## מצורעים.

### I.

שוין אין די ביבלישע צייטן האָט מען דעם מצורע, דעם קרעציקן אַרויסגעטריבן פון דער מחנה. אין יענע אַלטע צייטן האָט

די דאָזיקע קראַנקהייט אַרויסגעוואָרפן אַ פּחד אויף די אַרומיקע געזונטע מענטשן, און אַזוי איז דאָס איבערגעבליבן ביז הייַנטיקן טאָג. כאָטש אין אונזערע צייטן, וואו קראַנקהייטן זייַנען שוין אויסגעפאָרשט געוואָרן און מען ווייסט גאַנץ גוט, וואָס פאַר אַ חולאת עס איז געפערלעך און אָנשטעקנדיק פאַר די אַרומיקע, און מען ווייסט גאַנץ גוט, אַז די מצורעים פאַרשפּרייטן געוויס נישט אַזאַ פּעסט אַרום זיך, ווי פיל אַנדערע קראַנקהייטן, וואָס וואוינען אַזוי פרידלעך אין אונזערע מחנות — פונדעסטוועגן איז דער שטעג, אויף וועלכן דער מצורע האָט געטראָטן, אַפילו אין אונזערע טעג אַזאַ שאָטנדיקער, אַזאַ מיסטעריעזער; מען האָט מורא צו לאָזן דעם מצורע צו פאַרצייכענען זייַנע טריט צווישן אונז אַפילו איצטער, אין דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

עס האָט די וועלט אינזלען פאַרוואָרפן, וואוהין די **געזונטע** און **ריין־היטיקע** האָבן דעם מצורע פאַרטריבן, דעם אינזל אַרומגעצאַמט, מיט קאָרדאָנען באַוואָפנטע אַרומגעשטעלט, און אַז אָך און ווי צום מצורע, וואָס וואַגט פון אַזאַ תפיסה צו אַנטלויפן. פאַרהאַנען אין אייראָפּע לענדער, וואו זיי גייען אום פראַנק און פריי. עס קומט אויס פון צייט צו צייט צו באַגעגענען מענטשן — מענער אָדער פרויען, וואָס טראָגן אויף זיך די סימנים פון יענער קראַנקהייט. אָבער אין אייראָפּע מישן זיי זיך גאַנץ אָפּט אויס מיט די, וואָס טראָגן בולט אויף זיך די קראַנקהייטן פון דער **ליבע**. יענע צוויי קראַנקהייטן ווערן שוין כמעט פאַרביטן פאַר דעם נישט שאַרפן בליק. מען טרעפט דאָ און דאָרטן איינעם, וואָס די אויגן זייַנען אים אויסגערונען, אָדער פינגער, וואָס האָבן טיילן פון זיך אָנגעוואָרן, אָדער נאָז, אָדער מויל אייַנגעפאַלן, אָדער שיכטן אויף שיכטן אין קנופּן קנוילט זיך די הויט אויפן פּנים. אַ מחשבה לויפט דורך אַ פאַרחידושלעכע און אומעסטעטישע און מען ווערט אויף אַ רגע ביי זיך אַראָפּגעפאַלן און מער נישט.

אָבער די צאָל מצורעים, זעט אויס, איז אַ פיל גרעסערע אין די לענדער, וואו די זון שייַנט העלער, וואו ביימער גרינען גרינער און בליען מיט דער גרעסטער ליידנשאַפט. אין יענע לענדער האַלט נאָך אַלץ דער מצורע אין פּחד־קלעם געזונטע מענטשן.

און דער ווייסער מענטש באַמיט זיך די מצורעים פון דער מחנה צו דערווייטערן. אויף דעם פּאַסיפישן אָקעאַן זיינען אינזלען אַזוינע פּאַראַדאַן, וואוהין מען האָט די מצורעים פאַרטריבן און דאָרטן לעבן זיי זיך זייער לעבן און שטאַרבן יעדער איינציקער אויף זיין אופן דעם שרעקלעכן טויט. עס איז גרויס דער חשק פון די מצורעים צו אַנטלויפן פון זייערע געפענגענישן, אָבער נישטאָ וואוהין צו אַנטלויפן. נאָר אין די אַמאָליקע צייטן האָט דער ווינט געקענט אַ קליין שיפל טראָגן איבער ימים, טראָגן און פאַרטראָגן צו אַן אומבאַקאַנטן און פריינדלעכן ברעג. און ווער ווייסט, אפשר אין די אַלטע צייטן, ווען מען פלעגט זיך נוהג זיין אין כינע דעם מצורע אַריינצוזעצן אין אַ קליין שיפל, געבן אים אַ ביסל שפּייז און וואַסער, אָבער קיין וועסלעס צום רודערן האָט מען אים נישט געגעבן, אפשר — אָט די, וואָס מען האָט פון כינע אין די אַלטע צייטן מיט די ווינטן אַוועקגעלאָזן — אפשר זיי האָבן זיך יאָ דערקליבן צו די אַלערליי אינזלען אויף דעם פּאַסיפישן אָקעאַן. אפשר האָבן אַפילו די קוק־אינזלען, אָדער טאַהיטי, מוריא, סאַמאָאַ, אָדער האַוויי־אינזלען — זיי האָבן אויפגענומען מצורעים־געסט פון יענע ווייטע מאָנגאָלישע לענדער און געגעבן זיי רו אונטער די צעבליטע ביימער. היינטיקע צייטן, אַז אַ מצורע אַנטלויפט, ריזיקירט ער מיט זיין לעבן. און גערן שיסט מען אים, יאָגנדיק ווי אַ קרעציקן הונט, ער זאָל שוין צוריק אפשר דעם וועג נישט געפינען.

איך ווייס אַליין נישט, פאַרוואָס מיר האָט געפעלט צו מיינע אַיינדרוקן אויף דער וועלט, צו קומען נענטער צו די מחנות פון די מצורעים, אַרומגעצאַמטע און פאַרטריבענע. איך האָב געהערט, אַז געוויסע קאָלאָניעס זייערע צייכענען זיך אויס מיט דער גרויסער אָרדענונג, וואָס עס הערשט דאָרטן. איך האָב געהערט פון גרויסע שטיקער לאַנד, וואָס מצורעים באַאַרבעטן אַליין און פון תבואות, וואָס געראָטן אין זייערע פעלדער און פון די שיינע פירות, וואָס עס קוועלן אויף זייערע, פון זייערע הענט געפלאַנצטע ביימער. מיר האָט זיך געוויס געוואָלט גלויבן, אַז אַ בוים, אַ פאַרפלאַנצטער פון אַ מצורע, זאָל אויך אַזוי פרוכטבאַר זיין און אַזוי טיף זיינע וואָרצלען אין דער ערד שיקן, ווי דער בוים, וואָס איז פון מיר, דעם

זוייסן און געזונטן מענטשן געפלאַנצט געוואָרן. עס האָט געצויגן צו זען, ווי אַזוי עס בליען די בלומען־בייטן, צונויפגעשאַרטע און אויסגעאַרבעטע מיט דעם כּוח און ווילן פון מצורעדאַנט, מיידל אָדער בחור. און אפשר זיינען גאָר די בלומען זייערע פאַרבנרייכער, בונטער און זאַפטיקער.

וואָרעם עס איז זיך שווער צו באַפרייען פון אַזאַ איינדרוק, אַז מען קוקט אויף די בילדער און לאַנדשאַפטן פון דעם גרויסן פראַנצויזישן מאָלער, פּאַאול גאָגען, וואָס האָט זיך פאַרקליבן קיין טאַהיטי אויף זיין גאַנצן לעבן, דאָרטן אַ מצורע געוואָרן, דאָרטן דערשפּירט אין זיין לעבן דעם שרעקלעכן קראַנקן גלי און דאָרטן אַזאַ גרויסע פאַרבן־האַרמאָניע געשאַפן. ווען זיינע פינגער זיינען שוין טיילווייז צונישט געוואָרן און אָפּגעפאַלן, ווען די אויגן־לעפּלעך האָבן שוין פאַרלאָרן זייער כּוח און געהאַנגען פריי, לאָזנדיק די אויגן שטענדיק, שטענדיק אָפן — אויך דעמאָלט איז די טיראַטאַהיטי, די טאַהיטיער בלום, נאָך בלאַסער ווי בלאַס געווען און אייביסקאָס האָט נאָך בלוטיקער פון גלוט געגליט. ניין, מען קען זיך פון דעם געפיל גישט באַפרייען און עס טראַכט זיך, נישט ווילנדיק, אַז דער רויט אויף גאָגענס לייוונט איז דער רויט פון טאַהיטיער בלומען, באַהויכטע מיט דער ליידנשאַפט און לעבנסלוסט, וואָס דער מצורע טראָגט אין זיינע בלוטן. אַזוי איז דאָס.

און ווייל מיר האָבן די מצורעים אַזוי שטאַרק דערווייטערט פון אונזער מחנה, דעריבער זיינען לעגענדעס באַשאַפן געוואָרן, וואָס דערווייטערן דעם מצורע פון אונז נאָך ווייטער און וויַיט.

אין קאַפּשטאַט, דערציילט די לעגענדע, האָט מען אין די אַלטע צייטן שטענדיק געקענט באַמערקן אויפן מאַרק אין אַ מאַרקטאָג, איינעם, זיצענדיק אויף דער ערד, אינגאַנצן, אַפילו דער קאָפּ און פּנים איינגעוויקלט אין זיין זאַמד־קאָלירענעם לאַנגן מלבוש און האָט געשפּילט אויף אַ פלייט זיין טרויעריקן ניגון. קיינעם איז נישט איינגעפאַלן אָפּצודעקן זיין פּנים און פרעגן ווער ער איז. אין אַנדערע טעג פון יאָר האָט זיך זיין שפּילן אויף דער פלייט געטראָגן פון דעם וואונדערלעכן טיש־באַרג, וואָס ביים ראַנד פון לאַנד. זיין שפּילן האָט זיך געטראָגן מיטן ווינט אין טאָל אַריין און

אַפֿילו די, וואָס זיינען אָנגעקומען צום לאַנד, צי מיט דעם אינדישן, צי מיט דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, און האָבן זיך דערנענטערט צו קאַפּשטאַט, האָבן זיי אָפֿט געקענט פֿאַרנעמען אַזאַ טרויעריקע און אַזאַ שיינע מעלאָדיע, וואָס איז מיט בענקשאַפֿט פֿול געווען.

און דאָס איז געווען אַ פּרינץ, וואָס האָט אַזוי טרויעריק און אַזוי וואונדערלעך געשפּילט — אין די שפּאַלטן פֿון דעם טיש=באַרג. אַ פּרינץ, וואָס האָט פֿאַר זיין ליבע צו אַ ים=רויבערס אַ טאָכטער אַזוי טייער געצאָלט: —

ער האָט ליב געהאַט צו וואַנדערן, וואַנדערן איבער אַלע ווייטע ימען. אַ יונגער, שיינער און שטאַרקער איז ער געווען, אַ גרויסער פּרינץ, און האָט ליב געהאַט צו וואַנדערן איבער ימען. האָט ער זיך באַקענט אויף אַ שיף מיט אַ ים=רויבערס אַ טאָכטער און האָט זי ליב געקראָגן. זי האָט אים אויך זייער היים געליבט, אָבער נישט לאַנג האָט עס געדויערט. ווען זי האָט אויף אַ אינזל אַ יונגן פּיראַט באַגעגנט, האָט זי דעם פּרינץ פֿאַרביטן אויף דעם יונגען ים=רויבער און מיט דער הילף פֿון איר נייעם געליבטן האָט זי דעם פּרינץ געבונדן און צוגעבונדן אים פּלייצע צו פּלייצע צו אַ מצורע, וואָס האָט געלעבט אויף יענעם אינזל, אַזוי אים געוואָרפֿן און אַליין זיך אַוועקגעלאָזן וואַנדערן איבער ימען מיט איר נייעם געליבטן.

און ווען דער פּרינץ האָט זיך באַפֿרייט, די שטריק פֿון זיך אָפּגעבונדן, איז שוין אַלץ געווען פֿאַרפֿאַלן. אין זיין לייב האָט זיך איינגעגעסן די שרעקלעכע צרעת, וואָס האָט אָנגעהויבן צו טייטן זיין שיינקייט, אָבער זיין ליבע צו דעם פּיראַטס טאָכטער איז נאָך שטאַרקער געוואָרן.

און אַזוי האָט ער זיך אין אַ קליין שיפֿל דערשלאָגן ביז צו קאַפּלאַנד. ביז צום ברעג, וואו זיין בלוט האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז זי איז דאָרטן. ער האָט זיך פֿאַרקליבן אויף דעם טיש=באַרג און געשפּילט זיין טרויערדיקע מעלאָדיע אויף דער פֿלייט און געוואַרט, אַז זיין מעלאָדיע זאָל זי ברענגען צו אים. אָבער זי האָט עס נישט פֿאַרנומען און אויף אייביק איז זיין מעלאָדיע פֿאַרשטומט געוואָרן אין די שפּאַלטן פֿון דעם טיש=באַרג.

איצטער, אַז מען דערהויבט זיך אַ ביסל העכער אויפֿן באַרג, זעט מען פֿון ווייטן ווי אַ ברוינעם פֿלעק אויף דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן: דאָס איז דער ראָבין־אינזל, דער באַרימטער און טרויערדיקער אינזל, וואָס איז שוין יאָרן־לאַנג די תּפֿיסה פֿון מצורעים אין דרום־אַפֿריקע. אַהין, צו יענעם אינזל האָט עס מיך געצויגן.

## II.

יעדן אינדערפֿרי גייט אָפּ פֿון קייפּטאָונער האַפֿן אַ קליין שיפֿל צום ראָבין־אינזל, וווּ אַ טייל פֿון דרום־אַפֿריקעס מצורעים האַלטן זיך אויף. אינגאַנצן אַ מייל צען איז ער פֿון קייפּטאָון און פֿון ווייטן זעט ער אויס, ווי אַ זאַמד־באַרג, וואָס קוקט אַרויס פֿלאַך איבער דער איבערפֿלאַך פֿון וואַסער. נאָר אַז מען דערנענטערט זיך צום אינזל הייבן אָן אַרויסצושווימען קאָנטורן פֿון הייזער, צייכענען זיך אויס גאַסן און גערטנער. אינגאַנצן אַ צוויי, דריי מייל איז דער אינזל גרויס, און אַז איך בין אַרויף אויף זיין ברעג, האָט די בלענדנדיקע זון אַזוי גאָלדיק־העל אים באַלויכטן און אין דעם דאָזיקן ליכט האָבן די עטלעכע מענטשן, וואָס זיינען אַרויסגעקומען צום שיפֿל, די פּאָר באַאַמטע, וואָס זיינען געקומען אָפּיציעל. דאָס שיפֿל איבערנעמען, די פּאָסט, וואָס מען האָט אַראָפּגענומען מיט אַזוי פֿיל ליבע פֿאַרן אינזל — דאָס אַלץ האָט באַשאַפֿן דעם געפֿיל, אַז ווייט, ווייט פֿון גרויסן ישוב און ציוויליזאַציע האָב איך מיר דערוויטערט בלויז אין איין שעה צייט.

די מענטשן, וואָס זיינען מיטן שיפֿל אָנגעקומען, און די מענטשן, וואָס זיינען צום ברעג אַרויסגעקומען, זיינען געווען צום גרעסטן טייל באַאַמטע אָדער באַזוכער, ווייסע און געזונטע מענטשן. אַ ביסל ווייטער פֿון ברעג, אין דעם ערשטן זייבערן געסל האָב איך באַגעגנט אַ שורה שול־קינדער, ייִנגלעך און מיידלעך ווייסע און געזונטע. עס האָט מיר געחידושט. אָבער דאָס זיינען געווען קינדער פֿון די באַאַמטע, וואָס וואוינען אין דעם ראַיאָן, נענטער צום ברעג גאַנץ אָפּגעטיילט מיט אַ באַריער. אַהער טאָרן קיין קראַנקע נישט אַריבערקומען. דאָ געפֿינען זיך שיינע בנינים, ביימער,

בלומען. אין זייער אַ פיין הויז האָב איך באַגעגנט דעם הויפּט־דאָקטאָר פון אינזל, דר. ד י י ו ו י ס. איך דערמאָן זיין נאָמען מיט ליבע, ווייל אין דער ערשטער רגע, וואָס איך האָב אַריבערגע־טראָטן זיין שוועל, האָב איך אין דעם מיטליעריקן, בלאָנדן, הויכן און זויבערן מאַן באַמערקט אַ גאַנצן אוצר פון גוטסקייט און וואַ־רעמקייט, וואָס איז נישט פאַרדאָרבן געוואָרן און נישט אומגע־קומען, לעבנדיק שוין אַ שורה יאָרן מיט די מצורעים. איך האָב פון זיין נאָמען נאָך פריער געהערט און פון זיינע פאָרשונגען און זוכונגען, ווי צו פאַרגרינגערן דעם גורל פון די מצורעים. ער האָט מיך מיטגענומען אויף זיין שפּאַציר צווישן די קראַנקע. צום ערשטן האָבן מיר באַזוכט דעם טייל אינזל, וואו די ו ו י י ס ע מצורעים געפינען זיך.

גלייך ווי מיר זיינען אַריבער דעם באַריער, האָבן זיך באַוויזן דאָ און דאָרטן חולאים אין די גאַסן. אַנטקעגן איז אָנגעקומען אַ ברייט־פלייציקער, הויכער, עלטערער מאַן מיט אויסגערונענע אויגן. בלינד און גייט זיכער און פעסט. דער ה׳ר האָט אים אָפּגע־שטעלט:

—וואָס מאַכסטו?

- אָלרייט. אַלצדינג גוט. דער אַפּעטיט אַ סך בעסער. נאָר נעכטן בין איך געזעסן לעבן אַ ברענענדיק אייוועלע, מיט אַמאָל, איך שפּיר עפּעס אַ ריח פון געבראָטענע פלייש. ערשט וואָס, איך האָב מיינע פינגער געהאַלטן צו נאָענט צו פייער, זיי האָבן זיך געברענט און איך האָב גאָרנישט געשפּירט — נישט מאָדנע?

ערשט איצטער האָב איך באַמערקט, אַז ביידע הענט זיינען ביי אים געווען כמעט אָן פינגער. וואו עס האָט געפעלט איין גליד און וואו צוויי גלידער. און אַזוי ווייט איז דאָס לייב אַטראָפּירט, אַז עס האָט אים נישט וויי געטאָן, ווען זיין פלייש האָט זיך אין פייער געבראָטן. אַזוי איז די קראַנקהייט.

וואָס מיר האָט געחידושט, איז געווען די גוטע שטימונג זיינע. ווי הויך ער האָט געלאַכט, ווען ער האָט די מעשה דערציילט; אָבער מיר איז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז כמעט אַ הויפּט־שטריך ביי די מצורעים. זייער פאַרפעסטעטער ווען איז פול מיט

לעבּן און לוסט. דאָ וואוינען זיי אין באַזונדערע הייזלעך. צו צוויי, דריי אין אַ הייזל. אין אַנדערע הייזלעך — פאַמיליעס גאַנצע. אַלע מצורעים. און איין הייזל זיינען מיר אַריין.

ליגט אויפן געלעגער אַ מאַן. און זיינע יאָרן? ווער ווייסט. אפשר דרייסיק יאָר און אפשר — האָט מען אים גאָר פון דער ערד אַרויסגענומען, נאָך, דעם, ווי ער איז אַ באַלזאַמירטער יאָרן-לאַנג אין דער ערד געלעגן. אַ טויטע הויט איבערגעצויגן איבער די קנאָכן און די הויט פון פּנים איז געראַזירט ריין. די אויגן-לעפּלעך, רויטע, הענגען אַראָפּ און אַ פּאָר אויגן-רעשטלעך וואַסערן זיך אַרויס. און אַזוי טויט-הויטיק זעט אויס די איינגעשרומפּענע ברוסט, וואָס בלייכט זיך אַרויס פון אַ וויבערער, פונאַנדערגעשפּילעטער, בלאַנק-ווייסער זיידענער העמד. די פינגער פון די הענט כמעט אַלע פעלן, אַראָפּגעפאַלן. בלויז איין גרויסער פינגער פון דער רעכטער האַנט איז געבליבן. דער מיטלסטער פינגער. איז אָבער דער פינגער אַזוי משונהדיק לאַנג, אויסגעצויגן און מיט דעם איין-און-איינציקן פינגער האַלט ער אַזוי קונציק אַ בורשטינענעם ציגאַרן-שפּיץ מיט אַ פּאַפּיראָס און רויכערט און ציט מיט די פּאַרקרימטע ליפּן דעם רויך מיט אַזוי פיל פאַרנעמקייט:

— גוט מאָרגן! וואָס מאַכסטו?

— אָלרייט, דאָקטאָר! גוט, זייער גוט. אָבער טאַקע זייער גוט. מער נישט, וואָס די אויגן קען איך שוין אינגאַנצן נישט צומאַכן, און בין נישט געוווינט צו שלאָפן מיט אָפענע אויגן.

און זיין שטימע איז גאָרנישט פון דער וועלט. אַ פּאַרזשאַווערטער סקריפּ קומט אַרויס פון זיין האַלז. און דאָך קען ער מיט דער שטימע מאַכן גלויבן, אַז ער איז אָלרייט. ער שטאַמט פון אַ שיינער פאַמיליע. ליגט באַזונדער אַליין.

און אַזוי האָבן מיר אַ צווייטן געטראָפן אין זיין הייזל. אויך פול מיט שטאָלץ און אַריסטאָקראַטישקייט. אָבער די פיס ביז די קני אָפּגעפאַלן און העכער — וואונדן אויף וואונדן. איין האַנט ביזן עלנבויגן אָפּגעפוילט. דאָס פּנים לייטיש. אַ יאָר דרייסיק זעט דאָס פּנים אויס.

— גוט מאָרגן! וואָס מאַכסטו?

— אָלרייט.

אָבער נאָך דעם אָלרייט קומט אַרויס אַ סווישטש פון ווינט פון זיין גאָרגל אַרויס. ער עטעמט נישט דורכן נאָז אָדער מויל, נאָר דורך אַ רערל, וואָס שטעקט אים אין גאָרגל פון דרויסן. ווען ער רעדט, לייגט ער אַרויף אַ פינגער אויפן רערל, כּדי די לופט פון די לונגען זאָל טרייבן אין האַלז אַריין. אָבער ווען ער ענדיקט רעדן און נעמט אַראָפּ דעם פינגער, טוט די לופט מיט אַ פייף זיך אַ ריס דורכן רערל. אָבער ער איז אָלרייט. ער פאַרזיכערט, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט ער זיין בכּוח געוויס אַראָפּצוגיין. ווי אַזוי? מיט וואָס? איך האָב שפּעטער געזען, ווי אַזוי אַנדערע חולאים שפּאַצירן אום.

אין די געסלעך איז געוואָרן אַ ביסל באַוועגלעכער. דאָך זיינען מיר אַריין נאָך אין אַ הייזל. אַ גאַנצע פאַמיליע, אַ מאַמע מיט פיר קינדער, טעכטער, בורישע. די מאַמע הויך, גרויס, דער פּנים אויפגעבלאָזן, ברוין־געלבלעך, צעפלעקט. אַלע גלידער פונאַנדערגעוואָקסענע, אומגעלומפּערט גרויס. און די טעכטער — קאַרליקלעך, ווי זעקס־יעריקע קינדער גרויס, מיט פּנימער אַ קנויל אויף אַ קנויל, קנופּ אויף קנופּ דאָס לייב אויפגעקנוילט. די טעכטער גאַנץ קאָקעטיש פאַרקעמט און פאַרפּוצט. די עלטסטע און די יינגסטע — די מאַמע דערקענט, וועלכע עס איז עלטער. די עלטסטע איז שוין צוואַנציק יאָר אַלט און די יינגסטע וועט ווערן פופצן.

— גוט מאָרגן! וואָס מאַכט איר?

— אָלרייט. גאָט צו דאַנקען. זייער גוט. די קינדער אויך זייער גוט.

און אין אַלגעמיינעם צימער, אַז מיר זיינען אַריינגעקומען, וואו ביי אַ פופצן קראַנקע זיינען געלעגן, איז ווי נאָר מיר זיינען אַריבער דעם שוועל, האָבן זיך די מערסטע פון זיי אַריבערגעדעקט איבערן קאָפּ. באַמערקט דעם פרעמדן, וואָס באַגלייט דעם דאָקטער, און נישט געוואָלט זיך באַווייזן. בלויז איינער אַן אַלטיטשקער, אָן הענט און מיט אַ רערל אין האַלז, איז זיך געלעגן און געקוקט צו אונז מיט דערוואַרטונג. דריי און אַכציק יאָר איז ער אַלט און

אריבער דרייסיק יאָר איז ער דאָ שוין אָפּגעזונדערט און מיט אַ רעדל אין גאָרגל. אָבער ער איז אויך אַלרייט. אים פעלט גאַרנישט איך האָב באַמערקט זיינע פיס — פעלן ביז צו די קני — אָבער ער איז אַלרייט.

דער גרעסטער פּראָצענט קראַנקע איז דאָ פון קאַפּירס. זיי זיינען אָפּגעזונדערט אין אַן אַנדער ראַיאָן און זייער וועלטל איז אַ לעבעדיקע. דער באַגריף פון דער קראַנקהייט איז ביים קאַפּיר אַ פּרימיטיווער און דאָס לעבן אין דעם ראַיאָן שלאָגט מיט פאַנטאַזיע. זייערע גאַסן זיינען פול מיט לעבן און שטיפעריי. די הענט, אָן פינגער, באַוועגן זיך פלינק. די פיס, וואָס פעלן איבער די קנעכלען, אָדער ביז איבער די קני, שפרייזן אַרום דאָ און דאָרטן, ברייט און לאַנג. די געשוואָלענע פּנימער, גלאַנציק, ברוינע, צעקרימטע, פונאַנדערגעבלאָזענע, קאַרטאָפלדיקע פּנימער צעגיסן זיך מיט אַ הייזעריקן געלעכטער. מען זיצט דרויסן אין בינטלעך און מען שפּילט אין קאָרטן. די הילצערנע הענט כאַפּן די קאָרטן, טיילן, טאַסירן זיי. דאָ קאָן מען שוין גאַרנישט אונטערשיידן צווישן אַלט און יונג. קינדער פּופּצן־יעריקע, האָבן פּנימער פון גרודעם ערד, דורות־אַלטע.

אָבער עס איז זונטאָג. אַ גרופּע זיצט אונטער אַ לינדנבוים און מען טוט תּפילה. איינער איז דער בעל־תּפילה. ער הייבט אָן און שפּעטער כאַפּן אַלע אונטער אין כאָר. אַ פאַרפוילטקייט רינט פון די שטימען אַרויס און זיי רייסן זיך אויף די אַטראָפירטע העלזער און עס גיסט זיך דער כאָר צוניף אין אַזאַ שרעקלעכער דיסהאַרמאָניע. דאַכט זיך, דער שווערסטער קאָשמאַר קאָן שוין אַזוינס נישט באַווייזן.

טוען תּפילה.

דאָס איז די מענער־מלוכה. מענער און פרויען זיינען נישט צוזאַמען. סיידן אין פאַמיליע, וואָס וואוינט אין איין הויז. אין דער פרויען־וועלט איז דאָס בילד נאָך שוידערלעכער. פרויען מצורעים, שוואַרץ אָדער ווייס, אַז מען קומט אַריין אין זייער מחנה, פאַרגעסט מען אינגאַנצן, אַז עס איז פאַראַן אַ ליכטיק לעבן אויף דער ערד. די ווייסע פרוי באַהאַלט זיך צו ביסלעך. און איך האָב קיין חשק נישט אָנצוקלאַפּן אין איר טיר, נאָך דעם, ווי די טיר

האָט זיך אויף שנעל צוגעמאַכט אַהינטער מיר. אָבער די קאַפּירפרויען ווייסן נישט, אַז מיט דער קראַנקהייט באַדאַרף מען זיך אויסבאַהאַלטן. איך האָב באַגעגנט רעשטלעך בלויז, וואָס האָבן זיך געשאַרט אויף דער ערד, און די רעשטלעך האָבן געוואונקען און זיך געצאַפּלט מיט לעבן און לוסט.

זיי זיינען אָ ל ר י י ט! אַיינגעפאַלענע מיילער לאַכן. איינציקע איבערגעבליבענע פינגער ווינקען. דער איבערגעבליבענער טייל קערפער ווערט נאָך פון דער תאווה געוואַרעמט.

ווייל, ווי דער דאָקטאָר האָט מיר דערציילט, ווערן יאָר־איין, יאָר־אויס צענדליקער קינדער געבוירן פריצייטיקע, נישט קיין לעבעדיקע. די נאַטור לאָזט זיי נישט לעבן, אָבער זיי ווערן געבוירן. און ווי גרויס די שמירה זאָל נישט זיין, פונדעסטוועגן טרעפן שוין די רגע די מענער און פרויען זיך צו באַגעגענען ערגעץ־וואו אין דער נאַכט. עס פאַרנעמט זיך צו געבוירן אַ קינד אַפילו אַ רעשטל פון אַ גוף. פעלדער פאַראַן פון די געזינטערע מיט שטאַרקערע גלידער באַאַרבעטע. ביימער, פרוכט־ביימער און בלומען־ווינקעלעך. און דער חשק צום לעבן הערשט אַרום און אַרום.

אויך אַ גרופּע משוגעים, אָפּגעצאַמטע אין אַ גרויסער שטייג, האָב איך באַגעגנט. אַ פּאָר אויף קייטן, זיינען שטורמיש ווילד. איינער אַן עלטערער, אָן פינגער און אָן אַ נאָז, אָבער נוטמוטיק, פאַרחלומט.

— ער האָט גרויס צער, וואָס מען באַהאַנדלט די מוטער שרה אין גן־עדן נישט גוט. מען גיט איר דאָרט קאַרטאָפל צו שיילן. אַז אָך און ווי צו אַזאַ חרפה און אַזאַ שאַנד. און טרערן רינען פון זיינע אויסגערונענע אויגן.

אַז איך בין ווידער אַריינגעקומען צום דאָקטאָר אין הויז, און אַז איך האָב דערזען זיינע דריי בלאָנדע, ציכטיקע, ליכטיקע קינדער פון אַ דריי ביז זיבן יאָר אַלט, דאָס יינגסטע אַ יינגעלע און דאָס עלטסטע — אַ מיידעלע מיט בלויע אויגן און לאַנגע פלאַקסענע האָר — אַז איך האָב די קינדער דערזען, האָט זיך מיר נישט געוואָלט גלויבן, אַז אַזוינס ווערט נאָך דאָ אויפן אינזל געבוירן. ווי פון חלום האָבן צו מיר די ליכטיקע קינדער געשמייכלט.

אָבער אַזױ איז דאָך עס. די קראַנקהײט איז אַ שװידערלעכע, אָבער אינדירעקט נעמט מען זיך פון איר נישט אָן.

פאַרהאַן אױסזעער, מענער, פרױען, װאָס שױן צװאַנציק יאָר קומען זײ טאָג-טעגלעך אין באַרירונג מיט די מצורעים, און האָבן זיך מיט דער קראַנקהײט נישט אָנגעשטעקט. בלױז אײן דאָקטאָר, װאָס האָט געװאָלט פּרוּװן אױף װיפיל מען קאָן זיך דירעקט מיט די באַצילן אָנשטעקן, ער האָט אין זײן בלוט אַרײן קראַנק בלוט אַרײנגעשפּריצט און איז קראַנק געװאָרן.

װי ד"ר דײװיס האָט מיר דערצײלט, באַצײט ער זיך פאָרלױפיק זײער סקעפּטיש צו די אַלע מיטלען, װאָס מען האָט ביז איצטער אָנגעװענדט די קראַנקהײט צו הײלן. פאַרהאַנען פאַלן, װאו אײנער אָדער צװײ הײבן זיך אָן צו בעסערן. דער עיקר, אַז מען נעמט זיך צו דער קראַנקהײט אין איר ערשטער סטאַדיע. אָבער ער װײסט פון פאַלן, װאָס מען האָט פּאַציענטן אַרױסגעלאָזן פרײ, גלױבנדיק, אַז זײ זײנען געזונט געװאָרן, און מיט דער צײט האָט מען זײ צוריקגעבראַכט, זײ זײנען צוריק אױפסנײ קראַנק געװאָרן.

נאָך בײם פאַרלאָזן דעם אינזל האָב איך אָנגעטראָפן אַ פור אָנגעלאָדן מיט פרישע הײ, נאָר-װאָס פון לאָנקע. אַ יונג איז געזעסן אױף די קאָלעס און געטריבן אַ פּאָר װײסע, געזונטע פערד. דער אױסזען פון יונג איז געװען אַ געזונטער, אָבער די האַנט, װאָס האָט געפּאָכעט מיט דער בײטש איבער די פערד, האָט בלױז אײן פינגער געהאַט. דעם גראָבן פינגער. און דאָך האָט זיך אין דער האַנט די בײטש גוט געהאַלטן. די הײ איז געװען פריש און שמעקעדיק. אַזױ איז דאָס.

## דער טיש-באַרג.

דער טיש-באַרג איז דער שטאָלץ פון קאַפּלאַנד. דעם פרעמדן פרעגט מען גלײך:

— צי האָט איר געזען אונזער טיש-באַרג?

און װי דערזעט מען דען אים נישט? זײן שאַרפן, גלײכן קאָנטור אױבן איז פון אַלע זײטן צו באַמערקן. אַריבער דרײ טױזנט

פוס הויך, און מען קען מיינען, אַז אויבן איז די אויסגערעכנטע גלייכע ליניע פון אַ טיש. און דער טיש איז שטענדיק געגרייט פאַר ווייטע און פרעמדע געסט. קייפּטאָן האָט זיך צוגעטוליעט צו זיינע פיס און קוקט אַרויף צו די וואָלקנס, וואָס ציען איבער אים און די שטאָט-לייט פאַרשטייען פון וואַנען דער ווינט וועט בלאָזן. דער מבשר פון ציקלאָנען קומט אָן און שטעלט זיך אויפן טיש, און אויך די בשורה אויף שיינע טעג ווינקט פון באַרג אַראָפּ. עס ווייסן אַלע אין קייפּטאָן אין פאַרלויף פון טאָג אַ קוק צו טאָן, ווי זעט אויס דער טיש-באַרג און וואָס פאַר אַ וואָלקן עס רוט אויף אים.

דער צפון-מערבדיקער ווינט ברענגט אַ שווערע, גרויע וואָלקן-כמאַרע אינאיינעם מיט אַ געדיכטער וואַרעמקייט. דער שאַרפער קאָנטור פון טישבאַרג איז אינגאַנצן אין די כמאַרעס איינגעוויקלט. בלויז פון צייט צו צייט רייסט זיך דורך אַ ריפּ פון באַרג און טונקלט זיך אַרויס פון דער אָנגעקנוילטער פאַרוואָלקנטקייט.

דער דרום-מערבדיקער ווינט ברענגט נעפּלדיקע, קריכנדיקע וואָלקנס, וואָס גיסן זיך פון טיש אַראָפּ און קומענדיק נידעריקער ווערן זיי צערונען און צעשוואומען. עס דאַכט זיך צו מאָל אויס, אַז אַ פאַרגליווערטער וואַסערפאַל גיסט זיך פון טיש-באַרג אַראָפּ און וועט כמעט קיינמאָל נישט אויפהערן. די לופט איז פייכט און געדריקט. קוקנדיק לאַנג צו די וואָלקנס, וואָס קומען אָן קריכנדיק פון ים-זייט און וואָס באַמיען זיך אָן אויפהער דעם טאָל צו פאַרפינסטערן, און אפשר די גאַנצע שטאָט צו פאַרוויקלען, דאַכט זיך צו מאָל אויס: אַהינטער אָט די קריכנדיקע נעפּלען שלייכן זיך די קינדער פון ביידע אָקעאַנען — דער אַטלאַנטישער און דער אינדישער — און ווילן זיך צום שטאָט אַראָפּלאָזן און שפּענדלעכווייז די שטאָט מיט זיך אַוועקטראָגן און די שפּענער צעשפּרייטן איבער ביידע ימען.

אָבער דווקא דעמאָלט, ווען איבער דעם טיש-באַרג שפּרייט זיך אויס אַ דין קלאָר-ווייס וואָלקנדל און מיט זיינע לויטערע פרענז הענגט ער זיך אַריבער דעם ראַנד פון טיש און ווער רעדט נאָך אין אַ לבנה-נאַכט, ווען דער מאַטער אָפּשיין פון דער לבנה באַזיל-

בערט נאָך דעם צאַרטן ראַנד פון טיש=באַרג — ווער קאָן דען חושד זיין, אַז דער טיש איז פאַרשפּרייט געוואָרן און צוגעגרייט געוואָרן פאַר די קינדער פון שטורעם=ווינט? דו ווערסט פול מיט אַזעלכע דערהויבענע און צאַרטע געפילן, קוקנדיק אויף דעם גראַנדיעזן טיש און דער יום=טובדיקייט, וואָס רוט אויף דעם ראַנד פון דעם לויטער=ווייסן וואָלקן=טישטעך. אָבער דאָס איז דער זגנזאָג, דער דרום=מזרח=ווינט דערנענטערט זיך. ער טראָגט זיך פון דרום=פּאָלוס מיט אַ ווילדער פרייקייט און קיין זאַך שטעלט זיך אים ניט אין וועג. ער איז קלאָר און נאַקעט און קומענדיק פון אַריבער די ימען, איז ער אַן אויסגעוואַשענער, אַ קילער און צו מאָל אַ קאַלטער, אַ שניידנדיקער. קומט מיט אַ געפייף איבערן שטאָט. בלאָזט איבער דעם ווייסן טישטעך פון באַרג און די פרענז רייסן זיך און שווימען מיט דער צייט פון באַרג און ווערן פאַרלאָרן. אונטן אין טאָל טראָגט עס רוחותדיק. רייסט טעליגראַף=דראָטן און טראָגט דעכער פון די הייזער, און טיפער אין לאַנד ווירבלט עס דעם שטויב פון טרו=קענעם גרונט און פאַרשטעלט די ליכטיקע זון.

אָבער אין דער אייגענער צייט גלויבן מענטשן, אַז דער דרום=מזרח=ווינט רייניקט די לופט פון אַלע באַצילן, וואָס ברענגען קראַנק=הייט אויף דער ערד. און באמת, אַז דער דרום=מזרח=ווינט הערט אויף צו בלאָזן, איז די לופט אַזוי לויטער, אַזוי קלאָר, ווי נאָר אין דרום=אַפריקע, אין די גרויסע, אויסגעלייטערטע שעהן פון טאָג אָדער פון דער נאַכט.

דאָס שענסטע אָבער איז דער באַרג אַליין, ווען מען לאָזט זיך אַוועק קלעטערן אויף אים. די פּאַנאָראַמע, וואָס עפנט זיך אויף, אויף ביידע אָקעאַנען אַרויס; די האָטענטאָטן=בערג קעגנאיבער, וואָס וואַקסן ביים האָריזאָנט אַרויס פון ים און וואָס, ווי עס דאַכט זיך, יעדע שעה באַהאַלטן זיי זיך ווידער אין דער טיפעניש פון ים, די רחבות אַרום — עס מאַכט דעם גאַנצן וועזן אויפצובליען און ימען=ברייט זיך פונאַנדערשפּרייטן.

קלעטערנדיק אויפן באַרג באַגעגנט מען די וואונדערלעכסטע און זעלטנסטע ווילדע בלומען. פאַרהאַן אַזוינע בלומען דאָ, וואָס נאָר דער טיש=באַרג פאַרמאָגט זיי און זיי ווערן שוין באַשיצט, ווי די

גרעסטע זעלטנהייטן — אַזוי ווערן באַשיצט די זילבער=ביימער מיט
די זילבער=בלעטער, וואָס געפינען זיך דאָ אין עטלעכע קליינע
וועלדלעך. די בלעטער זיינען לאַנגע, שמאָלע, אין קנוילן, ווי קליינע
אַנאַנאַסן און די בלעטער, זילבער=אַטלאַסדיקע ביי אַ פופציק בלע=
טער אָדער מער זיינען אין דעם קנויל צונויפגענומען. ווען דער
ווינט וויגט די ביימער און דער זילבער=אַטלאַס בלאַנקט אַקעגן דער
זון — ווי אַ זילבער=שטראָם וואָלט זיך פון די ביימער אַראָפגיסן
און גיסן זיך אין טאָל אַראָפ. גאַנצע פעלדער האַרעמליליעס,
ווייסע מיט די געלע צינגעלעך צו דער זון אַרויסגעשטעלטע, בליקן
אַרויס פון הינטער יעדן קוסט אַרויס, פון צווישן די געדיכטע
ווילדע גראָזן. די ווילדע פערעגאָניע איז דאָ אומעטום, מיט רויטע און
צונטער=רויטע בלומען צינדן זיי די ווילדקייט אַרום. קליינע וואַסער=
פאַלן באַגעגנט מען, און קוואַלן, וואָס שטראָמען אַרויס און שלענג=
לען זיך צווישן די ביימער און קילן די שטילע באַביימערטע באַ=
העלטענישן דאָ און דאָרט, באַרג=אַרויף און באַרג=אַראָפ. אַז מען איז
דאָרט, פאַרגעסט מען גאָר, אַז ביים ראַנד פון אַ גרויסן וועלט=טייל
האָבן דיך לינדע ווינטן באַגעגנט און די אַלע דורכזיכטיקע בלו=
מען=ריחות צו דיינע פיס געבראַכט.

דער טיש=באַרג איז אַרומגערינגלט מיט מיסטעריעזע געפילן,
וואָס די פרימיטיווע שבטים האָבן אַרום פאַרשפרייט. די האָטענ=
טאָטן האָבן געוויס מער פאַרזיכטיקייט געטראָגן אין זייער ווען צו
די אַלערליי ווינטן, וואָס האָבן זיך פון טיש=אַראָפ אַראָפגעגליטשט
אין טאָל אַריין. דער באַרג האָט איין שפּיץ, וואָס הייסט: דעם
טייוולס שפּיץ.

און פאַרוואָס דער שפּיץ האָט אַזאַ נאָמען, און פאַרוואָס אי=
בערן טיש=באַרג שפרייט זיך אוים אַ וואָלקן=טישטעך, דערציילט מען
אַזאַ מעשה:

אַמאָל, גאָר אַמאָל, האָט געלעבט ביים זייט באַרג אַן אַלטער
האָלענדער. געווען אַ קאַרגער און אַ ברוגזער.- נישט געהאַט קיין
קינד, קיין רינד, און האָט געהאַנט פיינט, אַז אַ פרעמדער מענטש
זאָל זיך אים אויף די אויגן ווייזן. דאָס איז געווען באַוואוסט אַרום
און אַרום. קיינער האָט זיך צו אים נישט געלאָזן. אַלע האָבן זיין

ווינקל געווייכט. אויסער אַ פּאָר שוואַרצע קנעכט, וואָס האָבן פאַר אים אַ שטיקל ערד באַאַרבעט. גאַנצע טעג איז ער געזעסן פאַרן שוועל און געפּיפּקעט אַ גרויסע און לאַנגע, לאַנגע ליולקע. איינמאָל פאַר־נאַכט, ווען דער דרום־מזרח־ווינט האָט ווילד, גאָר ווילד געריסן, מיט אַמאָל האָט זיך באַוויזן אַ פרעמדער, וואָס האָט געשפּרייזט מיט דער שמאָלער סטעזשקע און זיך דערנעענטערט צום אַלטן האָלענדער. דער האָלענדער האָט געפּיפּקעט זיין ליולקע און גע־בורטשעט:

— וואָס באַדאַרפסטו דאָ, און ווער האָט געשיקט נאָך דיר?

אָבער דער פרעמדער האָט זיך נישט געמאַכט ווי סנדיק. צוגע־קומען גאָר נאָענט און האָט זיך אַנידערגעזעצט אַקעגן דעם אַלטן האָלענדער. דער אַלטער האָט שוין געהאַט בדעה זיך אַ לאָז טאָן צום פרעמדן, אָבער דער פרעמדער האָט אָנגעוויזן אויפן זאַק טאַ־באַק, וואָס איז געשטאַנען לעבן אַלטן, און געזאָגט:

— איך וועט זיך מיט דיר, אַז איך וועל קאָנען רויכערן לענ־גער און אויסרויכערן מער טאַבאַק פון דיר.

איז דער אַלטער גאָר לעבעדיק געוואָרן. די אויגן האָבן זיך אים אָנגעצונדן און ער האָט געזאָגט:

— גוט, פרעמדער, אדרבה, לאָמיר זיך וועטן.

און דער וועט איז אָנגענומען געוואָרן. מען האָט פון צוויי גרויסע קאַליבאַשן געמאַכט צוויי גרויסע ליולקעס, אָנגעשטאָפּט זיי מיט טאַבאַק און מען האָט זיי פאַררויכערט. גאָר באַגינען האָט זיך דער וועט אָנגעהויבן, און אַז די זון איז פאַרגאַנגען האָט מען נאָך אַלץ געהאַלטן אין רויכערן, נאָר אַז דער באַגינען האָט זיך ווידער באַוויזן, האָט דער אַלטער האָלענדער זיך אונטערגעגעבן. מודיע געווען, אַז ער קאָן נישט מער.

אַ גאַנצע נאַכט איז דער רויך וואָלקנדיק אַרויסגעקומען פון זייערע ליולקעס און זיך אויפגעהויבן און זיך אויסגעשפּרייט איבער דעם טיש־באַרג, ווי אַ קלאָר־ווייסער טישטעך, און מיט פרענז גאָר ווייסע אַריבערגעוואָרפן איבער די ראַנדן. דער פרעמדער איז פאַר־שוואונדן, אָבער מען האָט זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז דער טייוול אַליין געקומען צום אַלטן האָלענדער און פאַרפירט אַ געוועט, ווער

עס קאָן מער רויבערן, האָט געוואָלט אויספרווון דעם אַלטן-קאַרגן און בייזן האָלענדער.

דעם באַרג-שפּיץ האָט מען דעריבער אַ נאָמען געגעבן — דעם טייוולס שפּיץ, און דער דרום-מזרח-ווינט האָט דעם רויך אויפגעכאַפּט און פאַרשפּרייט מיט אים דעם טיש-באַרג יעדן מאָל פאַר זיין אָנקומען.

אַן אַלטער האָטענטאָט האָט זיך באַרימט, אַז ער געדענקט נאָך, ווען דער באַרג איז געווען אַזוי יונג, ווי ער, און האָט אים דערגרייכט ביז צו די אַקסלען.

דער טיש-באַרג וועט האָבן מער קיום, ווי דער האָטענטאָטן-שבט, און דורות, דורות וועלן ווינטן איבער אים זייערע וואָלקנס פירן.

## דער ברעג פון שיינע האָפענונגען.

אַזאַ ראָמאַנטישן נאָמען האָט דער ראַנד פון אַפריקעס וועלט-טייל, וואָס באָדט זיך אין דעם אַטלאַנטישן און אינדישן אָקעאַן. אין אַלערליי ציימן האָבן אָפּגעגייגט אַהער נאַוויגאַטאָרם, ציען זעגל-שיפן אָדער אַפילו שפּעטער אין מאָדערנע שיפן — די האָפענונג האָט זיי געבראַכט צו יענעם ראַנד פון אַפריקע-לאַנד און מיט באַ-גייטער האָפענונג האָבן זיי זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אַריין. די האָלענדער האָבן דאָרט זייער שטאַרקסטן שפּור איבערגעלאָזן — זייער שפּראַך, און די פּראַנצויזישע פּראָטעסטאַנטן, די הוגענאָטן, וואָס זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון אייגענעם לאַנד, און ענגלענ-דער מיט קלאָרע מחשבות און צילן, און אויך קינדער פון שפּאַניע, אוואַנטוריסטן — אַלע, אַלע האָבן דאָרט ביים ברעג זייערע ביידלעך אָנגעצויגן, הייזער געבויט, שפּורן געלאָזן, איינגעפלאַנצטע אין בלוט פון קאַפיר, האָטענטאָט אָדער בושמאַן. קאַפּשטאַט, ווי די בורן רופן זי, אָדער קייפּטאָן, אין לשון פון די ענגלענדער, איז די איינגאַרטיקסטע שטאָט אין דרום-אַפריקע.

אין קייפּטאָן באַמערקט מען, ווי פאַרשיידענע קולטורן, כאָטש אויף אַ קליינעם אופן, האָבן דאָ געווירקט אויף דער אויסערלעכקייט

פון שטאָט, דאָ זעט מען דעם אָנהייב פון בורן־פאָלק, זיין שפראַך און אפשר זיינע טראַדיציעס. דאָ האָט מען געמויערט בנינים, וואָס פון זיי קוקן דורות אַרויס. און דאָ באַגעגנט מען דעמבעס שוין מיט אַ סדר געפלאַנצט, וואָס פון זיי רעדן דורות אַרויס. אויך די מאַלאַיער ראַסע האָט פון דעם אָריענט אַ סך פון איר קולטור אַריבערגעבראַכט. אָבער דער אמתער שפור פון מאַלאַיער טרינקט זיך אין בלוט פון דעם אַיינגעבוירענעם. די געמישטע ראַסן זעט מען דאָ אין קייפּטאָן צום שטאַרקסטן. מען דערקענט, אַז דער מאַלאַיער איז גאָר קיין מפונק נישט געווען און פאַר אים איז דעם האָטענטאָטס טאָכטער אָדער בושמאַנישע מיט געגוג חן געווען. אויך די האַלב־ווייסע און פערטל־ווייסע דערקענט מען עס. דעם ברייט־פלייציקן גע־געבוי פונם בושמאַנער אָדער דעם טאַבאַק־קאָליר פון האָטענטאָטס הויט איז אַזוי שווער אויסצוראָטן ווי דעם קאַפירס. און דער שמע־לערער שניט פון האָטענטאָטס אויג ווערט אויך נישט מיט איין דור פאַרווישט. די בושמאַנער און האָטענטאָטן, וואָס זייער צאָל איז געווען אַזוי גרויס אַפילו נאָך מיט אַ הונדערט יאָר צוריק — איצ־טער איז שווער אַזאַ איינעם צו באַגעגענען מיט אייגן בלוט אין די אָדערן. מען דערקענט, אַז דער עכטער אייראָפּעער, וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט אויף אַ ווייל, אָדער מיט דער כוונה דאָ זיך איינצופלאַנצן — אויך ער איז נישט געווען קיין גרויסער איבערקלייבער. די בורישע שפראַך איז די מוטער־שפּראַך פון דעם גרעסטן טייל געמישטע ראַסן דאָ. אָבער דאָס באַווייזט נאָך נישט, אַז נאָר דער בור אַליין האָט זיך געמישט מיט די קינדער פון לאַנד.

דער באַרימטער טיש־באַרג, וואָס רייזנדער קוקן אויס די אויגן, אַבי וואָס פריער אים צו דערזען, ווען זיי קומען אָן מיט דעם אָקעאַן אַהער, — ער דריקט דער שטאָט טיפער אין לאַנד אַריין און טיילט אָפּ איר אַלגעמיינעם אָנבליק פון אָפענעם ים. און דאָס מאַכט צייטנווייז, אַז מען זאָל זיך שפּירן געדריקט אין שטאָט און עס ווילט זיך אַוועק אין אָפענעם ים אַריין, צי אין אַטלאַנטיק פון דער רעכ־טער זייט אָדער אין אינדישן אָקעאַן פון דער לינקער זייט. די פלאָראַ איז אַ רייכע, פילאַרטיקע און פילפאַרביקע. קייפּטאָן אַליין באָדט זיך אין גרינס. יעדער דור האָט דאָ אַ בוים געפלאַנצט, און

אפשר יעדער נאַווינאַטאָר אין די פריערדיקע ציימן האָט דאָ אַ קערנדל פאַרזייט.

דאָ אין קייפּטאָון איז פאָרלויפיק דער גייסטיקער צענטער פון לאַנד, אויב אַזוינס באַדאַרף מען דאָ זוכן. די אויפגעקומענע יאָהאַנעסבורג באַמיט זיך אַלץ אויף שנעל פאַר געלט צו קויפן. אָבער נישט אַלץ געלינגט. די אַלייע פון די אַלטע, אַלטע דעמבעס, וואָס ביים אוניווערסיטעט — זייערע וואָרצלען זויגן שוין לענגער אַפריקעס ערד, ווי די אַלערליי נאָדל-און בלעטער-ביימער, וואָס אין יאָהאַנעסבורגער שטאָט-פאַרק. אין אמתן קוקט קייפּטאָון מיט קנאה אויף דער אויפגעקומענער יאָהאַנעסבורג, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט די גאָלד-בערג, אָבער אין האַרצן איז יאָהאַנעסבורג קייפּטאָון מקנא פאַר אַ סך אַנדערע זאַכן. כאָטש דער פרעזידענט, וואָס איצטער הייסט ער פרעמיער, וואוינט אין פרעטאָריע, ביים זייט פון יאָהאַנעסבורג, אָבער דער פאַרלאַמענט איז נאָך פאָרלויפיק ביים ראַנד פון לאַנד, אין קייפּטאָון.

דער אַריסטאָקראַטישער ייד האַלט נאָך איצטער אויך מער פון דער שטאָט, וואָס ווערט געוואַשן פון ביידע אָקעאַנען, ווי פון די אַנדערע, שנעל אויפגעקומענע שטעט דאָ און דאָרטן אַרום די גאָלד-מינען אָדער דימענט-גריבער.

הייליקע הייזער האָבן דאָ קינדער פון אַ סך נאַציעס געפרוווט בויען, און איך ווייס נישט, צי אַלעמענס תפילות זיינען אויף איין אופן אָנגענומען געוואָרן... אין לעבן שטויסט זיך פאָראויס דער ענגלישער איינפלוס און עס דאַכט מיר, אַז עס איז גאָר פאָרלויפיק נישטאָ דער כוח, וואָס זאָל אים פאַרשטעלן דעם וועג.

אויך דאָ אין דער שטאָט, וואו אַלערליי האָפענונגען האָבן זיך אויסגעפיקט און גאַנץ אָפט פליגלען באַקומען, אויך דאָ האָב איך, דער ייד, פון אייגענע, אייגן בלוט און פלייש, באַדאַרפט הערן דאָס, וואָס איך האָב שוין נישט איינמאָל געהערט אויף מיין וועג, פון קינד און נאַר:

די יידישע סטודענטן פון אוניווערסיטעט, וואָס זייער צאָל איז גאַנץ גרויס, האָבן מיך איינגעלאַדן צו האַלטן פאַר זיי אַ לעקציע אין אוניווערסיטעט איבער דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער

שפּראַך און ליטעראַטור. דער יידישער סטודענט, וואָס האָט מיך פאַרגעשטעלט, האָט געפונען פאַר נייטיק צו זאָגן כמעט דאָס אייגענע, וואָס דער סידנער רב אין אַוסטראַליע האָט בײַ אַזאַ געלעגנהייט געזאָגט, אויסגעדריקט זײַן זיכערקייט, אַז די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור וועט באַדאַרפן גאָר אינגיכן אָפּטרעטן דעם אָרט פאַר עמעצן אַנדערש. עס איז מיר געווים געווען שווערער דאָס צו הערן אין די ווענט פון קייפּטאָנער אוניווערסיטעט, ווי אין דעם האַלב־פינסטערן זאַל אין אַ זייטיק געסל אין סידני.

איך בין שפּעטער געגאַנגען דורך דער אַלייע פון די אַלטע, אַלטע דעמבעס, און פון דאָרטן האָט זיך אין דער נאַכט אַרויסגעבליכט די יידישע שול. און אויך דאָרטן האָב איך אויף אַ זיצונג בײַם רב אין הויז, בנוגע די פאָר הונדערט אוקראַינער יתומים, וואָס זײַנען אָנגעקומען קיין דרום־אַפריקע און זייער דערציִונג — אויך דאָרטן האָט מען אין מײַן געגנוואַרט אויסגעאַרבעט פּלענער, ווי אַזוי מען זאָל קאָנען מאַכן, אַז די קינדער זאָלן וואָס גיכער פאַרגעסן יידיש און אויסלערנען זיך ענגליש.

פונדעסטוועגן בין איך טאָג־אײַן טאָג־אויס געזעסן אין שטאָטגאָרטן און געקוקט צום טיש־באַרג און זײַן שאַרפער, גלײַכער ליניע איבן, וואָס איז גאַנץ אָפט איבערגעדעקט מיט אַ טישטעךוואָלקנדל און מיט וואָלקן־פרענז אַרומגעהאַנגען. איך האָב געקוקט צו די פונאַנדערגעבליטע ביימער און אַלערליי בלומען אַרום, געקוקט צום הימל איבערן קאָפּ און געטראַכט:

— עס האָט די וועלט אירע וועגן און שטעגן און ביידע קאָנען נישט ווערן באַשאַפן, סיידן עמעצער פאַרצייכנט דאָרט זײַנע טריט, און אפשר וועלן ווינטן נישט זײַן בכוח צו פאַרווייען און פאַרוויכערן מײַנע טריט.

אַ דרײַ פערטל בושמאַנער און אַ צוויי דריטל האָטענטאָט שטייען ביידע אָנגעבויגן און פלאַנצן נישט ווייט פון מיר בלומען איבער — פון טעפּ אַרויס זעצן זיי די בלומען אין בייט אַרײַן און איך בין זיכער, אַז דאָס וועט זיך צונעמען און וועט וואַקסן.

און אין דער שטאָט, וואָס ליגט בײַם ראַנד פון אַפריקעס וועלט־טייל, וואו האָפענונגען האָבן זיך פאַרפלאַנצט דורך אַלערליי

צייטן — פאַרוואָס זאָל איך דאָ שפּורן פון יאוש איבערלאָזן? פאַר־וואָס זאָל איך, דער ייד, עס טאָן? בפרט ווען איך אַליין זיץ ביים ראַנד פון לאַנד און דער אַטלאַנטיק ווינקט צו מיר און ווייזט מיר אָן די ברעגעס פון אייראָפּע...

## טריט פון וואַנדערער.

נאָך אַמאָל פאַרשן די בליקן די טריט פון אונזערע אייגענע וואַנדערער, אַיינגעקריצטע איבער גאָר דער וועלט, אויף אַלע ברייטע וועגן און אויך אויף די שמאָלע, זייטיקע שטעגן. און עס ווילט זיך נאָך אַמאָל דערשפּירן די שאַרפע אויפרעגונגען, וואָס עס דער־וועקט אין דיין מהות דער פּלוצלונגער יידישער בליק פון די ערשטע פּאָר יידישע אויגן, וואָס קומען דיר אַנטקעגן נאָך אַ לאַנגער, ווייטער רייזע איבער ימען.

ווי גרויס איז דער חילוק צווישן דעם יידן און נישט־יידן, אין ווייטן וועג און ווייטן לאַנד!

עס טראָגט דער נישט־ייד די רו מיט זיך און פאַרפלאַנצט זי אַהינטער זיין ניי הויז. און דער ייד נעמט מיט זיך מיט די אומרו און טראָגט זי כסדר אין האַרצן.

אויף דעם קליינעם אינזל ראַראַטאָנגאַ, וואָס נישט ווייט פון נייזעלאַנד, האָב איך געטראָפן דעם איין־און־איינציקן יידן פון אינזל, אַ זעלטענער ייד פון אַ יאָר זעכציק, און שוין עטלעכע־און־פערציק יאָר, אַז ער האָט זיך פון פויזן אַרויסגעריסן. האָט אַ קרעמל אין ראַראַטאָנגאַ. אָבער ער האָט אַ סך געהאָלפן, אַז דער אינזל זאָל ווערן ענגליש. ער האָט געפועלט ביי דער גרויסער קיניגין פון קליינעם אינזל, אַז מען זאָל די ענגלישע פאָן אויפן אינזל אַרויפ־ציען. און דער אייגענער ייד האָט מיך אָנגעקוקט מיט פאַרטרערטע אויגן, ווען מיין שיף האָט זיך געוויגט ביים ברעג, גרייט זיך צו לאָזן ווייטער אין וועג אַריין.

איך האָב אים געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט פאַרלאָזן ניי־זעלאַנד, וואו ערגעץ אין אַ שטעטל איז ער אַפילו געווען שוין מעיר?

— איך האָב געמיינט, אַז אויף דעם קליינעם אינזל וועל איך קאָנען אָנקלייבן אַ פאַרמעגן און דערנאָך פאָרן צוריק קיין פוילן. אָבער אַזוי זיינען די יאָרן אַוועק און ווי עס זעט אויס וועל איך צוריק נישט קאָנען פאָרן.

די איצטיקע מלחמה, וואָס האָט פאַר אַ סך יידן אויף אַ לאַנגער צייט פאַרשטעלט דעם וועג צוריק, האָט נישט נאָר איינעם אויפסניי פאַרפלאַנצט און באַפוילן:

— שיק דיינע וואָרצלען אין דער ערד, וואו דיין גורל האָט פאַר דיר אויסגעקליבן.

דער וועג קיין רוסלאַנד און קיין פוילן איז מיט אַמאָל געוואָרן אָפּגעשניטן. אויף אַ רגע האָט אַ בליץ געטאָן די האָפענונג אויף דעם וועג צוריק, אָבער די ערשטע, וואָס האָבן זיך נאָך באַגינען אַרויסגעריסן און אַוועק צוריק, האָבן פון ווייטן מודיע געווען:

— זיצט אויף אַן אָרט און שעפּט די מאָס רו, וואָס אַייך איז באַשערט אין לעבן.

„איך האָב אין אַוסטראַליע געטראָפן אַ יוגנט, וואָס האָט שוין דעם כדור הארץ אַרומגערינגלט, אַפילו אין ארץ־ישראל אויך געווען, און האָט דאָך געפונען, אַז מען קאָן שוין פון אַוסטראַליע ווייטער ניט ציען, וויל זי שפירט שויז דעם אָנהייב פון אַ גע־זונטן ישוב דאָרטן.

איך האָב קלאָר אין זיי דערקענט דעם אייגענעם אינערלעכן לאַסט, וואָס עס טראָגט אין זיך דער נישט־ייד, ווען ער קומט אין אַ ווייט און פרעמד לאַנד. זאָגט צו מיר איינער:

— ווייסט איר, אַז אַוסטראַליע איז די שענסטע מדינה, וואָס איך האָב באַגעגנט? און די מענטשן דאָ זיינען די בעסטע, וואָס מען באַגעגנט אויף דער וועלט — פאַרוואָס זאָלן יידן דאָ נישט מאַכן זייער היים?

דער ייד אויף דעם קליינעם קוק־אינזל, וואָס הייסט ראַראָ־טאָנגאַ, האָט געטראַכט פון דעם וועג צוריק און פונדעסטוועגן האָט ער געהאָלפן אַרויפציען די ענגלישע פאָן אויפן אינזל און די יונגע־לייט, וואָס זיצן מיט אַ פאַרבענקט געמיט אין לייען־זאַל און די אויגן זוכן מיט אַ קרענקלעכקייט צווישן די נייס, וואָס קומען פון

אַריבער אַלע זיבן ימען, אויך זיי טרעטן נישט קיין פרעמדע וועגן און ווילן אויך נישט זיין דאָס מיסט, וואָס מיסטיקט אַ פרעמד פעלד.

אָבער ווילנדיק, צי ניט־ווילנדיק געשעט וואָס ס׳געשעט. עס האָט זיך געוויס אין דער ערשטער צייט דער סאַמע ווינטיקסטער אַהער צו די ווייטע לענדער און ווייטע אינזלען געטראָגן. דער סאַמע גרינגער האָט זיך דעם ווינט איבערגעגעבן און געלאָזט זיך טראָגן אין אַ ווייט און פרעמד לאַנד. אָבער די ווינטיקע און גרינגע האָבן זיך מיט דעם זאַפט פון לאַנד אָנגעזאַפט און שווער געוואָרן. אַזוי האָט דאָך געוויס באַדאַרפט זיין.

נאָך מער האָב איך דאָס געשפירט אין דרום־אַפריקע, די ווייטע און אַזוי נאָענטע מדינה. אין יענעם קיבוץ־יידן פעלט כמעט די קרענקלעכע בענקשאַפט, וואָס איך האָב געטראָפן אין נייזעלאַנד און פאַר דער מלחמה אין בראַזיליע. מעגלעך, אַז די לעצטע יאָרן זיינען אין דעם שולדיק. ווייל אין אַוסטראַליע איז דער געדאַנק פונם יידן ניט אַזוי פאַרנומען מיטן אַריבערברענגען משפחה, ברי־דער, שוועסטער, און מאַכן, אַז וואַרעמער זאָל ווערן די נייע היים. פאַרקערט, אין אַוסטראַליע האָט מען זיך ביי מיר צופיל נאָכגע־פרעגט, ווי אַזוי עס לעבט זיך אין אַמעריקע און געוואָלט ביי מיר אויסגעפינען, צי עס לוינט אַהין צו וואַנדערן. אָבער דער איינדרוק איז דאָך נישט געווען, אַז אָט די מענטשן לאָזן זיך שוין אין וועג אַריין. אין דרום־אַפריקע שטראַלט די ליבע אַרויס פון די אויגן ביים יידן, ווען ער רעדט פון דרום־אַפריקע, זיין לאַנד. איך האָב שוין אַפילו געטראָפן די נאָר־וואָס אַריבערגעקומענע פון דער ליטע אָדער אוקראַינע, וואָס זיינען צעטומלט געוואָרן פון דער רחבות און האָבן געבענקט צ ו ר י ק. אָבער וואו איז איצטער דער צ ו ר י ק?

איך אַליין האָב שוין גאָר ניט לאַנג געטראָפן דאָ און דאָרטן אין דער איצטיקער פוילן מענטשן, וואָס זיינען פון פ י י ע ר אַנט־לאָפן און דערנאָך האָט זיי זיך געבענקט צוריק. איך האָב געזען, ווי די בליקן האָבן זיך אויסגעלאָשן און דער יאוש האָט פון דאָרטן אַרויסגעוואונקען, ווייל צוויי מאָל אין לעבן איז שווער זיך אַרויס־צורייסן פון פייער אַרויס. נישט איינעם טראָגט דער אימפעט אַוועק

צוריק אין די חרובע שטעט און שטעטלעך, וואו עס איז אויף אייביק חרוב געוואָרן דער קוואַל פון וואַנען די וואָרצלען האָבן דורות־לאַנג די יניקה געצויגן. שטעט און שטעטלעך בויען זיך אויף. און דאָס, וואָס די ערד האָט צוגענומען פון פלייש און בלוט, ווערט דאָך אויך מיט דער צייט פאַרגעסן. זיכער, אַז דער איצטי־קער וואַנדערער ציט נישט מיט קיין קלאָרן געפיל, אַפילו ווען ער ציט קיין נאָרד־אַמעריקע. אָבער נישטאָ שוין דער קלאָרער געפיל פון דעם צוריק ביי דער ערשטער און בעסטער געלעגנהייט.

עס קומט די צייט, וואָס דער כדור־הארץ וועט פול ווערן מיט קליינע און גרויסע יידישע קיבוצים, וואו די די אַמות פון יעדערן וועלן צו אים היימישער אויסזען. ווער קאָן דען טרויערן אויף דעם? אפשר זיינען מיר ניט ביכולת אויסצומאָלן, ווי אַזוי עס וועט אין דער ווייטער צוקונפט אויסזען דאָס יידישע פנים פון אונזערע נייע ישובים אויף גאָר דער וועלט. איך בין דאָך אָבער זיכער, אַז מיר לעבן אין דעם דור, וואָס עס באַשאַפט זיך דער נייער קשר, וואָס וועט צונויפבינדן די אַלע פאַרוואָרפענע קהילות אונזערע אין אַלע עקן וועלט. איך אַליין רעד דאָך איצטער פון די, וואָס האָבן נאָך זייער היימישע שפּראַך ניט פאַרלוירן און וואָס קאָנען זיך נאָך אינגאַנצן נישט אָפּרייסן פון די טראַדיציאָנעלע פעדים, וואָס בינדן זיי צום גרויסן און צעשפּרייטן כלל. ווייל דאָס הארץ פון יידישן פאָלק אין נאָרד־אַמעריקע בענקט דאָך אויך אַזוי שטאַרק צום שורש. און וואו איז דען דער וועג צוריק פאַר אַזאַ גרויסן כלל? עס קאָן קיינער נישט אָנווייזן אַזאַ נייעם וועג — עס איז גיכער דער אומקלאָרער פאַרלאַנג צו זיך אַליין, אין געשטאַלט פון אַ באַ־נייטן פאָלקס־געפיל, וואָס דער אויסדרוק איז נאָך נישט געפונען געוואָרן, אָבער וואָס דער אויסדרוק ווערט שוין בולט אין היינטיקע טעג. און דאָס איז דער נייער קשר, וואָס וועט צונויפבינדן אונזער פאָלק איבער דער גאַנצער וועלט.

ווייל אַז איך וואַרף איצטער מיין בליק אויף צוריק און באַ־טראַכט אונזערע יידן, וואָס איך האָב באַגעגנט, וואו עס זאָל נישט זיין, צי אין די סטעפּעס פון אַרגענטינע אָדער אין דער טראָפּישער בראַזיליע, צי אין דעם ליבן, געמיטלעכן ניי־זעלאַנד אָדער אין דער

ציקלאָנישער אַוסטראַליע, אין דער זוניקער אַפריקע פון דרום-זייט אָדער אין אַלע ווינקעלעך פון צפון אַמעריקע און קאַנאַדע, — דער איינדרוק איז אַליץ דער אייגענער:

עס איז שוין קיין חילוק נישט, צי די ערד דרייט זיך אַרום דער זון, צי די זון דרייט זיך אַרום דער ערד. וואו די זון וועט אָפּדעקן אַ ליכטיקן פלאַץ אויף דער ערד, אַהין וועט ציען אַ צווייג פון אונזער פאָלק. ציען וועלן מענטשן, וואָס וועלן טראָגן רו אין הארצן, ווי עס טראָגט דער נישט-ייד אין זיין וואַנדערן.

## אינהאַלט: